מנשה האלפערן

# פארמעטן

## זכרונות און שילדערונגען

ארויסגעגעבן פון דעם סאן-פאולער אָפּטייל פון אלוועלטלעכן יידישן קולטור-קאָנגרעס, צוזאמען מיטן הילפס-פארבאנד פון בעסאראבער יידן אין סאן פאולאָ.

סאן פאולאָ 1952 בראזיל

Menashe Halpern

# PERGAMINHOS

(Memórias)

Editado, em comum, pelo Departamento do Congresso Mundial de Cultura Judaica em São Paulo e pela Sociedade Beneficente «Brasil-Bessarabia» de São Paulo.

Printed in Brazil

צום אָנדענק פון מיינע עלטערן שלמה־
צבי און ראכל, מיין מיידעלע חיה׳לע,
מיין בכור נחמיה, מיינע ברידער יואל
און דויד, דער לעצטער אומגעקומען על
קידוש־השם, אין פּראָסקוראָוו, 1919, דורך
פּעטליורעס רוצחים.

# פון די ארויסגעבער

דער סאַן־פּאולער אָפּטייל פון אלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס און דער פארבאנד פון בעסאַראַבער יידן אין דער זעלבער שטאָט, האָבן אָנגענומען א באשלוס צו באערן דעם זקן־הסופרים פון בראזיל, מנשה האלפערן, צו זיין אכציק־יאָריקן געבורטס־טאָג, ארויסגעבנדיק זיין בוך זכרונות און שילדערונגען, אונטערן נאָמען "פּארמעטן".

ביידע אינסטיטוציעס האָבן צוזאמענגעלייגט זייערע כוחות, זיך באַמיענדיק צו ברענגען פאר דעם יידישן לייענער פון בראזיל בפרט, און פון דער וועלט בכלל, א בוך פון אן אָרטיקן שרייבער, וועלכער האָט זיך שוין קונה־שם געווען מיט זיינע פריערדיקע ביכער, און מיט אנדערע ליטעראַרישע און פובליציסטישע ארבעטן, פארעפנטלעכט אין פארשידענע אויסגאבעס.

מנשה האלפערן איז אן אלטער תושב אין אונדזער מדינה, וואו ער האָט במשך לאנגע יאָרן אָנטיילגענומען אין דער אויס־בילדונג פון געזעלשאפטלעך־קולטורעלן פרצוף פון יידישן ישוב.

**דעריבער זיינען פון קולטור-היסטאָרישן ווערט ניט נאָר זיינע זכרונות פון דער אלטער היים, נאָר אויך זיין שילדערונג וועגן דעם אויפשטייג פון קולטורעל-געזעלשאפטלעכן לעבן אין בראזיל, וואָס מיר האָבן אים געבעטן אָנצושרייבן אין דער פאָרמע פון א קורצער אויטאָביאָגראפיע, ביים סוף פון די "פארמעטן".**

**די ארויסגעבער האָפן אז דערמיט האָבן זיי מקיים געווען א גרויסע קולטור-מצוה און האָבן, אויף א ווירדיקן אופן, באערט דעם עלטסטן יידישן שרייבער פון בראזיל.**

סאן-פאולער אָפטייל פון אלוועלטלעכן יידישן קולטור-קאָנגרעס.
פארבאנד פון בעסאראבער יידן אין סאן פאולאָ.

# אריינפיר

איך בין איינער פון די לעצטע גלות-יידן וואָס שרייבן מעמואַרן.

נישטאָ מער דער דור פון וועמעס לעבן איך פארצייכן געשעענישן און וואָס איך שילדער זיין שטייגער.

איך בין נאָך פון די ווייניק פארבליבענע נאָך יענעם אַלטן דור מיט וועלכן איך האָב צוזאמענגעלעבט...

דער אומקום פונעם אייראָפעאישן יידנטום דורך דער לעצטער קאטאסטראָפע, אזוי אויך דער שרעקנדיקער שטראָם פון דער שנעלער שפראך-אסימילאציע און די וואקסנדיקע "וועלטלעכע יידישקייט" וואָס דראָען צו פארטיליקן אלע אונדזערע לעצטע רעשטן פון נאַציאָנאַלער ווערט, זיי האָבן מיך געשטויסן צו פארשרייבן אלץ וואָס מיין זכרון האָט באהאלטן.

דער ניינצנטער יאָרהונדערט — זאָל דאָס ניט קלינגען פאראדאָקסאל, — האָט פאר יידן אין רוסלאנד אָנגעפאנגען זיך מיט די זיבעציקער יאָרן זיינע. מיט דער זעלביקער דאטע פאלט צוזאמען מיין פריסטע קינדהייט.

א שלל רעוואָלוציאָנירנדיקע ענדערונגען זענען אַ־ריינגעטראָטן אינעם יידישן לעבן אין יענעם משך.

מיט דער אנטשקלאפונג פון די אוקריינער, פּאָלעסיער, ווייס־רוסלענדער און אנדערע פּויערים האָבן אויך יידן אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון פּוילישן פּאַן. די דאָזיקע דערשיינונג האָט געפירט צו א נייער היסטאָרי־שער אנטוויקלונג. יידן האָבן אָנגעפאנגען קומען אין באַ־ריר דירעקט מיטן פּויער, דער עיקר־עלעמענט פון דער רוסלענדישער מאסע. יידן דאן האָבן אָנגעפאנגען באזעצן זיך אין דערפער. ווי א רעזולטאט פון דעם פּוילישן פּאנס ירידה איז אויפגעקומען דער יידישער פּאָסעסאָר און מילנער. זיי האָבן געשפּילט א באדייטנדיקע ראָלע אין דער אויסבעסערונג פון דער באָדנווירטשאפט און פארמערונג פון די פיש־און ראקעס־רייכקייט אין די טייכן. די פּאָ־סעסאָרן האָבן געהאט א שטארקן ציוויליזאטאָרישן איינ־פלוס אויף די יידן און פּויערים אין דאָרף, און באזונדער אויף דער יידישער שטעטלדיקער יוגנט. גראָד אָט דער פּעריאָד איז גאָרניט, אָדער שוואך באלויכטן געווען אין אונדזער ליטעראטור. דער היסטאָרישער פּראָצעס אינעם יידישן לעבן דעמלט, אויך די השפּעה פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה צוליב דער באפרייאונג פון די באל־קאנען, האָבן געבראכט אויפלעבונג צו פיל איינגעשלאָ־פענע גייסטיקע כוחות בא יידן.

איך האָב געזען די פארוואָרפונג פונעם זשארגאָן ביי יידן, און די אנטשטייאונג פון יידישער שפּראך און איר ליטעראטור. איך בין געווען ביי דעם אויפקום פון א גרויסער יידישער לייענער־מאסע פון באלמעלאָכעס, דינ־סטן, משרתים, באלעגאָלעס, מארק־זיצערקעס און וואנ־דער־הענדלערלעך, כל ישראל. איך דערמאָן זיך נאָך וועגן דער שנעל רעוואָלוציאָנירנדיקער ווירקונג פון ליִנעצקיס סאטירעס און שמ״רס ראָמאנען אויף יידישער

יוגנט. איך יענע יאָרן האָט מיט שטורם און דראנג אָנגע־פאנגען זיך צווישן קינדער און עלטערן א קאמף פאר וועלטלעכקייט און בילדונג. צום ערשטן מאָל אינעם גלות־לעבן איז דעמלט געוואָרפן געוואָרן אויף דער יידי־שער גאס פינסקערס רוף צו אויטאָ־עמאנסיפּאציע, און די חבת־ציון־באוועגונג האָט אָנגעהויבן שטעלן טריט אויפן יידישן טראקט. און אויך דעמלט שוין האָט די השכלה זיך פארקירעוועט צו די וועגן פון אסימילאציע...

איך בין זינט דעם דרדקי־חדר געגאנגען מיטן שליאך פון מזרח־יידישער טראדיציע, מיטגעפרייט זיך אויף איר רייניגן פון פאנאטיזם און פרעמדפעלקערישע אָנוואוקסן. איך האָב געקאָנט די יידישע מאָראל און מיטגעמאַכט דעם קאמף פאר איר אייגענארט. דער דור, און אויך זיין לעצ־טער נאכקומער, האָבן פארמאָגט מיסטישע כוחות און פולע לעבנס־קראפט פאר פערמאנענטער היסטאָרישער עקזיסטענץ.

מיט דער קאטאסטראָפע זענען אלע אומגעקומען, מיט דעם אומקום איז אָפּגעהאקט געוואָרן דער צוג פון דער "בדמיך" אויסגעשמידטער תקופה. טאקי דעריבער גלייב איך אז זייער עובדא און פארמעסטן מוזן קומען צו די אויגן פון קינפטיקע דורות ניט בלויז צוליב היסטאָרישן נייגער, נאָר גראָד כדי ווערן צו א נייעם אורקוואל פונ־וואנען ווידער צו שעפּן מונטערונג און קאָנען ממשיך זיין אונדזער נאציאָנאַלן קיום.

אויך פון דער ערשטער צארישער פאָגראָמען־כוואליע בין איך געווען עדות, און פון דער באלדיק־פארשטארק־טער און שטורמדיק־שנעלער גרויסער עמיגראַציע פון יידן קיין אמעריקע.

אָט אזוי, לייענערס, נעמען ארום מיינע זכרונות א וויכטיקן פעריאָד אינעם יידישן לעבן, אָנהייבנדיק פון

די זיבעציקער יאָרן און גרייכנדיק ביז דער צייט ווען אויף אונדזער היסטאָרישער בינע איז דערשינען הערצל...
איך רוף אָן מיינע מעמוארן "פארמעטן" ווייל פארמעטן זענען זיי צום אוועקלייגן אויפן פונדאמענט, אונטער דער מצבה פאר יענעם דור, וועלכן איך שילדער.

דער מחבר

פערטער יאָר פון מדינת ישראל, סאן פאולאָ, בראזיל.

א הארציקן דאנק דער וואוילער יידישער טאָכטער, שרה טשערעשניא, פאר איר טעכנישער ארבעט צו פארלייכטערן מיר די פיין פון אויספעל אין מיין ראיה.

# קאפיטל איינס

צוויי זיינען זיי געווען אין די פינף און זעכציקער און פינף און אכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. ביידע פאַרביר־גערט אינעם זכרון פון מיינע עלטערקאַלען.

איינער האָט געהייסן יצחק יואל לינעצקי און דער צווייטער נחום מאיר שייקעוויטש, וועמעס פסעוודאָנים אין די ענד־אותיות איז געוואָרן ש מ״ר.

דער שטייגער אינעם יידישן לעבן קודם לינעצקין איז געווען צווילינג־ענלעך מיטן שטייגער פון פריערדיקע דורות. לגבי באַשטענ־דיקיים אינעם אַרט לעבן, דענקען און התנהגות. אַזוי אין שטוב, אַזוי אין גאַס. אַלץ איז געווען אומגעענדערט ווי דער אויסזען פון אַ שטייענדיקן וואַסער (סטאַוו), ווי דער אינהאַלט פונעם דאַווענען. אַ שטיין האָט דעם סטאַוו צעבויטעט, אַ קאַטאַסטראָפע האָט דאָס לעבן צעשויבערט...

ביז עטלעכע צענדליקער יאָרן קודם לינעצקין, האָט נאָך עק־זיסטירט אין יידישע שטעטלעך דער ״חטאות הקהל־שטיבל״ צום באַשטראָפן דעם חוטא אנטקעגן רעליגיעזע פאַרבאָטן און אנטקעגן איינפירונגען און באַפעלן פון ראשי־הקהל, אין זייער דיקטאַטור. מ׳האָט נאָך אין ״קונע״ געשטעלט און אין באַזונדערע פאַלן אויך געשמיסן...

שוין קודם לינעצקין האָבן אָנגעפאַנגען ווירקן, הגם זייער אומ־באַדייטנדיק, די משכילים מיט זייערע אויפקלערונגען. דער אויפקום דערפון פאַלט צוזאַמען מיט דער דערשיינונג פון רב יצחק בער לעווינזאָן, דער באַשעפער פון השכלה אין אוקריינע (רעזידענץ קרעמענעץ, וואָלין). די צאָל נאָכפאָלגערס איז אינעם פאָלק געווען גאָר גאָר קליין.

לינעצקי איז פאַר אונדז, און אַ דור שפּעטער, געווען דער צייכן פון אַ זמן וואָס האָט געענדערט דעם אויסקוק פונעם יידישן לעבן און דעם געדאַנקענגאַנג אין אים. ער, לינעצקי, איז במשך פון אַ לאַנגער צייט געשטאַנען איבערן ציפער־בלאַט אויפן זייגער און באַוויזן דעם צייטלויף, געפירט דעם ווייזער און אויסגעקלונגען די שעה. ער איז געווען דער זון פון אַ רב (לויט אַ סברא אַן אייניקל פונעם ליניצער רבין), דערצויגן געוואָרן אין וויניצע, אַ קרייז־שטאָט פון פּאָדאָליען. צופעליק איז ער געקומען אין באַריר מיט די אָרטיקע משכילים, שנעל דערבליקט דעם פּאַרפּליוועטן זומפּ, די גערופענע (דורך מענדעלען) ״גנילאָפּיאַטעווקע״, און אַ שליידער געטאָן אַהין דעם גרויסן ״שטיין״ — דאָס ״פּוילישע יונגעל״ און דערמיט גע־מאַכט די גרויסע רעוואָלוציע אינעם יידישן לעבן פון יענער צייט...

כאַראַקטעריסטיש איז דער באַקאַנטער וויץ וואָס דערציילט ווי יצחק־יואלס פאָטער, דער וויניצער רב, האָט אָנגעכאַפּט דעם לאָץ פון זיין זון און אויסגערופן ״דבוק, אַרויס פון מיין זון״, און דער זון האָט אָנגעכאַפּט דעם פאָטערס לאָץ און געענטפערט — ״שוטה, אַרויס פון מיין טאַטן״...

לעווינזאָן און זיינע בני דור האָבן ניט באַוויזן צו דערגרייכן אַ הונדערטסטן־חלק פון דעם, וואָס ס׳האָט אין אַ קורצער צייט דער־גרייכט לינעצקיס ״לאַך״, וועלכן די משכילים האָבן אין בית־המדרש באַצייכנט מיטן שפּאַס פון אַ וואַריאַציע, דער העברעאישער ״לחלת וחבר״ אויף ״לאַך, לאַך און בלייב אַ חבר״...

און שמ״ר, ער איז צום יידישן לייענער געקומען נאָך לינעצ־קין, געקומען זיינען אויך אַנדערע קודם נאָך, און בעת דעם ״פּוילישן יונגעל״. און מיט שמ״רן צוגלייך. פון זיי אַלע זיינען אונדז פאַר־בליבן קלאַסיקערס צוליב זייער גאונישקייט, אָבער איינער ניט פון

זיי האָט אזא ווירקונג געהאט אויפן לייענער און איינער ניט פון זיי האָט אזא פארדינסט פאר דעם אויפקום פון דער מאָדערנער יידישער שפּראך און איר גרויסצאָליקער מאסע פון לייענערס. ער האָט אין א באמת קורצן זמן פארוואנדלט דעם זשארגאָן אין א שפּראך. ער, דער ערשטער און אויף דעם געביט דאן דער שטארקס־טער. האָט פאראינטערעסירט דעם לייענער, אים צוגעשמידט צום בוך בכלל, און געצוואונגען אים זיך אויסלערנען לייענען יידיש. אין רעזולטאט, האָט מען אין עטלעכע יאָרן ארום דערזען פארשידנע דערפרייענדיקע דערשיינונגען אויפן ליטעראַרישן געביט, הגם ניט שמ״ר איז געווען זייער דירעקטע סבה. לצים, אליץ פונעם יידישן קלוב, דער בית המדרש, האָבן געזאָגט אז ניט נחום מאיר האָט באדארפט זיין דער נאָמען פון שמ״רן, נאָך ברוך — ״ברוך משנה עתים״...

שמ״ר האָט געשריבן, ריכטיקער — פאבריצירט, ראָמאנען און פּיעסן. דער עיקר זיינען פאר אונדזער דור געווען די ראָמאנען. די פארוואָרפענע פּראָווינץ האָט אפילו ניט געוואוסט אז שמ״ר איז א ״טריאמפער־שראבער״.

גאָר באזונדער האָט שמ״ר געווירקט אויפן באלמעלאכישן שיכט, וועלכער איז געווען דער ״דעמאָקראטישער״ צווישן דעם גרויסן ים מיט אלצאיינע, אימער דיזעלביקע פיש. ״פאילגע״ אזוי האָט מען גערופן דעם שניידעריונג באם שניידערטיש, און אזוי, בערך, דעם באלמעלאָכע בכלל, אפילו דעם האפערדיקן יוגנטלעכן אינעם באלעבאטישן קלאס; פאילגע האָט געהאט שבח פון רעלאטיוון ״חרם״: — ״מיט קיין פאילגעס זאָלסטו זיך ניט פירן!״ פון א פאילגע האָסטו ניט וואָס אָפּצולערנען זיך!״ פאילגע האָט ליב גע־האט א ״געזאלצענעם״ אנעקדאָט, א ציניש ווערטל, געזונגען ליד־דער, ״געסמאליעט״ דאָס שפּראָצנדיקע בערדל אויפן פנים, פאר־דרייט צומאָל א וואנסיע ארויף, און, דאָס שרעקלעכסטע פארן באַ־לעבאס, ליב געהאט כיטרע אונטערוואונקען א מיידל...

— איך מיין ניט צו זאָגן אז זיי זיינען, חלילה, אויסגעלאָזט, פאָרט יידישע יינגלעך, נאָר דאָס שמייכעלע — א נעכפּע זאָל דע־רויף קומען מיט פאילגע צוזאמען...

מיין זכרון טראָגט מיר אונטער מענדעלעס העברעאישן "האבות והבנים" דעמאָלט נאָך פון שלום יעקב אבראַמאָוויטש, און די "שין שאָקן" ימח־שמו פון חסידים דערויף. אָבער די צאָל לייענערס זיינע איז נאָך אַזוי קליין געווען אַז צום אויער אפילו פון פּאַילגע איז ער ניט געקומען. ניט באַלד איז מענדעלעס נאָמען באַקאַנט געוואָרן צו דער מאַסע. זיינע ווערק אין יידיש זיינען מתחלה געלייענט געווען פון זיינע לשון־קודש לייענערס, וועלכע האָבן זיך געחידושט ווי קומט מענדעלע צו שרייבן זשאַרגאָן. זיי, די משכילים, האָבן אפילו באַטראַכט מענדעלעס יידיש אין דער "קליאַטשע" פאַר א תחנה־לשון, און גראָד צום אָפּלאַכן פונעם זשאַרגאָן. אַנדערש האָט א משכיל דעמאָלט ניט געקאָנט באַנעמען אַזאַ דערשיינונג, עס איז געווען אין דער צייט פון דער שטרענגער דיפערענצירונג צווישן דער "גבירה" העברעאיש און דער "שפחה" זשאַרגאָן...

אין מיין משפחה, פון יידן וואָס האָבן "אַריינגעקוקט" אין א ספר און געווען באַטראַכט אַלס "איידעלע יידן", איז אבראַמאָוויטשעס נאָמען ניט דערמאָנט געוואָרן. געלייענט האָבן די דאָזיקע יידן בסוד סודות "דאָס פּוילישע יונגעל", און געליינט האָבן בני־בית שמ״רס ראָמאַנען. לינעצקין האָט מען אין דער יידישער שטוב גערופן "שלאַק פון גאס", שמ״רן "מיניסטערקאָפּ". וועגן לינעצקין איז די אָפּשאַצונג געווען "ער ווייסט דיר איבער אַלצדינג", וועגן שמ״רן — "ער טראַכט דיר אויס אַזוינע חלומות אַז דער קאָפּ דרייט זיך דיר ווי א ווינטמיל". און ווי פאַרשידן עס זיינען אין זייער גייסטיקן פּרצוף די צוויי, פּלעגן דאָך זייערע נעמען גיין צוזאַמען ווי באַם בנין דער טעפּלער מיטן מויערער...

שמ״רן האָט נאָך די יוגנט צוגעגעבן די מעלה פון אַנטדעקן וואָס אַזוינס איז ליבע, ווי אַזוי ליבט מען און ווי "שפּילט מען א ליבע מיט א מיידל", ווי אפילו מע דערקלערט זיך אין ליבע...

מיין מוטער האָט מיר געזאָגט: — ווער האָט דען אַמאָל גע־שפּילט א ליבע? און מיין פאָטער האָט מיר געענטפערט: — האָסט שוין גאָרניט קיין פיינערע שאלות צו פרעגן?...

האָבן טאַקע די עלטערן פון מיין דור ניט פאַרשטאַנען וואָס הייסט ליבע, ניט געווען באַקאַנט מיט דער שפּראַך אירער?...

אפשר ניט. א קוק אויף דער זייט צו א מיידל האָט געגרענעצט מיט הפקרות. א קוק פון א מיידל צו א בחור איז אוודאי געווען א זעלטענע זאַך. אזעלכע אנאָמאַלע דערשיינונגען האָבן געטייטשט — תאוה. און תאוה איז בא יידן געווען מיאוס און געהאסט. איך געדענק ניט א פאַל פון מיין קינדהייט ווען א חתן זאָל האָבן געזען זיין כלה קודם תנאים, אָדער אפילו, הגם זייער זעלטן, קודם חתונה. בא א געוויינלעכער באגעגעניש אינעם זעלביקן שטעטל, האָט דער חתן געכאַפּט א וואָרט מיט דער כלה, ווי צוויי גנבים וואָס ווילן ניט אויסגעבן איינער דעם אנדערן. חתן־כלה אינעם זעלביקן שטעטל האָבן געקאָנט באגעגענען זיך און רעדן דורך זייערע ברידער און שוועסטער; דער כלהס ברודער מיטן חתנס שוועסטער, דעם חתנס שוועסטער מיט דער כלהס ברודער...

— הער, יאנקל, — פלעגט מען, למשל, הערן זאָגן — איך האָב ערשט באגעגנט דיין כלה...

דער בחור איז רויט געוואָרן. יוגנט ארום האָט צוגעשמייכלט. אן עלטערער באלעבאָס האָט געפרעגט ברוגז: — איז מאי קא משמע לן? ער ווייסט ניט אז ער האָט א כלה?...

די מעגלעכע באגעגענישן פון חתן־כלה זענען געשען צוליב דעם וואָס משה רבנו האָט ארויסגעפירט די יידן פון מצרים און זיי אומגעשלעפּט א יאָר פערציק אין דער מדבר. די מעגלעכקייט האָט געקאָנט צומאָל קומען אינעם זכות פון די מכבייער. ״אויף די אנדערע טעג יום־טוב״, סיי פסח, סיי סוכות, און צומאָל חנוכה, האָט א צד איינגעלאַדן אָדער געשיקט ברענגען די כלה אָדער דעם חתן. מערמאָל האָט דאָס געטראָפן מיט חתן־כלה צו זייערע צוועלף־פערצן יאָר. עלטערע האָט שוין ניט געפּאסט צוזאַמענצופירן. ווען מיין פאָטער האָט איינגעלאַדן די כלה מיינע צו די צווייטע טעג פסח, ביי אונדזער זיבעצן־יאָריקער עלטער, האָט דער מחותן גע־ענטפערט: אז ״במקומנו פאסט ניט טון אזא זאַך מיט דערוואקסענע קינדער״...

דער אינטערעס פאר לינעצקים, און מער נאָך שמר״ס א בוך איז געווען אזוי ברענענדיק, אז די נויט האָט געצוואונגען פיל זיך צו זוכן א פירלייענער. די פּאָזיציע פון די פירלייענערס איז געווען

א בכבודיקע. זייער עלטער איז געווען צווישן צען און פערצן יאָר. עלטערע — גמרא־בחורים, — איז דער ענין שוין נישט אַנגע־שטאַנען, אין דער ערשטער צייט פון דער געשילדערטן זמן. מע וואָלט אַזוינע געטאַדלט אַלס ״הולטאַיעס וואָס ווילן זיין צווישן מוידן״. די ערשטע צוהערערס זענען געווען שוועסטערס, שוועגערנס, שכנהשע פּרויען, יוגנט און נאָנטע באַקאַנטע. צוגעהערט האָט צומאָל א טאַטע אריינקוקנדיק אין זיינע חשבונות און מאַכנדיק זיך ״כלא ידע״. לינעצקי — ״א שלאַק פון גאָט״, — האָט געהאַט מזל צו מאַכן לאַכן דעם עולם איידער נאָך דער פּירלייענער האָט געעפנט דאָס מויל. ווינטער־נעכט זענען געווען די באַשערטע ממש פון גאָט צום פּירלייענען. א גרויסע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דעם ענין האָט געשפּילט דער ״שבת נאָך טיש״ אין די ״סטאָליצעס״ (קרוינפּלעצער). וועלכע זענען פאַר לאַנגע יאָרן שוין געווען באַקאַנט אינעם פאָלק איידער נאָך עם זיינען געקומען לינעצקי און שמ״ר; אויך די ״פּרע־היסטאָרישע״ יוגנט האָט געמוזט האָבן א מקום צום פאַרברענגען ״פּריי״ א פּאָר שטונדן צוזאַמען. דעמלט האָט מען געקנאַקט רויזנקערלעך און געזונגען לידער, אָדער ״דורכגעזופּט״ די נייעסן און סענסאַציעס פונעם נגידישן לעבן...

אין סטאָליצע האָט מען פאַרגעלייענט די ראָמאַנען פון שמר״ן און זעלטן די ווערק פון זיינע נאָכמאַכערס, בוכבינדער און בלאָושטיין. פאַרגעלייענט האָט מען זייער אָפּט צום וויפלטן מאָל א ״גוט שטיקל״ פונעם ״פּוילישן יונגל״, ווי די באַשרייבונג פון דער כלה וואָס ״קוקן איר אין פּנימל וואָלט מען געקאָנט מיט אויגן וואָס זאָלן האָבן זייער פּלאַץ אין די קניען״, אָדער די געשיכטע פון ״רב אייבישעס מיצל״ וואָס איז נאָך זיין אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל נאָכ־געקראָכן אים, געווים ניט זייער שנעל, ווייל ערשט אין ״אַכצן יאָר אַרום איז דאָס אָנגעקומען קיין ירושלים גראַד צו דער קבורה״ פון רב אייבישן...

עולם האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער...

— אוי, א רוח׳ן זיין טאַטן, לינעצקי לץ...

— עי, איר, שילט ניט אין טאַטן — האָט אָנגעשריען די באַלעבאָסטע פון דער סטאָליצע, — זיין טאַטע איז געווען א רב...

צו טיטולירן לינעצקין ווי א סאטיריקער, אַדער קאָמיקער, האָט נאָך די "סטאָליצע" ניט געוואוסט. מ'האָט אים גערופן לץ. דעם נאָמען האָט בא יידן געטראָגן דער "פריילעכער שד וואָס טוט רק אָפּ שפּיצלעך". משכילים האָבן געזאָגט אז דעם שד האָבן אויסגע־טראכט פריילעכע קבצנים...

אין מיין קינדהייט האָט לינעצקי געהאַט שוין א שטיק פּאָזיציע אינעם פאָלק ווי הערשל אָסטראָפּאָליער. עס פלעגט שוין אפילו אַן אומגעוואגטער ווערטלזאָגער אים צושרייבן זיינע אַן אייגענע "חכמה" כדי מאכן זי וואגיקער. פון די ווירקלעכע גיב איך דאָ א מוסטער: אין וואגאָן איז אריין א באקאנטער נגיד. דער עולם האָט אים געמאַכט פּלאַץ, אָבער זיך ווייטער צוגעהערט צו די ווערטלעך פון לינעצקין, וועלכער איז אליין געווען צווישן די רייזנדע. דעם נגיד האָט דאָס באליידיקט.

— ווער זיינט איר דאָס, רב ייד, אזא לץ וואָס האלט דעם עולם אין די זשמעניעס?...

— לינעצקי...

— איר טוט זיך א זאָג אָפּ לינעצקי, ווי גלייך א גאנצע וועלט, איז מחויב צו וויסן ווער דאָס איז...

— אך, אזוי גאָר, איר ווייסט ניט ווער לינעצקי איז? טוט, זייט מוחל, א פרעג ביי זיך אינדערהיים בא אייערע קינדער. זיי קאָנען מיך געווים...

בעת מיין ערשטער געגענונג צום יידישן בוך האָב איך מיך געדעכנט שוין צווישן די משכילימלעך, געקאַנט פּערזענלעך זייערע פירנדיקע פארשוינען אין דעם גרעניץ־שטעטל סאטאנאָוו, און אויך וואָלאָטשיסק, טשערנאָסטראָוו, פּראסקוראָוו, אפילו א פּאָר פון אַלטקאָנסטאנטין (גאָטלאָבערס און גאָלדפאַדנס). מיר געדענקט זיך זייער "קאמף" אנטקעגן "גוטע־יידן" און חסידים. א שטילער קאמף, באוואָפנט מיט אנעקדאָטן, א פּאָר מאמרים פון דער גמרא, א גע־וואָרנטער אָפּלאָך פון פארשידענע אָבערגלויבנס און שטות'יקע מנהגים, דאָס אַלץ. בסתר פלעגן זיי עובר זיין אויף א "לאו" מיט א קליין למד'ל. פון די גרויסע עברות איז שוין געווען דער "שבת־דיקער ציגאר". וואָס אנדערע, פחדנים, האָבן מקיים געווען דורך

אריינבלאָזן פריטיק א סך ציגאַרן־רויך אין א פלאַש און שבת בסתר "אָנשמעקן" זיך. זיי האָבן שוין געהאַלטן פון א קוש טון א מיידל, ווען זי איז דערמיט געוואָרן א משכלת; אָבער א קריסטלעכע מיידל — חלילה מיט "צוויי חת'ן". אלע האָבן געלייענט דעם "המליץ" און דאָס ביסל העברעאישע ספרים וואָס האָבן געהערט צו דער נייער ליטעראַטור. אגב זענען זיי — לויטן אויסדרוק פון חסידים, — געווען "זייער גרינג" אויף די שטונדן נאָך פליישיקן ביז מילכיקן. א "מנחה" איז ביי זיי געווען שוין אן ענין צום דורכלאָזן, אפילו א "קריאת־שמע", אָבער תפילין האָבן זיי געלייגט. ניט געטראָגן ביי־טאָג דעם טלית־קטן, נאָר אָפט אים אָנגעטאָן צום שלאָפן. זיי פלעגן זיך אָפּטירוצן מיט דער רגילות צו דאַווענען. זיי צו כאַראַקטעריזירן וועט דינען דער פאַלגנדיקער שפּאַס: צו חיים גיסנעט אין טשער־נאָסטראָוו זענען אויף א שבת געקומען די פּירנדיקע משכילים, וועוויק פעלדבערג פון אלטקאָנסטאַנטין, לייזער הויכמאַן פון פּראָסקוראָוו און שמחה סאָס פון סאַטאַנאָוו. אלע זענען געגאַנגען אין שול מקבל שבת זיין, געמאַכט אינדערהיים קידוש, געבענטשט נאָכן עסן, און

— פאַררויכערט ציגאַרן. גיסנעט, דער באַלעבאָס פון שטוב, ניט.

— חיים, דו רויכערסט ניט שבת?...

— נאָך ניט, — האָט געענטפערט חיים.

— וואָס דען טוסטו?...

— איך שרייב...

דער אנעקדאָט שטאַמט פון דער זעלביקער חברה, די דערמאָנטע געסט בא חיים גיסנעט.

לינעצקי האָט געשריבן אויך פּיעסן, אַרטיקלען פון השכלה־כאַראַקטער וכדומה, אָבער זיין נאָמען איז געבליבן פאַרבונדן מיטן "פּוילישן יינגעלע". ליב געהאַט האָט מען זיינע לוח'ן געוויינלעכע קאַלענדאַרן, מיט צושמעלצן פון הומאָר, אונטערן "דעקטוף" (פּסעוד־דאָנים) "דער בייזער מאַרשעליק". אים האָט מען געזוכט, פון זיינע חכמות געלעקט די פינגער און דערביי אלעמאָל באַמערקט מיטן שטאָלץ פון א וויסער — "דאָס איז דאָך לינעצקי פונעם "פּוילישן יונגל"...

מיר, די האלב־השכלהדיק דערצויגענע יינגלעך, האָבן זיך גע־מאטערט איבער מאמרים פונעם "הבוקר אור" און געלערנט תנ"ך "מיטן מלבים", וועמעס קאָמענטאר איז דעמלט געהאלטן געווען פאר א שטיק אפיקורסות. מיר האָבן געלערנט אויך, הגם זעלטן, מיטן ביאור פון מענדעלסאָנען, וועלכער איז פון מיין פאָטער־דור באַ־טראכט געווען פאר א "מסוכנעם אפיקורס". אָבער דאָס אלץ האָט נים א צענטל ביי אונדז אויסגעפועלט ווי דער שפאס פון לינעצקין, וואָס האָט בא אונדז אויסגענומען, אָפגעקלונגען, צונישט געמאכט די הייליקייט פון הונדערטער חסידישע מעשות, זייער פיל געמינערט די אויטאָריטעט פון טאטעס, די הערשערס איבער אונדז...

מאני דלוגאטש, פון אלטקאָנסטאנטין, האָט מחבר געווען א "וועלט־מסורה" אינעם סטיל פון בית המדרש־הומאָר, א זייער באליבט ווערקל צווישן דער אונטערוואקסנדיקער יוגנט, א מקור צום נאָכזאָגן ווערטלעך און מחבר זיין אליין אזעלכע. מאני דלו־גאטש'ס "וועלט־מסורה" האָב איך מער ניט געזען אין מיין לעבן. עס איז געווען אן אוצר פון פאָלקלאָר וואָס ער האָט געווים געשעפט פונעם בית המדרש. ער, אגב, האָט באַרייכערט דעם פאָלקלאָר דעמלט מיט א "שלום עליכם": — שלום עליכם, מלאכי השלום, מלאכי השרת, מלאכי לינעצקי".

אין יענע צייטן אויך איז הימניזירט געוואָרן גאָלדפאדנס באַרימטע ליד "שטיי אויף, מיין פאָלק, ערוואך פון דיין דרימל". דאָס פלעגט אזוי אָפט און אזוי ליב געזונגען זיין ווי שפעטער "די סאכע" און "געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאזאָליעס" (צונזער און פרוג). אלץ האָט געווירקט און געוועקט און גערופן צו נייעם לעבן...

גמרא־מלמדים, די ריכטיקע גוואַרדיע צום איינהיטן דעם אלטן שטייגער, האָבן שטארק מתרעם געווען אויף די אלע דערשיינונגען, דאָך בסתר אָנגעהויבן "כאפן א קוק" אין א ספר פון לעווינזאָהנען, צוהערן מיט "איין אויער" א משכילישע הקירה. אָבער, דערמאָנענ־דיק זיך אָן זייער חדר־ראָל, פלעגן זיי מאכן א געצוואונגענעם בטול־שמייכל...

יאָרן דערוויל זענען געלאָפן. לינעצקין האָט מען מער ניט באַ־דארפט. ער איז צוביסלעך פארגעסן געוואָרן אין די קרייזן פון מיין

דור. ער וואָלט אפשר גאָר איגנאָנצן אראָפּ פון דער סצענע ווען ניט שלום עליכם וואָס האָט אין זיין ״ביבליאָטעק״ אָפּגעדרוקט א הומאָ־רעסקע פון לינעצקין ״דער וואָרעם אין כריין״: דער לייענער האָט זיך ממש מחיה געווען. די הומאָרעסקע האָט מחיה מתים געווען דעם אַלטן יצחק יואלן. צום באדויערן האָט לינעצקי גופא אויפגענומען דעם ענין מיט צער, מחמת די הומאָרעסקע איז ״מאָדערניזירט גע־וואָרן״. דאָס האָט באוויזן דער איבערדרוק אירער אין דעם סטיל ווי דער אויטאָר האָט זי אָנגעשריבן. די שאפונג האָט דערמיט פאר־לוירן בא דעם יונגן לייענער. זי האָט אָבער דערמאָנט אינעם מחבר פון ״דאָס פוילישע יונגל״...

לינעצקין האָב איך צום לעצטן מאָל באגעגנט אין אָדעסער ״בראָדער שול״ צו תקיעות.

— רב יצחק יואל, ווי ציילט מען אויס ריכטיק די זיבן מאָל ״למנצח״?...

— גאָר לייכט, — האָט ער מיר געענטפערט מיט א געלעכטערל, — שפּילסטו אין א ״66״? נו יאָ, טאָ לייג א קאָרט אויף א ״זיבעלע״ און נאָך יעדן למנצח לאָז ארוים אן ״אויגל״...

אָבער לינעצקי האָט זיך ניט פארענדיקט אפילו מיט זיין טויט. אין 1925 האָב איך געלעבט אין ווין און פלעג זיין אן אָפטער גאסט אין די יידישע בוכהאנדלונגען. האָב איך אמאָל דערבליקט גאנצע סטויסן מיט דעם ״פוילישן יונגל״. כ'האָב ממש אויסגעשריען — גאָט מיינער! לייענט מען נאָך ״דאָס פוילישע יינגל״?...

— הלוואי אויף אלע ביכער געזאָגט — האָט מיר געענטפערט דער בוכהאנדלער, — טוט נאָר א קוק וועלכע אויסגאבע דאָס איז. פאר א קורצער צייט, לערך...

— די אכטע, — האָב איך אויסגעלייענט אויפן קול, — אָבער ווער לייענט דאָס?...

דער בוכהאנדלער האָט מיר מיט א שמייכל דערקלערט אז יענע וואָס קאָנען נאָך ״רב איבישעס מיצל״...

---

## קאפיטל צוויי

צו דער צווייטער העלפט פון די זיבעציקסטע, און במשך פון די אכציקסטע יארן אינעם נייצעטן יארהונדערט, איז אונדזער רעדשפראך געווען א זשארגאן, געדיכטלעך געמישט מיט סלאווישע ווערטער און ״אונטערגעשלאגן״ — אין גאליציע און טשעכיע — מיט ״דאטש״. דער זשארגאן האט זיך געהאלטן אומגעענדערט במשך דורות, ווי דער שטייגער פון יידישן לעבן אין שטוב, גאס, בית המד־רש און אין געזעלשאפטלעכע זאמלפלעצער. אזוי אומגעענדערט איז תמיד געווען די חתונה, ברית, בר מצוה, קעסט ביי עלטערן, אופנים פון ״ווערן״ באלעבאטים, זוכן מקורים פון חיונה און אלץ מיט אנאנדער פון ששת ימי בראשית ביזן סאמען עולם ועד...

לינעצקים יידיש איז געווען פאר אונדז, די אויפקומענדיקע, באַ־בע־לשון און זיין סטיל זיידע־נוסח. ״פאיעזד״ און ״פאציאנג״, ״פריאטנע״ און ״פשיעמנע״, ״דזיענקויע״ און ״ספאסיבא״. אפילו דער ווערטל צום בארעכטיקן עם־הארצות ״ניע דאברע לייענעלע, אליע דאברע מיינעלע״. אויסגעזען צו זיין אן ״אשרי״־נוסח האט אויך דאס יידישע בריוול: אלע האבן אנגעפאנגען מיט ב״ה (ברוך השם) יום פונעם חודש, די סדרה פון דער וואך און דאס יידישע יאר מיט לפ״ק צו דער ענדע. טיטולירט ״לידידי הנגיד המפורסם, חכם ונבון, הלא הוא ר׳ און אזוי ווייטער. אינעם ״ראשית״ האט מען

געמאָלדן דעם צושטאנד פונעם געזונט און פארענדיקט מיט ״דאָס נעמלעכע צו הערן פון דיר, אמן״. נאכן טעקסט: — ממני, פון מיר דיין... און די חתימה.

משכילים, אויך לומדים, האָבן דעם זשארגאן גערופן ״שאגראן״ (א מין שוך־לעדער) לגנאי. אויך די העברעאישע צייטונגען ״קול מבשר״ און — שפּעטער ״המליץ״ האָבן זיך ניט געצאצקעט מיטן ״וואַבערשן לשון״. ווען עס האָט זיך געהאנדלט אין דער דיפערענ־ציאציע פון די שפּראכן האָט לשון קודש געהייסן ״גבירה״ און זשארגאן ״שפחה״. הארנמע און דינסט־מויד. דעם ארונטערגעפּאַ־לענעם ״ספר״ (העברעאישער בוך) האָט מען אויפגעהויבן ביראת הכבוד און געקושט ווי מהילה בעטנדיק, דאָס ביכל — ״א ביכל קושט מען דען, דו?״...

ביז צו שמ״ר יאריד. ער, א משכיל און א שטיק אייראָפּייער צוליבן לייענען דייטשישע ביכער, האָט אָן שום ספק פיינט געהאט דעם זשארגאן. זיין לוסט צו ווערן א מחבר זעט זיך אָן אין זיינע ערשטלינג־דערציילונגען אינעם ״הבוקר אור״, העברעאישע חודש־שריפט, רעדאגירט פון אברהם בער גאטלאבער (״כויה תחת כויה״, ״טעות גוי״ און ״מומר להכעיס״). די התחלה האָט אים גלייך גע־געבן כבוד פון א שרייבער אין לשון קודש, קיין געלט געווים ניט. דער ארויסגעבער אליין פונעם ״הבוקר אור״ איז געווען א קבצן ״אויף דריקעם״. מעגלעך אז שמ״ר האָט געשריבן אויך שירים אין העברעאיש, די דאָזיקע ״קרענק״ איז פאר משכילים געווען דאן ממש אן עפּידעמישע. געמוזט האָט ער זיין א עמך־מענטש, ווי אלע מש־כילים, דאָס איז צו מערקן אין זיין ווייטערדיקן שאפן.

די לאגע פונעם העברעאישן מחבר איז צו יענער צייט געווען א קלאָגעוודיקע. א ספר האָט זיך געדרוקט אין קוים געציילטע פאַר הונדערט עקזעמפּלארן, האָט געהאט א גאַר קליינעם אָפּגאנג ביים ״קורא יקר״ (טייערער לייענער), איין עקזעמפּלאר אין א שטעטל האָט אָפט געקלעקט פאר דעם שטעטל און פאר נאָך איינעם א שכ־נה׳שן. דער מחבר פון א העברעאישן ספר האָט זיך ביים פאָלק דערדינט צום טיטל פון א ״בעטלער מיט א זיידענער טאָרבע״ און אויב זיין אשה איז ניט געווען אן ״אשת חיל״ האָט דער דלות

געקאָמאַנדעוועט ביי זיי אין „אַלע טעפּ". שמר"ן איז מיט זיינע עטלעכע קורצינקע ספּורימלעך אין לשון קודש דאָס לעבן ניט געוואָרן זיסער. די משפּחה פון זיין פלונית — לויט זיין טאָכטער דער־ציילט — האָט אים ניט אָנגעזען מיט סימפּאַטיע און די „עין הרע" פלעגט אים ניט וויניק שעדיקן. ער איז אַוועק קיין ווילנע וואוהין עס האָבן זיך דעמלט געצויגן אַלע „געשטראָפטע" — מיט שריי־בעריי — משכילים. עס לאָזט זיך גלויבן אַז מיט פּוסטע טאַשן איז ער געקומען בלויז לגבי געלט, אָבער ניט לגבי העברעאישע חבורים, און געוויס אויך שירים. געגאַנגען — זאָגט אַ יידישער ווערטל — איז אים „דורך טיר און דורך טויער", מיינענדיק דערמיט אַז געגאַנגען איז ער גופא דורך טירן און טויערן און דערבליקט דעם „זיידענעם" דלות. אים האָט אַ דרוקער געמאַכט אַ פאָרשלאַג צו־שרייבן דערציילונגלעך אין זשאַרגאָן. איך מוז איצט אַ טראַכט טאָן מיט רחמנות וועגן שמר"ן, ווי דאָס האָט אים געקאָנט באַליידיקן און ווי טאָן אָנצונעמען דעם פאָרשלאַג. זיין ערשט דערציילונגל וואָס האָט בא אים געדויערט אָנצושרייבן „פון אסתר תענית ביז פּורים" איז באַצאָלט געוואָרן לויט יענע צייטן מיט אַ וואָגיקן מקח. דער דערפאָלג האָט באַשאַפן אַ באַלדיקן נייעם פאָרשלאַג און ניי געלט צום לעבן, באַלד געוויס אפילו צום שיקן אהיים, צום ווערן דער חשובער איידים, דער „פאַרדינער". „דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן", די לוסט צום שרייבן אין זשאַרגאָן איז געקומען טאַקע צוליבן ווערן דער „פאַרדינער" און — עס גלויבט זיך אַזוי — צוליב דער וואַק־סנדיקער פּאָפּולאַריטעט אין דער מאַסע וועלכע האָט אים אויפ־גענומען מיט הארציקער אָנערקענונג. שמ"ר האָט אין יענע בעסע־רע טעג זיינע געמוזט דערשפּירן צוגלייך מיט דער עקאָנאָמישער הרחבה אויך די קינסטלערישע באַלוינונג, דער „שם". ער האָט געמוזט דערזען אין דער לייענער־מאַסע די פּאָטענץ צום אויפנעמען ליטעראַטור און איז געוואַקסן בא זיך אין די אויגן. דער פּראָצעס פון צונויפוואַקסן זיך מיט דער מאַסע האָט אים באַשאַפן, ווי ער באַשאַפט דעם העלד אין זיינעם אַ בוך.

דער משכיל אין שמר"ן האָט ניט פאַרגעסן די „האַרנטע". ער האָט זיינע ראָמאַנען באַקרוינט מיט אַ העברעאישן שיר אויפן

ערשטן זייטל. דער שיר האָט ניט געהאַט קיין "משפחה''-שייכות מיטן אינהאַלט פונעם ראָמאַן. ער איז געווען א זעלבסטשטענדיקע שאַפונג. שמ"ר גופא האָט אין זיין נייער שפחה'דיקער "גבירה" דערזען אירע חסרונות: די ''סאָלדאַטסקע'' ווערטער צו וועלכע זי האָט זיך געהאַט צוגעוואוינט. עס האָט אים אוודאי "געקראַביעט''. זי איז דאָך די שפראך פון זיין שאַפן, זי מוז אים אָנשטיין. ער האָט גלייך גענומען "אויסקאַלופּען'' פון איר די דאָזיקע בראָדיוועקעס און אין די לעבער אריינשטעלן טייטשמערישע פּלאַסטערלעך. טייטש איז אים געווען באַקאַנט.

ניט פּאַרטייטשמערט האָט שמ"ר זיין שפראך, ניין, ער האָט במקום סלאַווישע און ממזריש געבוירענע ווערטער אריינגעשטעלט צו מאָל נייע, טייטשישע. איבערגעטריבן האָט ער זעלטן. איך געדענק ביי אים מ א נ ד און ז אָ נ נ ע אנשטאָט "זון" און "לבנה". אָבער אזעלכע ''טיף'' טייטשע ווערטער האָבן זיך ביי אים באַגעגנט זייער זעלטן, און אין דער שפראך, וואָס איז פאַר אונדז די אמת יידישע, האָבן אזעלכע ווערטער קיין תיקון ניט באַקומען און צו קיום ניט דערלעבט. ווערטער, אָבער, וואָס האָבן געקאָנט אויסקורירן אין אונדזער שפראך די זשאַרגאָן-פּלעקן און זיך אין איר איינהיימישן, אייגן ווערן, אזעלכע זענען א גליק געוואָרן פאַר איר. זיי האָבן באמת אויסגערייניקט דעם זשאַרגאָן פון איר, און זיי געמאַכט פאַר דער "גבירה'ס'' פיינע, אָנשטייענדיקע שוועסטער...

קוקט! במקום "סוואַבאָדנע'' איז געקומען פ ר יי, היינט צו טאָג אזא ריכטיק יידיש וואָרט. במקום "וואָבשטשע" איז געקומען א י ן א ל ג ע מ יי ן, און דאָס האָט אויפגעלעבט דעם העברעאישן "בכלל". במקום "זאַמעטשאַטיעלנאַ" איז געקומען מ ע ר ק ו ו י ר ד י ק, במקום "קראַסאַוויצע'' — א ש יי נ ה יי ט, במקום "דוראַק" ד ו מ ק אָ פּ, א ו י פ מ ע ר ק ז א מ ק יי ט במקום "וונימאַניע" אד"גל.

מיר, די אלץ נאָך דערצויגענע אינעם זשאַרגאָן, זענען דורך שמ"רס ערשטן שטוים דערצו געוואָרן שטרעבערס צו א ריינער יידישער שפראך. אונדז האָט שאָקירט, פּשוט באַליידיקט, ווען שונאים האָבן אונדז פאָרגעוואָרפן אז די "שפחה" ווייסט ניט פון גראַמאַטיק. עס זענען געווען געשאַפן הונדערטער אנעקדאָטן וועגן "דער" נאָך

און "די" נאָז, "דאָס" פערד און "דער" פערד, "די" מיידל און "דאָס" מיידל.

כדאי איז צו וויסן, אַז אינעם קורצן משך פון בלויז אַ צענדליק יאָרן, האָט די יונגט דאָן אָנגעהויבן ריינִיקן בכוונה'דיק דעם זשאַרגאָן. דער עיקר־פאַרדינסט דערפאַר האָט געהערט צו שמר'ן. פיל געהאָלפן דערצו האָט אויך דאָס באַקאַנט־ווערן מיט דער לאַנדשפּראַך, דאָס האָט געמאַכט אַנטפּלעקונגען פאַר אונדז. מ'איז אַזוי געוווּן פּאַרוואוינט צו זאָגן "איך האָב נאָך זאַנאַיעט דעם אַלטן רב" ווי צו זאָגן "איך האָב נאָך פאַרכאַפּט", אָדער "געקאַנט דעם אַלטן רב". ליכטער געוועזן דער "טשאָרט יעווא זנאַיעט" איידער "דער שד זאָל אים קאָנען"...

דער פּשוטער מענטש איז פון שמר"ס ראָמאַנען געוווּען צוגע־צויגן "ווי פון אַ מאַגנעט". ער האָט זיך געריסן צום בוך, געלאָפן ממש הערן אַ פּירלייענער אין דער סטאָליצע, אָדער אין וועמעס שטוב. מיט דער צייט האָט זיך אַזאַ צוהערער געצוואונגען (אין זשאַרגאָן — פּרינוזשדאַיעט) צום אויסלערנען זיך לייענען אַליין אַ ראָמאַן. אַזעל־כע מיטליאַריקע פּאַרהאַרעוועטע יידן געדענק איך אין די צענד־ליקער. זיי פלעגן זאָגן "איך האָב גאָרניט געוואוסט אַז קאָנען לייענען זשאַרגאָן אין אַזאַ טרודנע (שווערע) זאַך". זיי פלעגן זיך וואונדערן ווייל דאַוונען האָבן זיי געקאַנט "און דאַוונען איז דאָך עפּעס טרודנער פון זשאַרגאָן". דערווייל איז די לייענער־מאַסע פון חודש צו חודש געשטיגן אין צאָל. דער עיקר צוליב דעם נייגער צו וויסן עפּעס וואָס מ'האָט ביז דאַן ניט געוואוסט.

דער רוב פון די שפּעטערדיקע קלאַסיקערס אין דער יידישער ליטעראַטור האָט אָנגעפאַנגען גלייך מיטן שמ"רן אָדער אין דער ער־שטער צייט פון זיין אויפקום. זיי זענען געוואָרן די שיינקייט פון דער ליטעראַטור, אָבער אַן איינציקער אפילו פון זיי האָט נישט באַוויזן צו האָבן אַזאַ השפּעה אויפן לייענער אָדער אויף זיין שפּראַך.

געמיינט האָט מען לאַנג אין יענע צייטן, אַז שמ"ר האָט פאַר זיין אופן פון שאַפן ראָמאַנען געהאַט, אַלס פּראָטאָ־מוסטער, ווערק פון דעם זעלבן כאַראַקטער פון דער דייטשער ליטעראַטור. געוועזן אפילו אַזעלכע וואָס האָבן אָנגעדופן דייטשישע ראָמאַניסטן וועמען שמ"ר האָט נאָכגעמאַכט. אינעדראַמתן האָט דער רוב פון מיין דור

געפילט אין שמרס "גאנג" די יידישע מעשה בכלל, די מעשות וואס זענען אינעם פאלק געשאפן געווארן, און געטראגן אין זיך דעם משיחישן קערן פון גאולה על־פי נס. אזא איז געווען אונדזער מעשה די פאלקלאריסטישע, די חסידישע: — כהרף עין! ווען ער, ברוך הוא, וויל... עס איז צום געהאלפן ווערן קיין אנדערער פראקטישער וועג, קיין אנדער רעאלער מיטל ניט געווען. שמ"ר האט "געסטארעט זיך" שרייבן דעם ראמאן זיינעם "איינדאפעאיש". ער האט ניט אנגעהאלטן דעם אלטן שטייגער דערציילן ווי זיין מער געלויבטער צייטגענאסע, אייזיק דיק. אבער אינעם בוי פון זיין שאפן איז שמ"ר געהאלטן געווען אין די קלאמערן פון דער יידישער געשיכטע וואס האט זיך קודם כל באזארגט מיט צרות, מיט גלות־פיינען, און פארפריער ארויסגע־קוקט צו דעם נאטירלעכסטן אויסלייז — דער נס. דער פריידפולער "פלוצים" פלעגט לרוב דערשיינען אין ספור־המעשה: — א דאנק דיר, גאטעניו! — צו ששון ושמחה...

שמ"ר איז געווען לגבי רעאליטעט אזוי אומשולדיק אין זיין שאפן ווי מיר, זיינע יונגע לייענערס, וואס האבן זיך געמאלן אז אלץ אין דער וועלט קאן געשען. א יידישער סטערעאטיפ איז דאן געווען אז אלץ קאן טרעפן: — "איידער עס ווערט ליכטיק מוז קודם זיין שטארק פינסטער". מוז! און א "פלוצימדיקע ענדערונג פון הושך צו ליכט איז דאן נאטירלעך".

און איז דען געווען דעמלט ווער ס'זאל שמר"ן שטעלן "אויף די רעלסן" פון א געווארנטן שרייבער און פארזיכטיקן דערציילער, וואס רעכנט זיך מיט רעאליטעט און ניט "פארוואלטע" געשעענישן? ווער איז דען געווען דעמלט צום אנצייגן אונדז, לייענערס, די פריז־מעס דורך וועלכע א שאפונג פון א שרייבער דארף באטראכט ווערן? אלץ איז ארויסגעקומען "באשערט". שרייבערס אנפאנגערס, לייע־נערס אנפאנגערס, ליטעראטור — אן אנפאנגערישע. דעם "כי טוב" האבן מיר אלע דערזען ערשט שפעטער. דעם "ויתבוששו" (פאר־שעמט זיך) דערבליקט ערשט ווען פאר אונדזערע אויגן האט זיך פלוצים באוויזן א "שפיגל". פארשטייט זיך, ניט קיין גלייכן צו אדם מיט חוה, זיי האבן געמוזט אנטון זיך, מיר איבערטון זיך, אנדערש זיך קליידן, אנדערש רעדן, אנדערש אויפנעמען זאכן,

אנדערש באציען זיך צו דערשיינונגען. מיר האָבן זייער שנעל דער־פילט זיך אָפגעשיידט פונעם "ערשטן טייל" אינעם לאַנג־דורותדיקן בוך, דערשפירט "פלוצים" אז מיר זענען א צווייטער טייל...

א שטאַרקער "מאגנעט" איז אונדז שמר געוואָרן אינעם ענין ליבע, היימישקייט פון דעם מענער־שיכט מיט דעם פרויען־שיכט...

— אניט האָט אמאָל עמיצער געוואוסט ווי אזוי מע שפילט א ליבע, ווי אזוי מע קאָן גאָר ליב האָבן א מיידל?...

בכלל האָט א ייד געוואוסט פון אן אנדער מין ליבע: ער האָט ליב געהאַט זיינע קינדער ווען אפילו בלויז מיידלעך, ער פלעגט ווערן פארליבט אין א רבין וואָס איז אים געפעלן געוואָרן מיט זיין "עבודה". אָבער גיין שפילן א "ליובקע" מיט א פרעמדער מויד, חלילה, דאָס האָט בא אונדז ניט געטראָפן מחמת, פשוט, נאָכגעבן דעם יצר הרע און אריינלאָזן זיך אין תאוה איז א בזוי'דיקע זאך בא יידן. ווער טוט דאָס?

און טאקע, אינדערעמתן — לאכט ניט, לייענערס, — האָט מיין פאָר־דור קיין יצר הרע ניט געהאַט; איך מיין: ניט באוויזן אים, ווען אפילו דאָס הארץ האָט געשרפהט ווי א צעגליט אייזן. מיר, חדר־יינגלעך, זענען מיט ליבע באקאנט געוואָרן דורך מאפו'ן, אין זיין בארימטן "אהבת ציון" וואו איינער אמנון, א וואוילער בחור, האָט זיך געליבט מיט איינער, אן אנטיטשנע מיידל, תמר. מיר האָבן זיך באגייסטערט, נאָר צו יצר הרע איז עס ניט געקומען. איך האָב צו מיינע צען יאָר אויסגעלערנט אויף אויסווייניק א פאָר פלאמעוודיקע שטעלן פון אמנון'ס דערקלערונגען צו תמר'ן, און שבת נאָך טיש זיי דעקלאמירט פאר אונדזער דינסט, די זיבעציק־יאָריקע נעסיע. איך האָב דאן דעם העברעאיש שוין גוט פארטייטשט, נעסי ניט. זי האָט פיט אויגן פול עלטער־חן געקוקט צו מיר. אירע אָנגעשוואָלענע קניי־טשן אויפן שטערן האָבן מיך באגייסטערט, און איך פארענדיק אמנונס רעדע מיט פשוט יידישע ווערטער: — נעסיקע טייערע, דו ביזט מיר תמר, איך וועל דיך מאכן פאר דער מלכה שבא...

שפעטער האָט נעסי, א צוהערערקע פון שמר"ס ראָמאנען, דער־ציילט פאר אונדזערע דאָרפס־ווייבער ווי "שפענדעלע מיט שווע־

בעלע" האָבן זיך באַגעגנט, אָנגעצונדן זיך און געפּלאַקערט "און באַ מיר האָבן די אויגן אָנגעטרערט זיך, טאָמער ווייסט איר וואָס"...

דער ראָמאַן אין יידיש האָט דערמעגלעכט די דערשיינונג פון אַ בוך אין יידיש. ביז שמר"ן זענען געווען "מעשה־ביכלעך", געווען באַלשעמסקי מעשות, מעשה בג' נשים, אַ מעשה נורא פון וואָס געהערט איך ניט, מעשות וועגן דער מערת המכפּלה, די "באָבע־מעשה" איבערגעזעצט פון רוסישן וכדומה. אַ בוך איז געווען אַ נייעס — אין זשאַרגאָן!

דאָס בוך איז ניט שנעל דערוואַקסן צו דער מדרגה פון אַ ספר. ווייבער האָבן געזאָגט "קיין עין הרע, אַ גרעב פון אַ בוך!". אַ בוך האָט מען, אמת, ניט געקושט ווען ער איז אַרונטערגעפאַלן פון טיש, מ'האָט אים אויפגעהויבן און — גאַרניט. אַ ספר האָט מען אין אַזאַ פאַל אַ קוש געטאָן ווי צו בעטן מחילה...

אפשר האָט דאָס בוך געגאַנבעט עפּעס אינעם זכות פון ספר אין לשון קודש. שמ"ר האָט געבענקט נאָך דער "הארנטע" און אויפן ערשטן זייטל פון זיינע ערשטע ראָמאַנען אָפּגעדרוקט אַ העברעאישן שיר. צום אינהאַלט האָט עס קיין שייכות ניט געהאַט, דאָך דעם בוך צוגעגעבן חן: — ער איז שוין יענער מחבר! לשון קודש שרייבט ער אויך...

שמ'רס ווערק האָבן געשאַפן באַ יידן, אָדער פּאָפּולער געמאַכט דעם לאָזונג "אַ מענטש זאָל מען זיין", אַ מענטש אינעם אויסזען, אינעם זיין געוואַנטער, זיין וועלטלעך און אַ ביסינקע "טאָרן פון דעם וואָס רק מע טאָר ניט". באַ די פּרויען האָט דער נייער מענטש זייער אָנגענומען. עס האָט זיך צומאָל שוין דערהערט אַ קאָמ־פּלימענט לגבי שיינקייט. פיין געקליידט זיין, אויסקוקן "ווי אַ מאַ־דאַם". געקומען צו ירידה איז ביסלעכווייז דער "פּליאַסקעדריקע", דער "נאָבלויע", געמיינט דעם חסידישן באַהעמע־מענטשן. מאַמעס האָבן גענומען אָפּגעבן זיך מיטן בגד פונעם קינד, די מיטקעס זענען לאַנגזאַם פאַרשוואונדן געוואָרן; ווייניקסטנס האָט דער "וואָרעקל" פון הינטער די מיטקעלעך גענומען אויסזען ריינער...

יוגנט, בעיקר זכרים, האָט גענומען טון בסתר און עבירהלע, טראָגן אַ קעמעלע אין בוזים־קעשענע, טראָגן שבת דאָס טיכעלע אין טאַש

בשעתן שפּאַצירן איבער דער גאַס, אַנשטאָט צו האַלטן דאָס אַרומ־געבונדן אויף דער האַנט, העמדער האָבן באַקומען אַ קראַכמאַלעטן און אויסגעפּרעסטן קראַגן. עס האָבן זיך באַוויזן שפּינקעס אין די מאַנקעטן, אַ "לאַנגער הויז ווי באַם פּראַנצויז" און פּאות — "פּאַר־שניטענע יאָרן!" — אונטערגעהאַקטע, שטיוולעך — שיך, — געפּוצ־טע פון פאָרנט און פון הינטן אפילו אין אַ וואָכעדיקן טאָג...

אַ "פּיק" געטאָן האָט דאָס אויך "כלי־קודש (רעליגיעזע אָנגע־שטעלטע). אַ שול־שמש, אַ מלא־מאַכער, אַ "פּאַבריקאַנט" פון חנוכּה־ליכטלעך, פון דריידלעך און גראַגערס, אַלע זייערע קלאַס־קאָלעגן האָבן גענומען געבן אויף באַרג צום איבערלייענען שמר"ס "אַרימאַנען"...

דער נייער גייסט האָט אַרויסגערופן לערערלעך פאַר בתולות און באַלמעלאָכעשע יונגן, אָבער אָן געלט. געוואָרן אַ "מצוה־זאַך" צו דינען דעם נויטבאַדערפטיקן, אָט דער באַדערפטיקער איז פאַר זיי געווען דער אַנאַלפאַבעט. זייער עלטער האָט זיך געשאָקלט צווישן עלף און בר־מצוה. נאָך בר־מצוה איז ניט אָנגעשטאַנען לערנען מיט מוידן, זייער קרוין־ראָל איז געווען פאָרלייענען שמר׳ס ראָמאַנען...

---

# קאפיטל דריי

**א וואָרער ווערטל געווען: — יעדער שטעטל האָט זיך זיין** נגיד. צו נגידישאַפט האָט מען געגרייכט מיטן בלויזן איבערשטייגן דעם פאַרמעגלעכסטן באַלעבאָס. דער באַגריף וועגן עשירות אינעם שטעטל האָט געהאַט זיין טייטש: ערב פסח האָט דער נגיד צוזאַמענגערופן בני בית, משפחה און חשובע פריינט, אין זייער אַנוועזנהייט האָט ער פונעם אייזערנעם קאַסטן אַרויסגענומען זיין געלט, אַרויסגעטראָגן אין הויף אריין, פונאנדערגעלייגט צום לופטערן און אַרום אויסגעזעצט זיך ״וואַרטעווען״. אין א שעה אַרום האָט מען דאָס צוריקגעטראָגן און ווידער באַהאַלטן אין קאַסטן ביז אם ירצה השם, מע זאָל נאָר דערלעבן געזונטערהייט, איבער א יאָר ערב פסח...

דער טאָן־געבער אינעם שטעטל איז געווען דער נגיד. קעגנערס, אויב אַזוינס האָט געטראָפן, זיינען געווען אָרגאַניזירטע באַלעבאַטים בראש מיט א ״מיוחס״, א נצחן, און בשותפות מיט א ביסל עולם פונעם צעך (באַלמעלאַכעס) וואָס איז געווען פון זיי אָפּהענגיק...

באַלמעלאָכעס זיינען אין יענע צייטן געווען קליינע דעה־זאָגערס. דער באַלמעלאָכע גופא האָט זיך באַטראַכט פאַר א נידעריקערן שיכט, געהאַלטן אין זינען ער ״לעבט פון די באַלעבאַטים״ און אין דער שיסל וואָס פון איר עסט מען ״שפייט מען ניט״...

אָפּט האָבן די באַלעבאַטים פאַרבראַכט צייט אין אָפּלאַכן פור־

נעם באלמעלאכע. מאטעריאל האט געגעבן זיין לשון: — "מישטיינס געזאגט", אז אן נבול־פה באגייט זיך "דאס" ניט. "אזא "מין" איז עולה לתורה נעמט עם א ציצה צווישן צוויי פינגער און לייגט אוועק העכער, אדער נידעריקער פארן בעל־קורא'ס טייטל, און רייבט דעם פלאץ טיכטיק. די ברכה בא אים מאלט זיך אפ צווישן די ציין"...

— א רחמנות נעבעך; וואס ווייסט "אזוינס"?

אייגנטלעך פלעגט מען רופן "פאילגע" דעם שניידער־יונג וואס האט נאך קיין אייגענעם "טיש" ניט געהאט. געווען איז דאס ווארט אויך גוט צום שימפן בכלל א באלמעלאכע, אפילו א צו האפערדיקן באלעבאטישן יונגנמאן.

צום שלימסטן איז געווען די באציאונג צו שניידערס ווייל זייער פאך פלעגט זיי פירן אין דארף אריין צו פריצים, פאפעס און קסיאנדזעס. מען האט דעם שניידער חושד געווען אין "פארקריכן מיטן קנאפל אין א טריפהנעם טעלער". נאך ערגער האט מען געאורטיילט דעם קלעזמער: די פארשוינען זיינען גאר לייכטע פייגל, שלאגט זיך אן אליין צו לערנען טאנצן די פריצהטע, נעמט זי ארום בא דער טאליע און דרייט זי אין א וויכער ביז די קעפ פארדרייען זיך בא ביידן. "עס איז יענער ענין". און די פאניע איז אים מכבד מיט "טשיקילאט", ער איר קושט די יד דערפאר, אז קושן זאל ער שוין די האנט באם תליון. נו, און ווייז מוז ער דאך טרונקען, עס פאסט דאך ניט דער אדון זאל מיינען אז ער היט זיך פון ויין וואס א יד פון א גוי האט זי אנגערירט. און דאס שמייכלען צו די פאניענטקעס, אז שמייכלען זאל צו זיי דער מלאך המות. ווער ווייסט וויפל מאל סע שמייכלט זיך אוים דערפון כל הפאסקודסטוועס...

אומליב איז געווען אויך דער שוסטער צוליב דער געסמאליעטער דראטווע וואס מאכט שמוציק זיינע פינגער און ער פילעט זי אריין אין לאך וואס די אל מאכט דורך א חזיר־האר. דאס אלץ געשילדערטע האט פארמאגט א גרויסע ליטעראטור שבעל־פה פון מעשות, סענסאציעס און אנעקדאטן. בעיקר זיינען די טשיקאווע געשיכטעס געווען וועגן דעם קלעזמער. אלע האבן אים געטאדלט און איבערגעזונדערט פון קהל. יוגנט האט די געשיכטעס ליב געהאט צו

הערן, געווען עפּעס צוציענדיקעס אין די שילדערונגען און לשון הרע איבער זיי. געווען אויך קלעזמער־מעשיות צו זכות.

שוין גאָר אנדערש האָט אויסגעזען די באנעמונג פון דער געזעלשאפט צום שלאָסער, מעש־אַרבעטער, אפילו שמיד וועמען מע פלעגט באדויערן צוליב עבודת פרך און זיין אימער פארזיכערט, אָבער געהאַלטן זיין ארבעט פאר גאָר אן ערלעכער. חשוב איז געווען דער טעכניקער, דער מאנטירער פון מאשינען, דער פאריכטער פון זינגערס ניימאשינען, "אלץ זאכן וואו עס פאָדערט זיך אויסבילדונג און שכל. דער גאָלדשמיד און דער זייגערמאכער זיינען אין משפחה קיין פסול ניט געווען. דער גאָלדשמיד האָט געטאָן א "מלאכה נקיה". א בחור א גאָלדשמיד האָט דערגרייכט א באלעבאטישן שדוך.

— טאקי גו, — האָט א שניידער מסכים געווען; — וואָס א שטייגער "זנאטשים" באדייט א באלמעלאָכע אין קהל? קיין תורה ניט, א שיינע מעשה פון א רבין ניט, א ייחוס צו א שדוך שוין גאָר ניט, נאָר וואָס צו "וויבארעס" (וואלן) רופט מען אים אנזויפן זיך און ווארפן די "פּאסאָליעס" (בעבל) פאר יענעמס קאנדידאט...

דאָס אייז איבער דער יידישער "גנילאפּיאטעוועקע" האָט ניט געקאָנט ברעכן אן אן אויפטרייסלונג. און די ערשטע איז פּאָרגעקומען בעת דער רוסיש־טערקישער מלחמה אינעם 1877־סטן יאָר, אָדער בעסער, נאָך איר פארענדיקן זיך. עס איז אהיימגעקומען דער "אונטערנעמער" (פּאדריאטשיק") וועלכער האָט געזען "וואָס בלעטער האָבן באשריבן", און איז געקומען אין קאָנטאקט מיט דער וועלט. און מלחמה בייגעוואוינט, געזען ווי ענדערונגען קומען פאָר אין ענינים וואָס האָבן געדויערט גאנצע אייביקייטן. "איין חארמאט האָט צעטראסקעט וואָס דורות האָבן געבויט". עס פאלט א פּתר — האָט א פּאדריאטשיק געשילדערט — אָבער דערפון לערנט מען עפּעס. אבי נאָר מע פארבלייבט ניט א קליינשטעטלדיקער "האָצמעך". דער נאָמען פון גאָלדפאָדנס פארשוין אין זיין "כשוף־מאכערן" איז געקומען אין שטעטל אריין מיטן פּאדריאטשיק און סאָלדאט צוזאמען, און פארבליבן א טיטל פאר יעדן שלימזל דורך צענדליקער יאָרן.

— ס'איז יענער האָצמעך, "האָצמעך איז א בלינדער" און באפּט זיך ניט דארויף...

און גאָלדפאדן! יידן האָבן אָנגעהויבן צו רעדן וועגן א נייער דערשיינונג אין גרויסע שטעט — "טריאטער". אין די קליינע שטעטלעך איז דאָס אזוי גיך ניט אָנגעקומען. דאָך לידער פון "טריאטער" האָבן זיך דערהערט באַם שניידער־טיש, אויפן שוסטער־בענקעלע און "שולמית" (— הער נאָר, איך בעט דיר, שולמית איז דאָך פון שיר השירים!) איז געוואָרן א באַקאַנט לידל ביי דער יידישער יוגנט.

אָבער בעיקר שמ"ר. די מלחמה האָט אים צוריקגעשיקט אין יידישן תחום אריין. אויך ער האָט געשריבן פּיעסן, אויפגעפירט זיי. איך בא אים זיינען געווען לידער. דאָך האָט ער ביי די "תפוצות ישראל" איינגעהיימישט זיך דורך זיינע ראָמאַנען. און וועלכע ער האָט נעגעבן מוסטערן פאר נייע געשטאַלטן וואָס זיידע־באָבע אין יארמאָלינעץ, זאשקאָוו, קארעץ און גאַמבין האָבן דאָס אין חלום ניט געזען. ווען דאָס איז מתחלה געוואָרן "אַלטבאַקאַנט" זיינען געווען די פאילגעס.

— דאָס מין (די פאילגעס) דאַרף דען איבערקלערן צי סע טויג, אָדער ניט? — פלעגן זאָגן מיט גרינגשעצונג די באַלעבאַטים — עס האָט געלערנט פון א טאַטן, פון א זיידן? אים געפעלט! און אז אים געפעלט ווער קאָן אזא זאָגן א דעה?...

— ס'איז ניט קיין וואונדער — האָט מפרש געווען דער באַלעבאָס; — מיין קינד מוז אָנקומען צו מיר. איך האָב בא אים די דעה, און "דאָס מין" העלפט'ך נאָך ארויס דעם טאַטן מיט דער נאָדל, איז ער בא זיך דאָס אויבערשטע פונעם שטייסל. דערפאר מאַקי דאַרף א באַלעבאַטישער מענטש ניט מאַכן פון זיין זון א "יאַמאָבי דאָם" פאר דער צייט. גענוג ווען אים זיין נאָך דער חתונה...

באַלעבאַטשע יוגנט האָט איר פּראָטעסט אָנטקעגן "ריטוס" אינעם לעבן גענומען פון די השכלה־מאמרים אין די העברעאישע צייטונגען, ניט נעהאַט אָבער ביישפּילן אינעם לעבן. אומווילנדיק און אוודאי שלא בכונה איז צו דער באַלעבאַטישער יוגנט געקומען דער רעפלעקס מצד דעם פאילגישן שיכט דווקא. דער באַלמעלאָכעבחור האָט גענומען שפּילן א הויפּט־ראָל אין די "סטאָליצעס" שבת. און איז. אגב, מיט זיין בעסערן אויפפירן זיך און געפעלן זיין דער

מאסע, געוואָרן די ״מאָג־נייעס״ צום מאכן אינטערעסאנט א שמועס...

— פאילגע, פארשטייט זיך, בלייבט פאילגע, אָבער ער הייבט אָן מענטשלען זיך...

איך דערמאָן מיך אָן איצעקל היים־הערשס, דער גלאָוונער (הויפּט) שניידער, א סימפּאטישער בחור מיט פלאמעוודיקע אויגן און מיט ״וואָליע״ (כאראקטער). אים האָט זיין פאָטער א ביסל לענגער פאַר־האלטן אין חדר, ער איז פון דאָרט ארויס ״מיט א פּסוק משלי״, א שיינער ״מפטיר״, אפילו א מנהה פארן עמוד בעת יאָרצייט נאָך זיין מוטער. ער האָט ״אוועקגעלייגט א שיינעם טאטן״, דאָס הייסט שיין זיך אונטערגעשריבן וואו מ׳האָט באדארפט און נאָך אן איידל ווארט ״ניט געגאנגען צום רב לייען״...

— מיר, פאילגעס! — פלעגט איצעקל דעקלארירן — וועלן שוין באוויזן אויף וואָס מיר זיינען פּייאיק. מיר מוזן אָנהויבן באגיין זיך אָן פּירלייענערס, מוזן לייענען אליין; פארשטאנען? ״אליין איז דאָס ווי פיש מיט כריין״ געשמאק...

געוועזן די ״איצעקלעך״ וואָס האָבן אָרגאניזירט די ״סטאלי־צעס״ (קרוינפּלעצער) צום פארזאמלען זיך שבת נאָך טיש, מערסטנס בא אן אָרעמער אלמנה אין א הינטערגעסל, און דאָרט הערן פּיר־לייענען שמ״רם ראָמאנען, זינגען לידער און פארברענגען חברותא׳דיק. די פּאָרלייענערס, דערוואקסענע בחורים האָבן זיך ״אויסגעפּראוועט״ און געמאכט קאָמענטארן, צוגעווארפן דעם עולם אינמיטן לייענען א גלייכווערטל, א האלב־ציניש מימרא, אָדער אן עקזאמענאטאָ־רישן ״איר הערט?״ דערביי פלעגט אזא פארלייענער, א ״פארשטאנ־דיקער״, וואָרענען פון לאָזן זיך אָפּנארן, ווייל ״ליבע איז א געטלעכע זאך״, אָבער עס טרעפן זיך אזעלכע וואָס פארשטייען דאָס ניט און ״מאכן דערפון א ״מיאוסע עובדא״...

בראשית האָבן די פיינע קונסט פון פארלייענען מאָנאָפּאָליזירט די באלעבאטישע בחורים, מערסטנס די עלטערע הדר־יינגלעך וועמען דער ענין איז געווען לייכט. מיט דער צייט איז פאילגע אויך אריין אין דער ראָל.

— דער לערער איז אויפגעקומען פון צווישן די פּאָרלייענערס.

די תלמידים, מערסטנס מיידלעך, האָבן דעם לערער, אין אַן עלטער פון צוועלף־פערצן יאָר, שטאַרק רעספּעקטירט פאַר זיינע קענטעניש. עס האָבן בא אים געלערנט מיידלעך אינעם רוב צוואַנציק־יאָריקע און עלטער. א תלמיד, א דערוואַקסענער בחור, האָט ״געדראַפּעט״ עברי, ער פלעגט זיצן נעבן לערער און אַריינקוקן אין ביכל, שטילערהייט נאָכלייענען יעדער וואָרט. אַזעלכער איז פריער פאַר אַנדערע געוואָרן דער לייענער ווי א וואַסער״...

— אַז מ׳צ לייענט מיט די אייגענע אויגן האָט אַלץ גאָר אַנאַנדערן טעם...

האָט עולם אונטערגעלאַכט: — זע נאָר ווער סע ווערט ״טילי־גענט״, האַפּציע, דאָס שיסטערל, און דאַבציע, די לאָטוטניצע. צו זיי, אָבער, צו האַפּציען מיט דאַבציען, געהערט די ערשטע ליבע אינעם הינטערגעסל, זיי האָבן איינגעלערנט שמ״רס א שפּאַסיק לידל —

״די זאַנגע מיט די שטראַלן
מעגן צו דיינע פיסע פאַלן,
און דער מאַנד מיט די שטערן
פאַר דיר די כפּרה ווערן״ —

האַפּציע האָט ניט אַזוי גוט פאַרשטאַנען וואָס זאַנגע און מאַנד באַטייט, ער איז אָבער פאַר דאַבציען ״די כפּרה געוואָרן״, און שפּעטער מיט א סך יאָרן, ווען שמ״רס עברי איז בא זיי געגאַנגען ווי אויף פּוטער, מודה געווען — ״יאָ, אודאי, אָט דאָס לידל האָט אונדז ביידן געמאַכט צום שפּילן א ליבע און טאַקע חתונה האָבן ווי גאָט האָט געבאָטן...

צוערשט איז מען וועגן ליבע געוואָר געוואָרן פונעם ביכל, שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט דעם פּראַצעס פון ליבע שפּילן ״ווי אין ביכל שטייט״, און ווען־עס איז געקומען דערצו האָט מען דאָס געמאַכט פּראַגראַמאַטיש, ממש איינגעהיט די כּללים דערצו...

די שטעטלדיקע ראַנדעוואו־פּלעצער זיינען אומעטום, כמעט, געווען דיזעלביקע: — הינטערן קאַסציאַל, אָדער קלויסטער, הינטערן פּריצ׳ס הויף, אויפן באַבוימערטן טייל פונעם בית עולם (פאַר שטאַרק געהיטע), אויך אינעם ״הויוון״ פונעם שטעטלדיקן ליימגרובן און ערגעצוואו בא דער מיל. אין שטעטלעך וואָס האָבן פאַרמאָגט א־

חרוב־געוואָרענעם פריצישן הויף וואו ״עס האָבן זיך געהאַלטן שדים״, און ניט ייִדן, ניט קריסטן פלעגן דעם פּלאַץ באַזוכן, אהין זיינען פאַר גאַנגען יידישע בחורים און מיידלעך, שוין אין דער ליבע, און דאָרט געקאָנט אויסברענגען א ״ים מיט קושן״ פראַנק און פריי.

ניט, מיינט, דאָך, אז לעבן בכלל אינעם שטעטל האָט דאַן ניט פאַרמאָגט זיין נאַטירלעכע ״וואָכעדיקייט״ און די מענטשן זיינען געווען א סאָרט אבלים; ניט מער, וואָס אַלין איז געווען איינגעשלאָסן אין דלת אמות, ארומגעצאַמט פון צענדליקער ״סע פּאַסט ניט״ און שטרענג, שטרענג איינגעהיט פאַר מראית עין. אפילו אין בית המדרש האָבן זיך געשאַפן אינטערעסאַנטע שמועסן מיט לעבן פול, מיט הומאָר און ספּעציעלן ״בית־המדרש ציניזם״. דער קרייז וואָס האָט דאָס געשאַפן צום איינענעם פאַרגעניגן איז געווען דער לערנערישער דווקא, דער גמרא־בחורישער. ווען אלע ״חכמות״ פון ״שיחת חולין״ ביי זיי, וואָלטן געוואָרן פאַרצייכנט בשעתו וואָלטן מיר איצטער פאַרמאָגט מאַטעריאַל פון דעם מין פאָלקלאָר פאַר ביכער און ביכער. עס איז געווען די פריילעכע ״תורה שבעל פה״ וואָס איז, צום גרויסן באַ־דויערן, אינגאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען. איך פאַרצייכן דאָ א פּאָר מוסטערן. דער ״קונץ״ איז על פי רוב באַשטאַנען אין ״פאַרדרייען פסוקים״, אפּאַריזמען פון דער גמרא, באַשאַפן ליצנותן אין דער שפּראַך און סטיל פון תלמוד. ״רש״י זאָגט אז פוטיפור איז געווען א סריס (אַנטמאַנטער), טאָ ווי האָט ער געהאַט א טאָכטער צו נעמען יוספן פאַר אן איידעם?״ דער ענטפער איז אז פוטיפור האָט ניט געוואוסט אז רש״י וועט אים אַנטמאַנען, האָט ער דערווייל אַרייַנ־געכאַפּט א טאָכטער... ״קצתי בחיי״, מיר איז מיאוס דער לעבן האָט אמאָל געזאָגט אונדזער מוטער רבקה. איז די ״קוף״ אין קצתי א קלענערע פאַר די אנדערע אותיות; פאַר וואָס? מחמת א ייִדענע ווען זי שילט זיך איז דאָס א בלאָף...

און לינגס, איינצלעך גוזמאות האָט דער בית המדרש געשאַפן אָן א צאָל: בא גראַף פּאָטאָצקי זיינען פאַראַנען אזויפיל מעלקעדיקע קי אז אויסמעלקן זיי מוז מען האָבן א ״מיליון״ שעפלעך, האָט מען אויסגעגראָבן א גרוב פון א קילאָמעטער די לענג און גאָט ווייסט

מאר א ברייט. אהין פארטריבן אלע קי און דארט זיי אויסגעמאלקן... אא״זו, אא״וו.

תענוגים האט דאס שטעטל באקומען פון חתונות און בריתן — בא די ארטיקע גבירים. די אייגענע שמחות האבן ניט געגעבן קיין סך שטאף צום פרייען זיך; אלץ איז אנגעקומען ביטער שווער אין דער אלגעמיינער ארעמקייט. אויך די געוויינלעכע קריגעריי[ע]ן צוליב ניט דערגעבעגעם נדן און ״ארעמע״ כלת־מתנות, פלעגן אפט זיין א נגיעה צו פולער שמחה.

א שמחה ״גלאט אין דער וועלט אריין״ האט ניט געטראפן. עס האט ניט געקאנט איינפאלן עטלעכע יונגטלעכע צו מאכן פלוצים א טאנץ, א קערמישל, א פארוויילעכץ:

— לשמחה מה זו עושה? וואס פאר א יומטוב אויף דיין קאפ איינמיטנדרינען?...

די קריסטלעכע באפעלקערונג האט דעם טאג פון שמחת תורה בערופן ״שאלענעי דיען״, דער משוגענער טאג בא יידן. זי איז פשוט ניט געוואוינט געווען צו זען יידן פרייען זיך אויסער זייערע משפחה־שמחות...

א ״מעט׳עלע״ פארגעניגן פלעגט קומען אין שטעטל דורך א חזן פון א ביסל רענאמע. א משוגענער צווישן די פארביי[ג]יענדיקע אביונים צו טשעפען זיך מיט אים. א צופעליקער גאסט וואס האט דערציילט און ״איבערגעלאזט נאך זיך ירושה״ אנעקדאטן און משי־קאווע ליגנס. און דער עיקר, דער ״פאקוסניק״, וואס זיינע קונצן זענען אויף גאנצע חדשים געווען דער שטאף צום שמועסן דעריבער...

## קאפיטל פיר

השכלה אין יענע צייטן איז געווען אן ענין וואס האט אויס־געזען צו שפילן א ראָל אינעם יידישן לעבן. משכילים, אלטע, יונגע, אפילו בר־מצווה בחורימלעך מיט קענטעניש אין דער העברעאישער שפּראך האָבן זיך שטארק באשעפטיקט מיט ''מאכן'' שירים. געווען דערויף ממש אן עפּידעמיע, וואס האט זיך פאַרשפּרייט צוליב דער לייכטקייט פון דער גראמען־''מלאכה''. ווערטער צום גראַמען האָט מען געקליבן בא אלע נביאים, אין תהלים, משלי און שיר השירים. ניט געווען, כמעט, א יונגל, א חתן־בחור און יונגעלייט שוין נאָך חתונה וואס האָבן ניט פאַרמאָגט א חעשק צום אריינשרייבן גראַ־מען. זיי זיינען געגאנגען געאָרעמט, שירה־מאניע און גראמא־מאניע. געוויס זיינען געווען אזעלכע וואס האָבן פארמאָגט ''שכל'' מחבר צו זיין א שיר אין גראמען, כנהוג פון אלע צייטן. דער רוב, אָבער, פלעגט עס מאַן צוליב מאָדע: אויסגעשטעלט א צוואנציק גראמען, רעכענענדיק צו פיר פאר א ''סטראָפע'' וועגן, דאן אָנגעפאנגען די ''ארבעט'' פון ''צושטעלן'' א שורה צו יעדן גראם. עיקר איז געווען די ערשטע שורה וועלכע האט באטראָפן א ''טריט צום מאכן א סטעזשקע''. די ערשטע שורה האט מעכאניש צוגעשלעפּט א צוויי־טע, די צוויי שוין שווערלעך א דריטע, און... דאָ האָט זיך אָנגע־פאנגען דער ''שוויץ'' איבער א פערטער.

"טאלאנטן" פלעגן מחבר זיין, מערסטנס, אקראסטיכן: די ראשי תיבות האָבן בא די שורות פון דעם שיר געגעבן דעם נאָמען פונעם מחבר, זיין טאטנס נאָמען און די פאמיליע, אויך דאָס שטעטל גופא. איך האָב למשל באַוויזן אופשרייבן א שיר מיט איניציאַלן פאר אזא שערענגע נעמען: — מנשה בן שלמה צבי הכהן המכונה זיירע הייל־פערין מכפר בראניוועקע מחוז פראסקוראוו פלך פאדאליע. ציילט ניט נאָך וויפל שורות דאָס גיט. איך געדענק נאָך: — פיר און זיבעציק? דער אינהאַלט האָט פארמאָגט זונען, לבנהס, שטערן, טייכן, ימים, וועלדער, סאלאווייען און אויך אנדערע פייגל...

אייראָפעאישע בילדונג האָט די יידישע יוגנט ניט פארמאָגט, אָבער וועגן דער "מוזע מיט אירע — קיין עין הרע — א סך שוועס־טער" האָבן אלע געוואוסט, גערעדט וועגן מוזע ווי וועגן רוח הקודש און פרום געגלויבט אינעם בארג פארנאַס...

דער חטא פון גנבענען דיכטונג בא אן אנדערן איז געבוירן געוואָרן צוזאמען מיטן ווילן צום דיכטן. אָפט האָט מען אראָפגע־כאפט בא וועלכן העברעאישן משורר א פּאָרל שורות און אויסגע־מאטערט נאָך א פּארל אייגענע. מבינים האָבן געפונען אז די ער־שטע צוויי שורות זיי גאָר נישקשהדיקע, נאָר די אנדערע צוויי מאכן א ביסל קאליע. איז חברה געוואָר געוואָרן פון דער גנבה האָט מען ניט צו שטארק געטאדלט דעם גנב: — פונדעסטוועגן האָט ער דאָך מחבר געווען צוויי אייגענע אויך...

די שירים און "מאמרים" (אלץ אין פראָזע האָט געהייסן "מא־מרים") האָבן געמאכט אינטערעסאנט פארן לייענער פון העברעאישע צייטונגען דעם "ברייוקאסטן". דער רעדאקטאָר, פלעגט צוטראכטן וויציקע ענטפּערס צו די קאנדידאַטן אויף שרייבערס. אין בית המדרש פלעגט מען פשוט אויסכאַפן די שכלדיקע תשובות אינעם בריוופקאסטן, וועלכער איז פון די "קריטיקירטע" געווען גערופן מיסטקאסטן. דער אמת איז אז סמנים פון יאָ קאָנען אָנשרייבן עפּעס רעכטס פלעגן אין דעם דאָזיקן קאסטן צעטראָטן ווערן. דאָך האָט מען געהאלטן אין איין שיקן צום "בלאטצייטונג" און אויסקוקן די אויגן אויף "אפשר איז דאָס דעם מאָל אין קאסטן ניטאָ"...

אלס מוסטער געב איך דאָ דעם ענטפער וואָס איך האָב באַקו־מען אויף אַ צוגעשיקטן פעליעטאָן ״פרי האביב״; ״פרי האביב ער־דנו בוסר, שני אבות תקהינה״... מיר גופא איז דער ענטפער שטאַרק געפעלן און איך האָב אים דערציילט צו אַלעמען — וועגן אַן אַנ־דערן...

די שפּיל ״אין גראַמען״ האָט זיך אַנטוויקלט אויך אין יידיש, ווען אָנשרייבן אַ ליד איז געוואָרן אַ שטיק יחוס. מיט גראַמען אין יידיש איז דער ייִנגל געוועזן היימיש פונעם חדר נאָך. מ׳האָט פאַראַ־דירט ״משה קאַפּוישע, צירל קאַפּירל, נחמן קאַפּאַכמען, שרה קאַ־פּאַרע, אנשל קאַנשל״. די חדר־ייִנגלעך האָבן געקאָנט שוין אויך דעם ״אב איז אַ פאָטער, קדר אַ טאַטער, אַ טאַטער איז קדר, קודם איז איידער״. בא דער שפּיל אין גראַמען האָט מען דעם ״עם הארץ״ גע־כאַפּט אויף בייניש, ניט געוועזן צו בייִנישן קיין גראַם...

אין חדר איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ נייע שפּראַך: ״פאַר־שטעלטער לשון״. ״איפּיך האָפּאָב אפּא צעפּענעפּער״, געטייטשט האָט דאָס ״איך האָב אַ צענער. ״דופּו ביפּיזט אפּא גרופּויסעפּער נאַפּאַר״, דו ביזט אַ גרויסער נאַר. קינדער האָבן דעם לשון גענוצט מיט פאַרגעניגן און געוועזן שטאַרק צופרידן וואָס ״די מאַמע פאַר־שטייט ניט וואָס״...

איבער אַ גראַם, אגב, האָט אַ יונגעלע אין חדר געקאָנט באַקומען שמיץ: ״אַ שטיוול, אַ גריוול, אַ טיש, אַ פיש, אַ מלאך... און צו אַ מלאך איז ניטאָ קיין גראַם. ניטאָ? איך האָב:— גלח! אָבער דער באַהעלפער האָט זיך געכאַפּט דערשראָקן: — דו, אַ מלאך גראַמסטו מיט אַ גלח? איכ׳ל דערציילן דעם רבין. און דער רבי האָט דערפאַר געשמיסן: — מלאכים זיינען דאָ בא יידן, און אַ גלח, דו גויע, גאָר ביי גוים...

און פאָלקלאָר! צען־יאָריקע יונגלעך האָבן ממש געשאַפן פאָלקלאָר. ליידער האָב איך ניט אין זכרון מער אָט די קינדערישע קונצן, אָבער דער ״ארייִנפיר״ פלעגט געמאַכט ווערן אַזוי: —

איך האָב אַ טאַטן הייסט ער אנשל.\
איך האָב אַ מאַמע פרעגלט זי וואַנשל.\
און מיין ברודערל הייסט איצי...

**איצי... איצי... אא!**
**און אז מיר בעטן ווארמיס**
**ניט אונדז די מאמע פיציעריציעס...**

אין דער באהאנדלונג פון ספרים און ביכער איז דער רעספעקט געווען צום ספר. אים האָט מען איינגעבונדן, א בוך ניט. א ספר האָט מען געהיט פון צעריסן ווערן, א בוך איז אויסגעשטאַנען די שלימסטע באציאונג מצד דעם לייענער. דערפאר האָבן "שיימעס" פון סדורים און ספרים בכלל באקומען א פריען טויט און באלדיקע קבורה צוזאמען מיט נאָך א סך אנדערע אויפן בית־עולם. פאר ספרים האָט יעדע שטוב געהאט א שראנק, א שרענקל, פאר ביכער נישט. זיי האָבן ניט געגעניטיקט זיך אין א שטענדיקער דירה, זייער גורל איז געווען — אומגיין איבער די הייזער און ווערן געלייענט...

דאָס לייענען העברעאישע ביכער איז געווען פון די שווערע ענינים, "ווען נאָך מיט נקודות" וואָלט דאָס געגאַנגען גלאַטער. און דער קענער אויך פון עברי אָן נקודות איז שווער "געפאָרן" איבער די לשון־קודשדיקע שורות. איבערהויפט האָבן געשטערט די מליצהס, צו זיי "דארף מען האָבן קאָפּ", און אז דו פארשטייסט שוין וואָס זיי מיינען "קומט אויס א בוידעם אָן א יאריד"...

מאקי האָבן יענע מחברים פון העברעאישע ווערק ניט פאר־שטאַנען ווי נושא חן זיין ביי זייערע לייענערם. די גרויסע ווערט פון א מחבר איז נאָך אלץ געלעגן אין דער שוועריקייט צו כאפן וואָס זיי ווילן. אפילו ברעסטאָמאטיעס האָבן געהאט מאטעריאלן פול מיט מליצה און "הויכע ווערטער". געשיכטע און געאָגראַפיע האָבן מיר געלערנט ביי קלמן שולמאן. זיין סטיל איז געווען איבערמעסיק באַ־לעבטיקט מיט "הויכשטאפלערישע" אויסדרוקן. די "דברי ימי עולם", א מליצהדיקער נאָמען פאר א לערנבוך, האָט פארמאָגט זייער פיל, לערך, בענדער. און אזוי אויך זיין מליצהדיק גערופענע "מוסדי ארץ", די געאָגראַפיע. ווען שולמאן האָט געמאָלן דעם הויכפונקט פון א שלאכט האָט ער באנוצט "נלחמו כאריות", געקעמפט ווי די לייבן וואָס איז רעכט געווען אין ציימן פון צוויי־קערפערדיקע קאמפן.

יצחק בער לעווינזאָנס ספרים זיינען אין מיינע צייטן שוין געלייענט געווען, ריכטיקער געלערנט. פיל באלעבאטים אפילו האָבן

"אריינגעקוקט" וואָס זאָגט ער, און מיטן "אפס דמים" (אוים בלוט־בלבול) האָבן זיי זיך געגרויסט: — וואָלט נאָר דער ספר געווען איבערגעזעצט אין רוסישן "וואָלט א ייד געקאָנט דאָס דערלאנגען צו א קריסט וואָס באשולדיקט אונדז דרינען". געווען טאטעס וואָס האָבן שוין אויסגערעדט מיטן מלמד בפירוש אז ער "זאָל לערנען מיטן יונגל לעווינזאָנס ספרים". ביי די תלמידים האָט לעווינזאָנס שפּראַך און סטיל ניט אויסגענומען. "גליטשן זיך" איבער אים פריי ווי איבער מאפּוס האָט מען ניט געקאָנט.

דער פארביסענער שונא פון השכלה איז געווען דער למדן. אפילו צו שמ"רס ביכער האָט ער געפילט א גיפטיקן האס. זיין פּאָזיציע אין געזעלשאפט איז געווען א פּריווילעגירטע, ווען אפילו ער האָט געהערט צו די אביונים. "א ייד א למדן, א ירא שמים" איז געווען ביים פאָלק אן אומבאשטרייטבארער טיטל. ביי א גבירישער חתונה פלעגט מען אויסזעצן עטלעכע אין קעגנזייטיקע שורות און "באשיינט" מיט זיי דעם טיש. "עמך" פלעגט מקנא זיין מער דערויף ווי אויף פיל וויכטיקערע זאכן. צום פאָלק האָט א למדן קיינמאָל קיין דעמאָ־קראטישע און דערציערישע באציאונג ניט געהאַט. געהאלטן פאר א סכנה צו מאכן אים מבולבל מיט "איידעלע שמועסן".

— אי, פרעג בעסער ניט וועגן ענינים וואָס דו ווייסט ניט — האָט דער למדן געראָטן דעם עם הארץ, — כייווי וועסטו ניט פאר־שטיין וואָס מע רעדט צו דיר...

געווען דאן אסור, צו לערנען שפּראכן, אפילו די לאנד־שפּראך וואָס האָט שוין דאן געפעלט אין פארקער מיט פּאָליציי און רעגירונג־אינס־טיטוציעס.

— ער מיינט אז רעדן "רישיש" איז א זאך פאר א יידן. דו שוטה, אויב דאָס איז א שפּאן נעענטער צום פּריץ איז דאָס תיכּף טאקי אין שכנות מיט דער פּריצה'טע. קאָנסטו רעדן טאקי "רעכטיק" דאָס לשון הויבט שוין אָן דער פּריץ פארפירן מיט דיר א שמועס וועגן אונדזער תורה און גמרא, און אמונה, און ער דיר קאָן זאָגן אלצדינג וואָס אים גלוסט זיך, אָבער דו מוזט שווייגן. און דערווייל קומט אונטער די פּריצה'טע מיט טיי און דו זעסט אפילו ניט ווי זי ווארפט אריין צוקער און מישט פאר דיר מיטן טריפה'ן לעפעלע; דו

הערסט? און באַלד... נו וואָס זאָל איך רעדן אַ סך? עס גייט איינס נאָכן אַנדערן ביז סע פאַרגייט אין דר׳ערד אַריין.

דאָך האָט לינעצקי ביי די פּרומע עפּעס אויסגעפּועלט. אַ מזוזה איז קלענער געוואָרן, אַרויס פונעם באַבולענעם איינהיל און אַריבער אין אַ בלעכענעם שאַכטל. די סאַמעטענע יאַרמולקע (קאַפּל) האָט אָפּגעטראָטן וועו דער מאָדערנער, זיידענער. פאַרנייטע שפּאַלטן אין דער קאַפּאָטע פון הינטן האָבן זיך צעעפנט האָפּערדיק, אויפגעהערט מורא האָבן אַז צוליב די פיר שפּיצן אין איר זאָל מען מוזן "איינמאַכן ציצית". אַ הויז איז געוואָרן לענגער און פאַרדעקט די אויערלעפּלעך ביי די שיך...

— דו ווערסט אַ "דאַטש", מיין מאַן...

— דאָס חלילה נים, מיין ווייב, נאָר מע קומט צווישן מענטשן, היינט געוואָרן אַנדערע מענטשן.

די מאַמע האָט געשמייכלט, די קינדער האָבן געקוואָלן, אָנגעהויבן האָרעווען אַרום דער מוטער זי זאָל אָנטון אַ פּאַרוק.

— מאַמעניו, דיר וועט דאָס פּאַסטן, דו וועסט אויסזען שענער און...

— זע נאָר, זע, ווי מע זאָרגט זיך פאַר דער מאַמען, און וואָס וועט דער טאַטע זאָגן?...

— אוי, מאַמעניו, ער וויל, מן הסתם, דו זאָלסט אויסזען שיין...

די מוטער האָט זיך פאַררויטלט און איבערגעגאַנגען אין אַלקער אַ קוק טון זיך אין שפּיגל.

אויפגעטאָן פיל האָט דאָן אַ "ווייבערשע" צייטונג, דער פאָלקס־בלאַט. קודם האָט דער מאַן פאַרגעלייענט די צייטונג פאַרן פרויען־טייל פונעם בני בית. זיי האָבן אָנגעהויבן "וויסן וואָס אויף דער וועלט טוט זיך" און כאַפּן דעם ערשטן באַגריף וואָס אַזוינס איז פּאָליטיק. באַ דער אָפּוועזנהייט פונעם מאַן האָט די פרוי אַ פּרואוו געטאָן בסתר דעם ענין לייענען אָן נקודות. אויב דאָס איז געגאַנגען און זי איז געווען פון די געוואַגטע האָט זי שוין צוגעגרייט דעם מאַן אַ סורפּריז. איך געדענק ווי מיין מאַמע איז אויסגעוואַקסן ביים טאַטן אין די אויגן ווען זי האָט אים אַ זאָג געטאָן: — לייען זיך דיין לשון קודש־דיקן בלאַט, איך וועל פאַרלייענען דעם זשאַרגאָנישן...

— אדרבא, לאָמיר הערן.

ער האָט געהערט און הנאה געהאַט. פאַר מיר איז דאָס געווען א יום־טוב. פאַרן יידישן קבוצל אין דאָרף א סענסאַציע... די צייטונג אין לשון קודש פלעגט אין א שטעטל קומען צו איין, צוויי עקזעמפלאַרן. דער אבאָנענט איז געווען אן איידימל פון דער פּרעמער. עולם האָט זיך דערמיט באַגנוגנט, ווייל דער אבאָנאַמענט־אָפּצאָל איז געווען א "מטמון". אָבער געלייענט האָבן אלע ווער נאָר עס האָט געקאָנט. די איבעריקע האָבן צוגעהערט דעם פאַרטייטש דערפון. די צייטונג פלעגט צום אייגנטימער צוריקקומען כמעט גאַנץ. עולם האָט זי געהיט: — א בלאַט צייטונג האָט א ווערט אלעמאָל...

און אלץ איז דער ראָמאַן פאַרבליבן דער סאַמע אינטערעסאַנטער קוואַל צו אנטוויקלונג. דאָס פאָלק האָט זיך איינגעלעבט מיט שמ"רן, האָט געזוכט אויפן ערשטן לייענבלעטל זיין העברעאישן שיר, האָט אים געלייענט, אָדער געהערט דעם טייטש פון אים, און גלייך ביים אָנפאַנג לייענען געזוכט דעם ציפער פונעם לעצטן זייטל כדי דערוויסן זיך ציִ מע קאָן זיך "אָנלייענען"...

אויך דער טייטשמערישער צומיש האָט נושא חן געווען: — עס קומט אויס איידעלער, ניט מיט די קאַצאַפּישע ווערטער אינמיטן.

איך געדענק די באַגייסטערונג פונעם לייענער מיט מענדעלעס "קליאַטשע". יידן האָבן שטענדיק ליב געהאַט אלעגאָריעס. די ראיה איז דער דובנער מגיד און ענלעכע וואָס לעבן נאָך היינט אינעם זכרון פונעם יידיש־רעדנדיקן טייל אינעם פאָלק. אָבער מיט דער שפּראַך איז מען ניט געווען צופרידן. פּשוטער עולם האָט געפרעגט צוליב וואָס מאַכט ער חוזק פונעם זשאַרגאָן. און משכילים אינעם שטעטל האָבן דאָס צוגעשריבן מענדעלעס נעגאַטיווער באַציאונג צו דער "שפחה": — מענדעלע איז דאָך דער אמתער משכיל. ווי קומט ער צו זשאַרגאָן? גאָרניט. ער האָט געוואָלט מהנה זיין דעם פּשוטן מענטשן און די יידענע... מיין זיידע האָט "מעין געווען" אין דער "קליאַטשע" און געזאָגט מיט א ים "להבדילס" אז דאָס איז אן ערך אזא מין "מיינעכץ" ווי עס האָט שיר השירים, כלומר דאָס יידישע פאָלק, די "כנסת ישראל".

איז דער ספר און בוך געוואָרן אזא באַדערפטיקייט אז א ייד זאָל דערפון מאַכן חיונה? — ניין. קיין בוכהאַנדלונגען האָבן זיך

ניט געשאפן אפילו אין א גרעסערער שטאָט. אפשר האָט זשיטאָ־מיר יאָ געהאט אזא, ווייל דאָרט איז געווען אן אינסטיטוט צום אויסבילדן לערערס פאר יידישע (יעווריעיסקיע) שקאָלעס.

אגב האָט דער זשיטאָמירער אינסטיטוט אונדז געגעבן א ריי אינטעליגענטן, פון זיי זיינען א טייל געוואָרן רעגירונג־רבנים צום קאָנטראָלירן חתונות און געבורטן. יידן האָבן ניט ליב געהאט רע־גיסטרירן זייערע יינגלעך, עס האָט געהערשט די מורא פון אנט־פלעקט ווערן "פארן קיסר". די דאָזיקע רבנים, "קאזיאָננע", האָבן דער יידישער געזעלשאפט אין די שטעטלעך ווייניקער, ריכטיקער גאָרניט, געגעבן. זייער געזעלשאפט איז מערסנטס געווען דער אפטעקער, דאָק־טאָר און גמינע־שרייבער, אָפט אויך דער פּאָפּ. לגבי יידן האָבן זיי זיך געהאַלטן "פריציש". טיכטיק און נוצלעך זיינען אייניקע פון זיי געווען אין די גרויסע שטעט.

ביכער פלעגט מען אויסשרייבן פון ווארשע און ווילנע איבער־הויפּט. דער מוכר־ספרים מיטן ביידל איז געווען א געוואוינטשענער גאסט. ער האָט באפרידיקט דעם רעליגיעזן באדאַרף פון סדורים, מחזורים און אנדערע ספרים פון דעם מין.

די מאָדערנע סחורה בא די מוכרי־ספרים איז געווען שמ"רס ראָמאַן.

— אָט דער ראָמאַן, זעט איר, איז גאָר גאָר א נייער...

— הערט, רב מוכר־ספרים, אָט דער איז דאָך געמאכט גע־וואָרן פון איינעם עפּעס א בוכבינדער, א בלאָוושטיין...

— אי, דרייט ניט קיין קאָפּ, — האָט דער מוכר־ספרים געבייזערט זיך, — דער "בחור הזעצער" האָט געהאט א טעות האָט ער אָפּגעדרוקט בלאָוושטיין. איר קאָנט דאָס אויסרייבן און אויפצייכענען שמ"ר. אלע ראָמאנען ווערן געמאכט פון שמ"רן...

— און דער איז ביי אייך נייִ?

— וואָס דען איז ער, אלט? ווי אלט איז דער גאנצער שמ"ר, אפשר א יאָר דרייסיק. און זיינר א ראָמאַן ווערט ממש צעכאפּט פון יעדן איינעם כאָטשבי א קוק טון אין אים. פונעם כאפן אליין ווערט ער באלד אלט.

אָרעמע ביידלעך האָבן געפירט מערסטנס אלטע, אויסגעלייענטע ראָמאַנען, אויסגעפלעקטע און באוויינטע, דאָרט וואו דער חלה, אָדער

"זי" האָבן געהאט א דורכפאל צוליב א טאטן א גזלן. געמעלט האָבן צומאָל בלעטלעך אינמיטן, ביים סוף זייער אָפט.

— זעט נאָר, פעטער, עס פעלן דאָך בלעטלעך סיי אינמיטן, סיי ביים סוף, און א מקח ווילט איר ווי אלץ וואָלט געווען נאָר אויפן בעסטן אופן. ווער וועט זיך נעמען לייענען אזא "צעדראָסטן" בוך?...

— מע וועט זיך נעמען, זונעניו, מ'האט א קאָפּ אויף די פּליי־צעס און אינעם לייענען שטויסט מען זיך אָן וואָס אזוינס קאָן דאָרט פעלן. אניט פרעגט מען אזעלכע וואָס האָבן שוין געליינעט דעם בוך, זיי געדענקען ווייל אזא ראָמאן פארגעסט מען ניט. די ליבע אין אים פלאקערט ווי א קאַלעך־הויוון. ער שפּילט זיך מיט שמ"רן. אז א וועלט מיט שרייבערס מאכן אים נאָך און שטעלן נאָר ארויף זיין נאָמען...

— און ביים סוף, פעטער, ביים סוף פעלן דאָך בלעטלעך?...

— אָן אנטיק וואָס סע פעלן בלעטלעך, אז יעדע ראָמאן לייענען אוים זיבעצן שטעטלעך איידער ער קומט אָן אין אייער שטעטל...

# קאפיטל פינף

מיטן פונאנדערבלי פון יידישער וֹוגנט און יידישער שפּראַך האָט געגומען וואקסן דער דראנג צו קענען די לאנדשפּראַך. ביז דאן — לויט מיין פּאַטערס שילדערונג — האָבן יידן געמאכט זייער ערשטע באקאנשאַפט מיט רוסיש דורך דעם אויפדרוק "דאַז־וואָליענאָ צענזוראָיו", דערלויבט פונעם צענזאָר, אויף יעדן ספר, ווי סדורים, מחזורים, סליחות און אלע אנדערע אין א יידישער שטוב, און בכלל אויף יעדן בוך. יידן האָבן די אותיות נישט געקאָנט און געלייענט בירושה פון טאטן און זיידן. יעדער ייד פלעגט צומאָל פּראָטעסטירן: — אָנעם "דאַזוואָליענאָ" לוינט אים ניט, עס מוז האָבן די הסכמה פונעם יון. אָבער דערקאָנענדיק מיט דער צייט די אותיות אין אנדערע פלעצער האָט א ייד שוין געוואגט אויס־שטעלן זיך — "א ביסל רישיש פארשטיי איך"...

אגב פלעגט דאָס לײדיקע בלעטל תיכף נאָכן טאָוול פּאַרמאָגן אַט די סטערעאָטיפּ־אויפשריפט: — זה הספר שייך, למי שייך? למי ששייך שייך. למי פּאָרט שייך? להנגיד החכם והנבון מוהר״ר נתן גטע בן לעמל בער גרינזייג מעיר קאטאניוועק, פאָדאָליער גובערניע. דער טייטש דערפון איז: — אַט דער ספר געהערט... צו וועמען גע־הערט ער? צו וועמען ער געהערט געהערט ער. צו וועמען פּאָרט גע־

הערט ער? ער געהערט צום נגיד, דעם חכם און פארשטאנדיקער
הער א. א. וו.

א יידן א "זאקאנטשיק" האט יעדער שטעטל פארמאגט צום
שרייבן ביטעס און טון אנטשפרעכנדע ארבעטן. געפירט דערצו האט
אים זיין צופעליקער אויסלערנען זיך שרייבן רוסיש און א שיינער
כתב. אויב אזא איז באמערקט געווארן פון, למשל, א גמינע־שרייבער
פלעגט ער אים נעמען צום איבערשרייבן פאפירן פאר קאפיעס וועגן.
דער וועג, הייסט עס, האט געפירט נאטירלעך צו היימישקייט
און באקאנטשאפט מיט "קנעפלעך", דער נאמען פאר קריסטן
מיט אמטצייכנס אויפן ראנד פונעם היטל. קיין גרויסע שפראך־
קענערס זיינען דערפון ניט ארויסגעקומען, אבער פיל האט מען
נישט באדארפט. אין א שווערן פאל ווען עס האט געפעלט "א
וואזשנע" ווארט האט מען דאס באקומען אין ליפשיצעס ווערטער־
בוך. דער זאקאנטשיק איז געווען דער נויטיקער פארשוין אינעם
שטעטל. דאס האט אים געמאכט צום "גדול", געבראכט צום ניט
איבעריק ליב האבן זיינע "רעליגיע־גענאסן"...

די "זאקאנעס" וואס אזא מאכער האט געמוזט האבן אין קאפ
האט מען גערופן "יידישע". זיי אלע האבן געהאט צו טון מיט
פארבאטן וואס מ'האט באדארפט קאנען "אריבערשפרונגען און
ג״כ פארמשעפען דעם קנאפל". בעיקר האט דאס געהאט א שייכות
מיט האנדל, און סעזאנענווייז מיט "דארפן גיין דינען פאניען".
צרות האבן יידן געהאט אויך צוליב מוזן אמאל אויסקערן דעם מיסט
פאר דער שטוב און קראם. דער פאליציסט האט דאס געמוזט באמער־
קן און פראטאקאלירן צום געריכט, ווייל דערפון האט ער, דער אדון,
געלעבט, פארהאנדלענדיס דעם פראטאקאל צוריק צום "פאראומגליק־
לעכטן" יידן.

— עס איז דאך ממש א מציאה אפצוהאנדלען ביי אים, ימח
שמו, פאר צוואנציק קאפיקעס א שטראף פון דריי קערבלעך...

יידן האבן מקנא געווען דעם זאקאנטשיק: — א געבענטשטע
פרנסה. איך זינדיק, כלומרשט, און ער פארדינט דערביי און ווערט
נאך א חשוב ביי "נאטשאלסטווא". מע פלעגט דערציילן אז א הויכער
ריכטער פון גובערניע האט קאנטראלירט די שטעטלדיקע געריכטן און

געפרעגט ווי טרעפט דאָס אז פּראָצעסן וועגן פארנאכלעסיקן די סאניטארע רעגעלן זיינען גאָר ביי אים ניטאָ.

— זיי ווערן געאורטיילט אין פּאָליציי, — האָט דער ריכטער פארענטפערט.

— וואוהין דאן גייען די שטראָף־געלטער?...

— זיי ווערן פארווענדעט אויף אויסבעסערן די עקאָנאָמישע לאגע פון דער אָרטיקער פּאָליציי...

די רוסישע שפּראך איז דעמלט ניט געווען פּאָפּולער אפילו צווישן די שטעטלדיקע קריסטן, און גאָרניט נויטיק פארן יידן אין זיינע משא ומתנ'ם מיט פּוילישע פּריצים. א קריסט פון די אָרטאָדאָקסן (פּראוואָסלאַוונע) וואָס זיין לשון איז געווען אוקריייניש, אָ:ן אויך די זעלטענע וואָס האָבן יאָ געערדט די אָפיציעלע שפּראך, האָבן אָנגעשטרענגט זיך רעדן פּויליש. יידן נאָך האָבן געהאַט א כלל אז "צו פּאָניען דאַרף מען ניט האָבן קיין רישיש, צו אים מוז מען האָבן געלט, רק געלט".

ערשט מיין יונגל־דור האָט זיך גענומען לערנען רוסיש, און ניט לשם מסחר, נאָר לשם בילדונג. אָנגעקומען איז דער למוד ביטער שווער, ניט געווען קיין צוגעפּאסטע ביכער פאר אויטאָדידאקטן. צו דער האנט איז געקומען דער "בוקוואר" (אלף בית) פון א קלויסטער־אויסגאבע. און האָט מען שוין געקאָנט לייענען אויפן שפּיץ־מעסער איז געקומען די צרה פון דעם אקצענט (אודאַרעניע). די רוסישע שפּראך האָט ניט קיין פעסטגעשטעלטע געזעצן צו לייענען ריכטיק מיט דער געהעריקער באטאָנונג ווי אין דער פּוילישער שפּראך. כאפּן די באטאָנונג פון רוסישע ווערטער קאָן מען בלויז דורכן געהער און דורך לאנגער פּראקטיק. יידישע בחורים האָבן אויף אויסעווייניק געקאָנט גאנצע כרעסטאָמאטיעס, געקנאקט מיט התלהבות פּושקינען און לערמאָנטאָוון, און אלינקע פאבעלן פון קרילאָוון. אזוי אויך לאנגע גראמאטיקעס און סינטאקסיסן פון קירפּיטשניקאָוון און אנדערע. אויסגעחזרט ממש, טויזנטער ווערטער פון ליפשיצעס רוסיש־יידישן פרעמדווערטער־בוך. אָבער דעקלאמירן אין דער אָנוועזנהייט פון א רוס האָט קיינער ניט געוואגט. עס האָט געריסן די אויערן ביי רוסיש־רעדערס...

צום לייענען מאָדערנע ביכער איז דאָס געקומען שווער. קודם האָט דאָס די אָרימקייט ניט דערלויבט צו ברענגען נייע רוסישע ביכער. אין גאנג איז געווען ליטעראַטור פון "יעקאַטערינעס צייטן", פון די צייטן ווען ניקאָלאַי, דער ערשטער האָט געוואָלט שיקן יידן אין די שקאָלעס און זיי האָבן געלאַרמט "שקאָלעס ניע זשעלאַיעם", מיר ווילן ניט...

איך געדענק "ביבליאָטעקן" וועלכע זענען געווען צוזאַמענגע־שטעלט פון חודש־זשורנאַלן מיט דאַטעס פון אָנפאַנג אכצנטן יאָר־הונדערט. צום אַפּטייקער איז מען געגאַנגען בעטן "וואָס פאַר א ביכער עס זאָל ניט זיין אבי קאָנען "כאַפּן די רגילות" אין לייענען. בא די פּאָפּעס האָט מען געבעטן קריסטלעך רעליגיעזע ביכער. קריסטן האָבן ווילק אויסגעליען ביכער, געבעטן מע זאָל זיך מיט זיי באַגיין "דעליקאַט" ווייל יידן ווייסן ניט ווי אַזוי, זיינען "ניט געוואוינט נאָך מיט א בוך".

און העברעאישע ביכער, ווער נאָר עס האָט געקאָנט לייענען, האָט מען געלייענט צו דריימאָל, ווייל פון איין בוך באַקומען ביזן צווייטן האָבן וואָכן זיך פאַרוואַנדלט אין חדשים. ביי די העברעאיש־לייענערס איז אויך געווען אַן עובדא צום אויסחזרן, ספּעציעל פון סמאָלענסקיס ווערק, די "מאמרים" (אַרטיקלען), וועלכע ער פלעגט אַריינשטעלן צווישן קאַפּיטלען פונעם ראָמאַן.

לערערס פאַר רוסיש זיינען געווען זייער זעלטן. דער רוב פון זיי האָט געקאָנט אויסעווייניק א צוויי דריי גראַמאַטיקעס, געקאָנט גאַנ־צע ווערטערביכער אויסעווייניק, געזאָגט ווי א וואַסער די לענגסטע פּאָעמע פון פּושקינען, נאָר פאַר א לערער האָט ער ניט געטויגט. איז געקומען צו א ספק אין דער אַקצענטירונג פונעם וואָרט האָט ער זיך קיין עצה ניט געגעבן אָן דעם ווערטערבוך פון ליפשיצן, וואו יעדער וואָרט האָט געהאַט די אַנטשפּרעכנדיקע באַצייכענונג.

מיינע א מומע, א צוגעקומענע פון א גרויסער שטאָט, האָט מיר געשטויסן צום רעדן מיט מיין פאָטער וועגן א מעגלעכקייט פאַר מיר צו קאָנען ריכטיק די לאַנדשפּראַך.

— זיי א מענטש, עפן דאָס מויל און זאָג וואָס דו ווילסט...

איך האָב דאָס איינמאָל אין א שבת נאָך טיש געעפנט. מיינע ווערטער זיינען געפאַלן אומרואיק, אין פּחד טאָמער געפעלט דאָס ניט מיין פּאַטער. ער דווקא האָט מיך געמונטערט: — רעד, מיין קינד, פאר טאַטן שרעקט מען זיך ניט. לאָז מיך הערן.

איך האָב שוין ניט בלויז גערעדט צו מיין טאַטן נאָר אין אים אריינגערעדט. ער האָט געהערט געדולדיק און ניט געמאכט קיין מינע פון אומצופרידנקייט.

— ביזט אפשר גערעכט, מיין קינד, עס גייט א צייט וואָס מע וועט זיך ניט קאָנען באגיין אָן דעם לשון, אָבער פארנאכלעסיקן דעריבער די יידישע למודים טאָרסטו ניט. און שעדיקן זיי אפילו אויך ניט. איך בין דיר מבטיח אז קודם דיין חתונה וועל איך צונעמען פאר דיר א לערער פון א גרויסער שטאָט וואו מע רעדט דעם ריכטיקן רוסיש, איך וועל אים באצאָלן אפילו דרייהונדערט קערבלעך, אפילו מערער אויך און ער וועט דיך אויסלערנען אין דריי פיר חדשים אלע לשונות וואָס דו אליין וועסט אויסוויילן פאר זיך.

— טאטע...

— רעד ניט קיין איבעריקס, מיין קינד, געטרוי דיין טאַטן, איך וויים בעסער פאר דער מומען וואָס א יידיש קינד באדאַרף צו לערנען...

איך און אנדערע האָבן פאַרגעזעצט עקשנותדיק אריינקריכן אין די "מעמקים" פון רוסיש, געארבעט מיט אלע כלים און דעראָבערט אזויפיל וויפל בלויז א גימנאזיסט אינעם לעצטן קלאס האָט אפשר געקאָנט אָניאָגן.

צו מיינע פערצן יאָר בין איך אהיימגעקומען פון א שטעטל וואו איך האָב פארבראכט עטלעכע חדשים צוליבן געוואוינען זיך צו בית המדרש, צו יידישקייט בכלל, און מיטגעבראכט דעם הארטן באַשלוס צו באזוכן די רוסישע שקאָלע! (פאָלקסשול) אין אונדזער קרייזשטאָט פּראָסקוראָוו. איך האָב גערעדט צו מיין מאַמען, בלויז איר זכות האָט מיר געקאָנט ביישטיין דערינען. איך האָב אָנגעהויבן פון קאָנען דאָרט לערנען ביי דעם בארימטן גמרא־מלמד, ר' מאַרדוש, צוגעזאָגט דערגרייכן צו סמיכות אויף רבנות, אָבער איינצייטיק באַזוכן די שקאָלע. שרייבן שבת וועל איך ניט, דער טאטע וועט

אונטערקויפן דעם דירעקטאָר. און רוסיש לערנען מוז איך, אניט איז מיין לעבן ניט ווערט ביי מיר גאָרניט...

מיין מוטער איז דערשראָקן געוואָרן, ווי וועט זי רעדן מיטן פאָטער דערפון. איך האָב אָנגעלאָזן אַלע סענטימענטן וואָס באווירקן א מאמע און געפועלט: — זי וועט רעדן...

דער ענין איז ביי מיר, ווי ביי אנדערע, געגאנגען שווער. איך האָב געמוזט מאכן טריבע מינעס, אומגיין פארטראכט, פארלירן דעם אפעטיט, געקרעכצט פון שלאָף. אלץ וואָס האָט געטויגט צו מאכן די "רעוואָלוציע" און אויספירן.

מיין זיג איז געווען א פולשטענדיקער. אזוי אויך האָבן געזיגט א פאָר חברים מיינע. אָבער דערציילן וועל איך אייך וועגן מיר. דער סוף האָט דאָך געזאָלט זיין איינער ביי אונדז אלעמען. געפאָרן איז מיין פאָטער ספּעציעל קיין פראָסקוראָוו צו רב מאַרדושן, באַדונגען קעסט מיט למוד, "אונטערגעקויפט" דעם דירעקטאָר פון דער שקאָלע אז שבת און יום־טוב, אויב עס וועט אין א שבת, אָדער יום־טוב אָנקומען א שלאָק, אן אינספּעקטאָר צו קאָנטראָל, זאָל מיר "וויי טון די רעכטע האנט" און איך זאָל בעטן מיך אהיימלאָזן...

אלץ איז געגאנגען כשורה. געפעלט האָט בלויז דעם זיידנס הסכמה. אָן זיין חתימה איז אין משפחה גאָרניט געטאָן געוואָרן.

אין יענעם טאָג ווען מיין זיידנס בריטשקע האָט זיך באוויזן פאַר די פענסטער פון אונדזער הייפל האָט מיין הארץ צום ערשטן מאָל געקלאפּט אין שרעק פאַר אן אורטייל וואָס קאָן זיין פאטאל. אלע מיר זיינען געלאָפן אנטקעגן און אים אריינגענומען מיטן געהעריקן רעספּעקט און נאַטירלעכער ליבע... נאָכן אויספרעגן זיך משני הצדדים וועגן געזונט און וועגן גאנג פון דער ארבעט אין די מאיאַנטקעס. נאָכן מיטיק און אָפּרו האָט מיר מיין מוטער געמאָלדן אז זי האָט מיטן זיידן שוין גערעדט און עס זעט אויס דאָס ער איז מסכים. מיין באַרואיקונג איז ניט געווען אזוי גרויס ווי דער שרעק וואָס האָט מיך באַנומען...

ווען איך בין גערופן געוואָרן צום זיידן האָב איך מיר "געמאַכט האַרץ" און דערשינען פאַר אים. ער האָט מיך צוגערופן, א קוש געטאָן אין שטערן און געהייסן זעצן זיך.

— נו, סאר א מסיכתא לערנסטו?...

איך האָב ראַפּאָרטירט, באַלד באקאנט געמאַכט מיט א תוכ־פות־קשיא, זי פארענטפערט און אויסגענומען בא אים.

— וואָס ווילסטו עפּעס דערגרייכן ווייטער?...

איך האָב גערעדט וועגן מיין "רצון", געוואגט צו מאָטיווירן גאנץ אויספירלעך און אלץ זיכערער אינעם טאן. געמאַלדן וועגן מיין אמביציע צו ווערן א רב — ראבינער אין א כרך גדול מע מוז דערצו קאָנען שפראכן, קודם כל די לאנדשפראך...

מיין זיידע האָט געקוקט צו מיר מיט באוויליקטע אויגן, צוגע־הערט זיך, איבערגעפרעגט עפּעס און געהייסן ווייטער רעדן...

— מתוק מדבש, מיין טייער קינד, דו האָסט א פּיסקעלע אויף חדושים. ווען דו וואקסט אויס א ראש ישיבה... וואָס טויג דיר ראַ־בינער? א ראש ישיבה איז, לפי דעתי, די גרעסטע מדרגה פאר אזא ווי דו. און פאר א ראש ישיבה האָט דרך ארץ אפילו א גובערנאַטאָר. דו הערסט, מיין קינד?...

— יאָ, זיידע.

— נו, מוזטו פארשטיין אז אזא קעפּל איז א שאָד אָפּצוגעבן אויף פוסטע זאכן. דיר דוכט זיך, אז מע ווערט ראבינער נעמט מען אָפּ די גאנצע וועלט. ס'א טעות, מיין קינד. און חוץ לזה מוזטו דאָך ווייסן אז ביי מיין לעבן וועט קיין שום אייניקל מיינס ניט גיין אין זייערע שקאָלעס, — חלילה!...

מיין זיידע האָט געטאָן א הוסט, א רמז דערויף אז די אודיענץ האָט זיך פארענדיקט. איך האָב א טריבן קוק געטאָן צו מיין מאַמען. אירע אויגן זיינען געווען אין טרערן. איך האָב באגריפן אז מיין זיידע איז דער לעצטער פּסוק...

אָבער די "אייניקלעך" האָבן פאַרגעזעצט עקשנותדיק זייער אונטערנעמונג. צוגעשפּילט האָט אונדז דער מזל מיט א כרעסטאָ־מאַטיע אין רוסיש, די ריכטיקע באַטאָנונג איז געווען אויף יעדן וואָרט. דער נאָמען פון דעם צוזאמענשטעלער פון דער כרעסטאָמאַ־טיע האָט געקלעבט אונדזערע ליפּן ווי האָניק. עס איז אוועק אַן אָנגעשטרענגטע מי צום פאריכטן אלץ וואָס איז געווען אין אונדזער רוסיש קאַליע. מ'איז שנעל געקומען צום קאָנען און טאַקע רעדן די

שפּראַך ריכטיק. קריסטן האָבן באַמערקט און געזאָגט — ״זאַגאַוואַ־רילי״, זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן. מיר האָבן דאַן אָנגעפאַנגען ערשט רעכט לייענען און דאָס פּרייע רוסישע וואָרט אין אונדזער מויל האָט אונדז לייכט געשאַפן קאָנטאַקט מיט רוסישע אינטעליגענטן און זייערע שטוב־ביבליאָטעקן. יידישע יינגלעך, און אין זעלטענע פאַלן אויך שוין מיידלעך, האָבן באַקאַנט זיך מיט טורגעניעוום ״טאַטעס און קינדער״, זיין ״רודין״, גאָנטשאַראָווס ״אָבלאָמאָוו״ און אַנדערע באַרימטע ווערק...

און דאָך האָט עס געצויגן צו לייענען שמר״ס אַ נייעם ראָמאַן, אַפילו דאַן שוין ווען מרדכי ספּעקטאָרס נאָמען און די ליבע צו אים מצד דעם לייענער איז געוואַקסן.

עס האָבן אָנגעפאַנגען הערן זיך סענסאַציעס וועגן יידישע קינ־דער אין גימנאַזיעס, עס האָט גענומען וואַקסן די קנאה צווישן דער יוגנט און דעם שטוב־קאַמף צום אויסווירקן בא עלטערן די הסכמה צו לאָזן לערנען און אָנקומען אהין.

מיר האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די גימנאַזיעס, מיר האָבן מיט אַמאָל געהויבן די צאָל שילערס וואָס האָבן באַקומען ״פּינפן״, מיט אונדז האָט זיך געבעסערט דער נאָמען פון די בילדונג־אַנשטאַל־טן. אונדזערע יינגלעך האָבן באַקומען פינפן אויך פאַר גוטער אויפ־פירונג, זיי זיינען דאָך ערשט אַרויס פון טאַטע־מאַמעס שטוב, וואָס איז געווען, על פּי רוב, אַ גוטער דערציאונג־אַנשטאַלט.

און דאָס איז באַמערקט געוואָרן זייער שנעל מצד דער רעגי־רונג, עס האָט ניט אויסגענומען און רעלאַטיוו שנעל געבראַכט צום ״נומערוס קלאַוזוס״. מיר האָבן באַקומען אָפּגעשניטענע רעכט ביז בלויז צען פּראָצענט פונעם צאָל שילערס אין די דאָזיקע לערן־אַנ־שטאַלטן. דאָס האָט תיכף געמאַכט אַז צום קאָנען אריין אין גימנאַ־זיע האָט מען געמוזט, איז מען געצוואונגען געווען, אויסצוהאַלטן דעם עקזאַמען אויף אַ פולער ״5״, און נאָך מיט אַ ״פּלוס״ בא דער זייט אַלס צוגאָב...

און דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען די ״עבודת פּרך״ פונעם יידישן יינגל, די פּלאָג און פּיין צוליבן אָנגעשטרענגטן לערנען און ״איבער־

יאָגן״ אנדערע. א פינף! יעדער יערלעכער עקזאמען מוז האָבן א פינף אין כלל, און דער לעצטער, אנטגילטיקער אוודאי...

די ״פינף״ האָט געדינט פארן הויפטמאָטיוו אין שמועסן מיט געסט און צו גאסט בא יענעם. די ״פינף״ איז אריין אין דעם סטיל פון רעדן בכלל: — ״ער האָט דאָס דורכגעפירט אויף א פינף״...

איז א קינד געקומען מיט א ״4״ פון גימנאזיע, איז דאָס נאָך דערצו געווען די פיר פונעם לעצטן עקזאמען, סיי וועלכער, האָט א טרויער באזעצט די שטוב און ביים עסן זיינען אלע געזעסן ברוגזע. די ״פיר״ איז געלעגן אויף די טעלער...

---

# קאפיטל זעקס

זאָל דאָס אויסן לייענער ניט מאכן דעם איינדרוק אז מיר האָבן געהאלטן שמר"ן פאַרן איינציקן גורם פון ענדערונגען אינעם יידישן לעבן. זוכט אין לעקסיקאָן פון יידישע שרייבערס וועט איר געפינען א צאָל בני־דור זיינע. עטלעכע קודם אים, עטלעכע מיט אים קלענערע און גרעסערע. דאָס אָבער ענדערט ניט דאָס בילד אין מיין זכרון. דער און יענער, הגם זיי זיינען שפעטער געוואָרן גדולים, האָבן געשריבן יידיש אויך. אָבער דער חמון האָט זיי ניט געקאָנט, ניט געלייענט, און ווען יאָ איז די צאָל לייענערס געווען א נישטיקע. שרייבער אין יענער התחלה־צייט האָבן ניט באוויזן מאכן זיך פּאָפּולער, ניט אויסגעבילדעט קיין לייענערס. נאָך אלע אָנגעוויזענע חסרונות בא שמר"ן, געדעכטע און אומגעדעכטע, איז ער פארבליבן מיט דער חזקה פון אלפאבעטירן די מאסע און ארויסשאפן פון איר דעם ערשטן גרויסן לייענער־קרייז. ער איז אויך געווען דער ערשטער שטויסער צום איבערמאָדערלירן דעם פרצוף פון זיין דור לגבי דעם פריערדיקן.

נאָך אָט די פּאָר שורות וועגן שמ"רס ווירקונג דערלויבט מיר, לייענערס, אומקערן זיך מיט אייך צו מיינע חברים און חברטעס. ניט די ליבע איז דאן געווען דער פאקטאָר פון בויען משפחה, נאָר דער שדוך. דער שדכן איז געווען דער מזווג, און דאָס רעצי־

דירנדע וואָרט דערביי האָט געהאט דער טאטע, וויניקער די מאמע. א שדוך האָט געמוזט פאסטן דער משפחה און האָט, אגב, סימבאָליזירט תכלית. דער הויפטציל פון עלטערן לגבי זייערע קינדער איז געווען תכלית, און געמיינט האָט דאָס א יחוסדיקן שדוך און א מאטעריעלן אָנהאלט דורך נדן און קעסט משני הצדדים. די פאָלקשילדערונג פון דעמלט לגבי שדוכים איז געווען אזא: — אין אלץ אין דער וועלט וויל א ייד זיין גרעסער פארן צווייטן, קומט עס אָבער צו א שדוך, וויל ער א מחותן א גרעסערן מיוחס פאר זיך, א רייכערן און א מער געלויבטן...

משדך זיין זיך וואָס פריער איז געווען דער באהאלטענער טרוים פון יעדע טאטע־מאמע. דער קבצן האָט מורא געהאט אין זיין ביטערער אָרימקייט טאָמער וועט זיין מיידל פארזיצן, וויל קלערן פון אן איידעם א זכצן האָט זיך ניט געוואָלט, און נעמען אן אָרים מיידל ווער וועט דאָס וועלן. גרייכן צו א לייטישן — זאָל זיין אפילו א באלמעלאָכע מוז מען דאָך אים ארויסהעלפן מיט "כלי זין". אינסטרומענטן. דער נגיד מיט א באזיץ פון אלעם גויטיקן צו כאפן ז'עם אנטיק פאר זיין טעכטערלס וועגן, האָט געוואָלט האָבן דעם נחת שוין.

קינדער דערוואקסענע האָבן בא דעם ענין קיין דעה ניט געהאט — "וואָס פארשטייען זיי אין אזעלכע זאכן?" געווען איז דאָס א שטיק אמת. א בחורל אינעם קליינעם שטעטל צו זיינע זעכצן־זיבעצן יאָר האָט ניט געגרייכט דערצו, און זייער אָפט געשעמט זיך צו רעדן מיטן פאָטער וועגן חתונה האָבן. און דאָס מיידעלע, א פופצן־יאָריקע — אודאי ניט. און האָט דער טאטע יאָ ווען א פרעג געטאָן ביים בחורל — "וואָס זאָגסטו דערצו?" — און דאָס בחורל האָט געעפנט דאָס מויל, א ביסל מער ווי דער טאטע האָט געמיינט, האָט ער באקומען "זיינס": — זע נאָר, זע, ווי ער מאכט זיך פארן גרויסן, הער נאָר א מין רעדן. וואָס־זשע מיינסטו, וואָס מאָכע וועט דיין טאטע פרעגן בא דיר מבינות, אָדער עצות?"...

עס האָט ווירקלעך אויסגעזען ווי א מלאך אויבן און דער שדכן אונטן קנעטן אויס, מיט דער הסכמה פון עלטערן, א חתן־כלה "אזוי

צוגעפאסט, אז טאקע נאָר מששת ימי בראשית"...

— צו הערסטו, מיין ווייב? קיין עין הרע אזויפיל קינדערלעך דאָס יאָר געבוירן געוואָרן, אז דער קאָפּ ממש דרייט זיך מיר שוין ווער מיט וועמען...

— אָבער, — האָט באמערקט די מאמע, — די קינדערלעך, וואקסן זאָלן זיי געזונטערהייט, זיי זיינען דאָך פּיצעלעך נאָך, מיר זאָל זיין פאר זיי...

— רעדסט טפשות, מיין ווייב, די קינדערלעך זיינען קינדערלעך, אָבער דער עיקר זיינען דאָך מיר, די עלטערן...

פארן שדכן האָט דער רבי געהאט א פאַרטיקע ברכה: — דער איבערשטער זאָל דיר באשערן וואָס דער מלאך האָט אויסגערופן...

שדכנים זיינען געווען פון מדרגות, א קליינער, דאָס מיינט, דער היימישער שדכן וועלכער איז געווען אין דער מיינונג אז שטעטלדיקע מוזן זיך משדך זיין בלויז צווישן זיך: — די עלטערן קאָנען זיך, די חתן כלה אויך, דער ענין איז א גאראנטירטער פאר א גוט לעבן...

א לאנד־שדכן האָט "משדך געווען שטעט", געקאָנט אָנטרעפן פארן אָרטיקן מחותן איינעם א פרעמדן, אָבער א גרויסן. חוץ לזה מאכן "ווייטע שדוכים" דעם עולם וועלטלעכער, עס איז נים בלויז א שדוך צווישן צוויי משפחות, נאָר צווישן צוויי שטעט...

און א וועלט־שדכן — אזא קאָן אמאָל אָנרייסן א מחותן און א חתנדל וואָס זאָל אויסשטעכן אלע שונאים די אויגן און באשיינען די משפחה...

יידן האָבן דערציילט ווי א שדכן האָט אויסגעפירט דעם שדוך צווישן באראָן גינצבורג און באראָן ראָטשילד און איז דערפון נתעשר געוואָרן. קיין ספק דרינען האָט נים געקאָנט זיין. אזעלכע צוויי מיליאָנטשיקעס ווי זיי, וועלן דאָך ניט קריוודן א שדכן וואָס דערפון לעבט ער און אויך אזא שדוך האָפט ער כל ימיו...

שווערע ארבעט האָט א שדכן געהאט צו פארדעקן א פסול אין א חשובער, מיינט עם א גבירישער משפחה, פארלייקענען א באלמעלאָכע אין איר. דאָס מיאוסטע איז געווען דער משומד, דער "טורמעניק" וואָס איז אין טורמע געזעסן מער ווי אין דער היים, דאן מוסרים פון יידישן כלל, און דאָס סאמע ערגסטע, א פסול בא דער כלה גופא...

— "ער מאכט דאס מיידל פאר א גרושה כדי פארדעקן די בושה"...

א באלמעלאכע, אגב, האט ניט געטויגט פארביידע וועלטן. אויף יענער וועלט "גייען אנטקעגן דעם מת זיינע מחותנים", נו שטעלט איך פאר אז צווישן זיי שפאנט פארויס דאס שניידערל "מיטן קאשקעטל אויף דער זייט"...

א שפאס פלעגט ארומגיין לגבי אזעלכע שדוכים: — דער רב האט צוליב א "גוואלדאוונעס" נדן משדך געווען זיך מיטן שניידער. לימים, האבן די מחותנים צעקריגט זיך בעת וואלן פון א "סטאראס־טע". דער רב האט רבניש א געשריי געטאן! — שניידערוק דו, דרך ארץ! איך בין א רב...

— צוריקוועגנס, רבי — האט דער שניידער געענטפערט: — א רב מיט א שניידער פאר א מחותן איז שוין גאר קיין יחוס ניט, זעט איר א שניידערל מיט א מחותן א רב איז אן ענין; דרך ארץ, רבי!...

א שדוך איז פאר דעם רייכן באלעבאס געווען א שפיל אין לעבן. דאס חתנדל, אפט א צוועלף־יאריקער, דאס כלה׳כן, א צען־יאריקע. מ׳האט זיי צוזאמענגעבראכט צו איינעם פון די מחותנים דורך א שליח מיוחד. די זמנים דארויף זיינען געווען פסח, סוכות און אויך חנוכה. משפחה און שכנים זיינען געווען געלאדן צו זען "דאס חתנדל", "די כלהלע". הערן פון אים א פשטל אין גמרא וואס איז געווען, אגב, צוגעגרייט דורך מלמד "אויף באשטעלונג" פונעם טאטן. און א קוק טון ווי "דאס חנעוודיקע כלה׳לכן נייט אוים". ער מיט זיינע פאסטעמקעס פון א דערוואקסענעם, און זי מיט אירע חן־גריבעלעך אין די בעקעלעך. עלטערן האבן דרין געזען אויך אן אופן פון צוגעוואוינען די קינדער איינעם צום צווייטן. קלענערע האבן זיך געשפילט מיט בשותפותדיקע צאצקעלעך און אפט צעדראפעט זיך די פנימ׳לעך. טאטע־מאמע האט געלאכט דערביי, געקאטשעט זיך פאר געלעכטער...

— וואס זאגט איר אויף אונדזער "פארפאלק"? זיי לעבן ניט בשלום, כאכאכא...

— דער פאטער פון דעם צד וואס האט באקומען צו גאסט די צווייטע העלפט פון דעם זוג, האט געגעבן מתנות צו אים — (ביים

מיטלקלאס) א זילבערן זייגערל מיט אזא קייט, אָדער צו איר — אזא פאסנדיק צירונג. ביי אָרימע מחותנים האָט מען די הוצאה ניט געמאכט ווייל חתן־כלה האָט מען ניט איינגעלאָדן...

אין שמר"ס צייטן האָט זיך אָנגעהויבן די ירידה פון שדכנים. דער זעלביקער בחורל וואָס פלעגט פילן ממש ליבע צום שדכן האָט גענומען קוקן קרום אויף אים. געוואָגט אפילו צו וואָרענען אז אָן זיין דעה דערביי וועט דער שדכן שוין ניט מאכן די "שטיק", בכן זאָל ער זען אז די כלה זאָל זיין א מענטש, קאָנען לייענען ניט בלויז "צאינה וראינה" נאָר אויך שמרס א בוך. און שרייבן ווי א מענטש אז "סע זאָל א פנים האָבן". שרייבן אפילו רוסיש אויך. סע גייען אנדערע צייטן. "איר זאָלט דאָס וויסן!"...

— און טאָמיר, חלילה, ניט...

— וועל איך שוין דווקא נישט געפעלן ווערן דעם "פארהערער" (עקזאמינאטאָר), אָדער דעם מחותן גופא...

די ענדערונג אינעם גייסט פון דעם "הייינטיקן" בחור האָט דער שדכן שנעל באַגריפן. דער רוב פון דעם פאך האָט באלד געכאפט זיך פארשן און נאָכפרעגן ווער מיט וועמען "פארליאפעט" זיך. דערין האָט אים טיכטיק מיטגעהאָלפן "זיינע". דער שדכן האָט שוין אָנגעהויבן אומגיין איבער די מקומות וואו פארליבטע באגעגענען זיך.

— הער נאָר, הערשעלע, אפשר דארפסטו האָבן מיין הילף דערצו ביים טאטן זאָלסטו זיך גארניט שעמען. איך פארשטיי דאָך אז אזוי איז גלייכער, אָ? געשמאקער, וואָס?...

— אָבער, רב גימפל, מיר...

— כאפּ זיך ניט. שפּילסטו שוין די רעכטיקע ליבע זאָלסטו דאָס מיר מגלה זיין. איך וועל פאוואָלינקע צוגרייטן דיין מאמען קודם, דער־נאָך אים אליין, דעם טאטן. און דיר וועל איך אל־מאָל מודיע זיין ווי אזוי דער ענין גייט...

דער שדכן האָט געדינגט דעם בחור אויך מיט רעקאָמענדאציעס אין וועלכער מיידל ער זאָל זיך איינליבן כדי אויסמיידן "געהאקטע צרות"...

— בעסער פון דער תחלה אן בארעכענען דעם עסק און ניט אָנ־טרעפן מיט דער נאָז אין הייסן ראָסל...

צרות האָבן פאראורזאכט גאַנץ "סטראַפּטשעס", שפּיאָנען. זיי האָבן באַלד "דאָנאָסיעט" (פארמסרט) צום טאַטן אַז אינצווייען האָבן זיי "געכאַפּט" דאָס פּאָרל פארליבטע גראָד אין סאַמע ברען פון קושן זיך היים, ווי אין ביכל שטייט. דער בחור איז אַנטלאָפן, די מיידל איז פארשטיינערט געוואָרן, דער פאָטער האָט זי געבראַכט אַהיים און דאָרט צום באַוואוסטזיין דורך אַ פּאָר ווארעמע פּרעסק, און זי איבערגעגעבן צו דער מוטער אין די הענט: — נאָר היט זי! אַניט וועסטו בא מיר האָבן אַ טויטע טאָכטער...

שבת איז ביי דער "סטאָליצע" צו משפט געשטאַנען דער "סקאַנדאַל". דער ברוטאַלער פאָטער איז פאַרדאַמט געוואָרן פאַר זיין שרעקלעכן "פאַנאַטיזמוס". די אומשולדיקע טאָכטער איז געוואָרן געטרייסט אין אירע ליידן פאַר דער געטלעכער ליבע. און דער בחור איז — ניט פאַר קיינעם געדאַכט, — פשוט געזידלט געוואָרן, געשטעמפּלט מיט דעם שענדלעכן וואָרט "טרוס" (פחדן) און אויפגעפאָדערט געוואָרן צו "רעטן זיין ערע"...

— ער האָט באַדאַרפט אַמווייניקסטנס פאַרהאַלטן דעם פאָטער און אים דערקלערן דאָס "קיינע מאַכט אין דער וועלט" קאָן ניט שטיין אין וועג דער געטלעכער ליבע...

אַ פּאַילגע האָט צוגעגעבן אַז "ביזן לעצטן טראָפּן בלוט", נאָר צולאָזן אַ פאָטער שלאָגן זיין טאָכטער האָט ער ניט געטאָרט...

# קאפיטל זיבן

איך נעם אייך צוריקוועגס צו מיינע אכט יאָר. מיין פּאָטער האָט דערבליקט אז מיין שטורם־פּעריאָד אין קינדשאפט האָט זיך פארענ־דיקט, און שטעלט מיך ווי א סטאטיק אויפן שליאך צו תכלית. ער האָט פאר מיר דאן אויסגעשטעלט א "יאָרנפינפטל" (הייסט עס אז די ערשטע המצאה דערפון איז גאָר געווען זיינע) מיט אן אויספיר־לעכער פּראָגראם צו לערנען און אנטוויקלונג. דערצו האָט זיך געפּאָ־דערט א לערער א דערציער. גראָד געווען דער "בין הזמנים" (סעזאָן) פאר מלמדים ווען זיי האָבן געזוכט קינדער צו זיך אין חדר אריין. און טאטעס, באזונדער פון דערפער, האָבן געזוכט לערערס. דער נאָ־מען לערער האָט, מיר שיינט, דעמלט טאקע אָנגעהויבן עקזיסטירן אין אונדזער שפּראך, און דוקא קודם אינם דאָרף. מלמד — אין שייכות מיט חדר; לערער — אין שייכות מיט איינציקע תלמידים. ובכן איז מיין פּאָטער, א גוט־פאכטער, געפאָרן חול־המועד קיין פּראָס־קיראָוו (טרויעריק באקאנט געוואָרן שפּעטער דורך פּעטלורעס שחיטה דאָרט) זוכן אזעלכן וואָס זאָל מיט מיר אָנהייבן פון "עברי" און במשך פון פינף יאָר, מיך דערפירן צום גראד פון א מין עלוי. דער לערער האָט געמוזט זיין א "צאצקע", קאָנען אלצדינג, אפילו רוסיש, דייטש און — אז גאָט וועט וועלן, — אפילו פראנצעזיש. א "צאצקעדיקע" האנטשריפט איז געווען אין חשבון. מאטעמאטיק ניט. מיין פּאָטער

האָט געהאַלטן אז א יידישער קאָפּ באַנעמט אַלע מינים חשבונות מיט בלויז עלעמענטאַרער אריטמעטיק...

מיר איז מיין לערער געפעלן. א קליינינקער, א מאָגערער, א קורצ־זיכטיקער, — אַזא, האָב איך געטראַכט, וועט ניט וואגן מיך צו שלאָגן. דאָס ערשטע מאָל האָט ער מיט מיר „געשמועסט”, געוערדט וועגן וואוילע יינגלעך אין אַדעם וואָס רק זיי לערנען, און פארענדיקט מיט דער הבטחה אז „מיר וועלן זיכער האָבן ליב איינער דעם אנדערן”. ער האָט געוואָלט ממש צוקושן זיך מיט מיר, אָבער איך האָב אים א זאָג געטאָן ראַפּטאַם: — נאָר מיט מיין טאַטן און מיין מאַמען...

צו יענער צייט איז צו אונדז געקומען מיין פאָטערס א קוזין אויף „פּאַפּראַוקע”. א היטתדיקער ייד, א שיינער דערציילער און זער ליב־לעכער מענטש. צו מאַכן אים היימלעך האָט מיין מוטער געלאָזט מיך שלאָפן אין זיין צימער. זיינע געשיכטעלעך, אַלעמאָל ציקאַווע, האָבן מיך געמאַכט צום „בעל־תשובה”, אַלעמאָל איז פון א שלעכטן יינגל אויסגעוואַקסן דער ליבסטער מענטש און, פאַרשטייט זיך, זייער געבילדעטער. אונטער זיין השפעה איז דער למוד אוועק פויגלדיק. מיין פאָטער האָט געקוואָלן, מיין לערער האָט געזען אין מיר א באַ־וויז אויף זיינע גרויסע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן...

צו מיינע צען יאָר האָב איך „גע'שמט” מיט מיין דערפאָלג פון „אויסלייגן” העברעאיש פּערפעקט און קאָנען א צאָל בלעטער פון „בבא קמא” אויף אויסנווייניק. פון די סביבה־שטעטלעך בין איך באַטראַכט געוועזן אלס „ניימאָדנער” עלוי. עולם איז איבעראַשט געוועזן פון מיין זאָגן אויסנווייניק „ווי א וואַסער” יהודה לייב גאָר־דאָנס פּאָעמען אין העברעאיש. ווייבער האָבן ניט פאַרשטאַנען און געלויבט מיך — „ער כּנאַקט ווי א קאַנאַריק”. אויך זייער ליבלינג בין איך געוואָרן צוליבן פירלייענען אין די שבתים פאַר זיי שמר”ס ראָמאַנען...

ווען די „פּיאַטיליעטקע” (יאָרנפינפטל) האָט זיך פאַרענדיקט מיט מיין בר־מצוה און א דרשה צום ענין בין איך שוין געוועזן א יונגל א משכיל, געהאַט געלייענט אַלץ אין דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור וועלכע האָבן דעמלט צוזאַמען אויך ניט פאַרמאָגט קיין באַדייטנדן סך ביכער.

מיין לערער (יאָסל שניידערמאַן, אומגעבראַכט פון די פעטלורעס אין פּראָסקוראַוו בעת דער שחיטה אויף יידן אין יאָר 1919) האָט זיך אומגעקערט קיין פּראָסקוראַוו א געקרוינטער אלס גוטער לערער און מיט שטאַרק פאַרגרעסערטע קענטעניש, ווייל אין דעם יאָרנ־פינפטל איז ער געוואַקסן צוגלייך מיט מיר. שפּראַכן האָבן מיר צו־זאַמען געלערנט און דער שבח וועגן אונדז ביידן אז "אפילו בולגאַריש קאָנען זיי" האָט געקלונגען.

אין א טאָג פון חול־המועד פסח האָט מיר מיין פאָטער געמאָלדן אז נאָך יומטוב פאָר איך קיין גריידונג צו רב ישראל אברהמען אויף א יאָרנדריטל, צו פאַרענדיקן מיין יידישע אויסבילדונג ביז צו סמיכות אויף רבנות און, אגב, זיך איינגעוויינען מיטן יידישן לעבן און טראַ־דיציעס.

— אונדזער משפחה איז, פאַר צענדליקער דורות, פון גדולים און רבנים, אָבער מתנגדים. מיך האָט דיין זיידע צוגעוויינט צו א רבין, א ייד א חכם און איך האָב נוצן פון זיינע עצות. איך שיק דיך פונ־דעסטוועגן צו א רבין א מתנגד און ווייסן זאָלסטו אז איך האַלט זייער פון לעווינזאָנס ספרים נאָר איך בין ניט אזוי פאַרקראָכן אין דער השכלה ווי די היינטיקע משכילים. בא רב ישראל אברהמען וועסטו באַקומען אלץ וואָס אזא קעפּל ווי דיינס באַדאַרף. אין דריי יאָר צייט וועסטו, און דו מוזט אלץ דערגרייכן. איך האָף צו גאָט דיר איז באַשערט אָנהאַלטן דעם כבוד פון אונדזער משפחה. פאַר־געס זיך ניט אז רב ישראל אברהם ווערט גערופן "רב" אויך הינטער די אויגן זיינע. ער איז מיין שטיפמוטערס מאַן. זי רוף איך מאַמע שרקה. א צדקניות. היט זייער כבוד. און ווייסן זיי, מיין קינד, אז רב ישראל אברהם איז א גרויסער בקי אין קבלה, איך וויל אז אויך דו זאָלסט ניט בלייבן פרעמד צו דער חכמה. צו דיר וועט אכטונג געבן אויך דער גריידונגער רב, ר' פייוול חריף. ווען די צייט וועט קומען וועל איך פאָרן מיט דיר קיין קאָוונע צו רבי יצחק אלחנן, דער ראש־ישיבה פון דאָרט. דו מוזט האָבן זיין דערציאונג און זיין הסכמה אז דו האָסט דערגרייכט א מדרגה, דו הערסט, מיין קינד? און נאָך עפּעס, אָבער דאָס וועט, אם ירצה השם, קומען פון דיר אליין. זיי

געבענטשט, מיין זון. מיר זיינען א זייער אלטע משפּחת כהנים, די ברכה גייט מיט אונדז.

צווישן מיינע אייגענע קינדערשע שריפטן האָב איך קיין גריי־דונג געפירט דעם טאטנס אָנזאָג אויפגעשריבן מיט זיין האנט. גריי־דונג האָט שוין געוואוסט אז איך קום, אז איך בין א בעל־דקדוק, א פּאַרטיקער לשון־קודש קאָנער און א „פּאַרטיקער אפּיקורס". רב ישׂ־ראל אברהם און באָבע שרקה מיט זייערע קינדער האָבן מיך אויפגע־נומען מיט ליבע און געמאכט באלד מיך פילן היימיש.

אין גריידונג בין איך „נתגלה" געוואָרן. די יוגנט האָט זיך דער־וואוסט אז איך בין א „בעל לשון" אין לשון קודש און אין זשארגאָן, בין א לידער־שרייבער און גראמען מאך איך אזוי בריהש שנעל ווי א יידענע „מאכט לאָקשן". און רוסיש רעד איך ווי א „רוסניאק". ריווע אליין, א קרובה מיינע, האָט מודיע געווען אירער א חברטע אז איך קאָן שרייבן „א גוטן בריוו צו א געליבטן" ווי שמ"ר א שטייגער. די חברטע איז געווען פארליבט, אָבער „אָן לשון", זי האָט זיך שטארק געניייטיקט אין א סעקרעטאר. ריוועס פאָטער, א חשובער ייד אינם שטעטל, האָט מיך פארהיימישט אין זיין שטוב. און זיין זון, מיין הבר אהרן, האָט דערשפּירט אין מיר א שמ"ר־לַמדן. מיין רבי האָט מיר געמאָלדן אז שטערן מיר אין מיינע משכילישע דרכים וועט ער ניט. ער האָפט אז מיר וועלן זיך צונויפרעדן. און אגב איז גוט וואָס איך בין געקומען נאָך דער גרויסער מחלוקה וואָס גריידונג האָט געהאַט צוליב א שוחט און זי האָט חרוב געמאכט די געזעלשאפטלעכע אנ־שטענדיקייט אינעם שטעטל, א זאך וואָס האָט געמאכט איר נאָמען צו שאנד און געבליבן פארצייכנט אויפן בלאטצייטונג...

גריידונג איז געווען צעטיילט אין צוויי פיינטלעכע חסידישע מח־נות, הוסיאטינער און זינקאווער חסידים. יעדע פון זיי האָט געהאַט צוויי שוחטים פון אייגענעם קרעדאָ. געווען נאָך אן איבערבלייבעכץ פון אלטע צייטן, א שוחט אן אָסטרער חסיד, איז ער געשטאָרבן אָן קינדער און קרובים, און א „חזקה" האָט שיר ניט געזאָלט פארלוירן גיין. איז אנטשטאנען די פראגע ווער קאָן פארנעמען דעם פּלאַץ פונם „כתוב השלישי" ווי מ'האָט דעם פארשטאָרבענעם שוחט גערופן אין בית־המדרש. געשאפן האָבן זיך וועגן דעם דריי מיינונגען: — באל־

מיטלאַכעס און "עמך" אז מע קאָן זיך באגיין מיט נאָר פיר שוחטים; זינקאווער חסידים אז לויט זייער צאָל אנטקעגן די הוסיאטינער מוז דער "יורש" פונם "אויסגעלײדיקטן" פּלאַץ זיין פון זייער "קרעדאָ"; הוסיאטינער חסידים אז רק פון זייער עולם, ווייל דער הוסיאטינער איז א רבי פון ביידע זייטן גרענעץ (מיט עסטרייך). דער רב און נייטראלע באלעבאטים האָבן אָנגענומען די מיינונג פון עמך. עס זיי־נען שנעל פאַרמירט געוואָרן צוויי "ארמייען". דער ערשטער צוזאַ־מענשטויס האָט אויסגעבראָכן אינם נאָענטסטן שבת ביים "לייענען". דער "מפטיר" האָט געזאָלט זיין א זינקאווער חסיד, די הוסיאטינער האָבן בקול רם געמאָלדן אז "דאָס וועט היינטיקן שבת ניט גיין", זאָל מען אויפרופן א זייעריקן ווייל דערמיט וועלן זיי ציינן דער שטאָט אז "דער דרך איז שוין אויסגעוויילט".

דער וועלכער האָט דעם אויסרוף געמאכט האָט זיך געווים גע־גרייט צו "קדוש השם" ווייל אנדערש האָט דאָס ניט געקאָנט זיין לויט די התנהגות פון פריערדיקע מחלוקה'ס. איידער ער האָט נאָך ארויסגעזאָגט דעם לעצטן אות פון דער מעלדונג איז א "פייערדיקער פראסק" שוין געלעגן אויף זיין באק. און "עוד זה מדבר וזה בא", בעת דער פאטש האָט א קלונג געטאָן האָט שוין א צווייטער געקלונגען אויפן פּרצוף פונם ערשטן פאטשגעבער...

דער שטאָט־לײַט האָט אויסגענוצט די שטילקייט וואָס איז געקומען צוליב איבעראשונג און אויסגעשריען: — "ויתרוצצו הבנים", באלד האָבן זיך די געמיטער צעהיצט. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פראַנ־טאלער אטאק. דער געלאַף און גערודער פון קולות האָבן זיך צוזאַ־מענגעמישט! "גראנאטן" געמאכט פון פארדרייטע האנטיכער זיינען געפלויגן אין אלע זייטן. שטענדערס זיינען געפאלן. אין מיטן רעכטן פייער האָבן געארבעט די "סאניטארן", פונאנדערגענומען צערייצטע אָנפאלערס און, אגב, געפּרעדיקט שטילשטאנד צוליב פארענדיקן קריאת התורה, געווירקט האָט דאָס ניט. דער שטילשטאנד איז ערשט געקומען ווען פון אויבן, אין דער ווייבערשער שול, האָט זיך דערהערט א קוויטשן — "דערהרגעט מיין מאן, גזלנים! רוצחים!" אלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט אין שרעק ווי פאר א דונערקנאל...

— יעקב אהרן א טויטער, ניין, א לאָך אין בויך.

די יידענע איז געווען אונטן. יידן האָבן געבראַכט א ליילעך, יעקב אהרן איז באַלד געווען אין גאַס.

— גאָט צו דאנקען, בלויז אן אויג אויסגעזעצט, געקאָנט געשעדיקט ווערן אויף טויט...

---

# קאפיטל אכט

די גריידונגער „מלחמה" פארצייכן איך אלס זער כאראקטערים־טישן מוסטער פון מחלוקה'ס איבער יידיש געזעלשאפטלעכע ענינים פון יענער צייט. זי איז געווען א „מאָדעל"־דערשיינונג מיט אלע פיטשעווקעס, און טאקע ווי אין בית־המדרש פלעגט מען זאָגן „לשמו ולשמה ולשם גירושין". עס איז געוואָרן אָנגעווענדט סטראטעגיע, פראָנטאלע און הינטערפלייצעדיקע, אטאקעס מיט אָטעם־לאָזע באָמבעס פון צוזאמענגעדרייטע האנטיכער, פליענדיקע שטענדערס, בסתר־דיקע מסירהלעך, שפיאָנאזש „כיד המלך" און פלוצימדיקע „טאנקעס" מיט וואסער איבער די קעפ פון צד שכנגדו, אלץ ווי עס איז, מן הסתם, פארצייכנט געוואָרן אין א פנקס. עס האָט די „מלחמה" פארצויגן זיך. געגומען אויסזען צו ווערן א דרייסיק־יאָריקער קריג ווען ניט דער חורבן אינם יידישן לעבן דאָרט, וואָס איז אין בלויזע עטלעכע חדשים דערגאנגען צום „שפיי פון עלינו".

געווען זיינען דעמלט ווי אלעמאָל וויכטיקערע דאגות בא יידן ווי דער לייזיקער מקום און פארלוירענע חזקה נאָך א געשטאָרבענעם שוחט. דווקא האָט זיך דער ארטיקער רב, ר' פייוול חריף, געווענדעט צוזאמען מיט „נייטראלע" באלעבאטים סיי צום הוסיאטינער און סיי צום זינקאווער רבין, געבעטן זיך אז די מחלוקה זאָל געלייזט ווערן דורך א בית־דין פון ביידע צדדים מיט א דריטן, א „כתוב השלישי"

כלומר א רב פון א פרעמדער שטאָט, אָבער דער זינקאָווער האָט גע־
ענטפערט דאָס מצדו איז דערצו קיין מניעה ניטאָ, און דער הוסיאַטי־
נער אַז ער פאַרלאָזט זיך אויף די חשובים צווישן זיינע חסידים.
ביידע צדדים, דער זינקאָווער און דער הוסיאַטינער, האָבן דאָס אויס־
געמיימשט אַלס רמזים צום אָנפירן די מחלוקה ווייטער.

אין די גאַסן פונעם שטעטל ווי אויפן מאַרק איז דווקא געווען
שטיל, דאָרט האָט מען זיך ניט געקריגט, מורא געהאַט אַז "פּאָניע"
היזיר זאָל ניט אריינקריכן אינמיטן מיט זיינע נאַהאַיקעס און גלייך
פאָדערן "לאַפּקעגעלט".

אינעם רעכטן ברען פון דער מחלוקה האָט דער רב אויסגערופן
אין שול אַז ער וועט מוזן באַנוצן זיך, חלילה, מיט חרם, ניט אויף
מענטשן, חלילה, נאָר ער וועט מחרים זיין די מחלוקה. געהאָלפן
האָט דאָס ווי א שפּיי אויף א ברענענדיקן דאַך. איידער ר' פּייוול
האָט זיך גערירט איז געקומען א ידיעה פון הוסיאַטין אַז דער רב האָט
מקודם שוין אַראָפּגענומען דעם חרם. דער זינקאָווער רבי האָט גע־
**שוויגן.**

אין א טאָג האָט זיך אין שטעטל באַוויזן דער "נייער" שוחט, א הו־
סיאַטינער חסיד. ער איז פון זיין צד אויפגענומען געוואָרן בשמחה
רבה. אין א שטוב פון זייערן א נגיד איז געוואָרן געפּראַוועט א סעודה
כיד המלך. בעת דער עולם איז געקומען צו א התלהבותדיקן טענצל
האָט פּאָליציי פּלוצים אַרויסגעכאַפּט דעם גאַסט און אים אָפּגעפירט
איבער דער הויפּטגאַס צום פּריסטאַוו אין דער "כאַלאַדנע". בא דער
אויספאָרשונג האָט דער פּריסטאַוו בייז געמאָלדן אַז דער סקאַנדאַל
איז א פּאָליטישער, יידן פירן דאָ אויס א "פּריקאַז" פון אן אויסלענ־
דישן ראַבין, ער וועט דאָס מוזן מעלדן צום גובערנאַטאָר און צום
העכסטן גענעראַל. יידן זיינען צום אדון געלאָפן איבער דער "פּאַ־
פּירענער בריק" און די אייזערנע זיינע, דעם אדונס, האָט ניט אויס־
געהאַלטן. דער שוחט איז באַפּרייט געוואָרן, געפירט געוועזן צוריק
איבער דערזעלביקער הויפּגאַס מיט "פּאַראַד". דער אומפּעסטער צו־
שטאַנד אינעם שטעטל האָט געבראַכט דעם פּריסטאַוו צום בייטן זיינע
סימפּאַטיעס צו עטלעכע מאָל בכל יום ויום. אַלץ האָט זיך געווענדעט

אָן די מסירות פון צד און פון יחיד אויף יחיד. עולם האָט זיך גע־קריגט, שדוכים זיינען זיך צעגאנגען, עטלעכע פאַרפאַלקן האָבן זיך צע׳גט, ברודער צו ברודער האָט אָפּגעטאָן קרימינעלע שפּיצלען, טאַ־כּעס מיט זין האָבן אויפגעהערט רעדן. א בכבודיקע משפּחה איז אראָפּ פון דער מדרגה און פאַראָרעמט געוואָרן. יידן זיינען אנטלאָפן קיין אמעריקע, דעם רבס זון איז פארשיקט געוואָרן קיין סיביר. דער נייער שוחט איז אזוי פלוצים נעלם געוואָרן, אז אפילו זיינע אָנהענ־גערס זיינען געבליבן ״אומגעדרייט״. א ייד האָט זיך אויפגעכאַפּט אינמיטן גאס פון חלשות און ניט פארשטאנען ווי אזוי איז בא אים נעלם געוואָרן די לינקע זייט באָרד...

דעם שוחט האָט מען געמוזט זוכן. די הוסיאַטינער האָבן גע־דענקט אז ער איז אומגעקומען פון ״זינקאווער״ הענט. אים האָט מען געפונען אין א שטעטל ערגעצוואו ארום באַרדיטשעוו אָבער שוין אלס א ראַכמיסטריווקער חסיד.

רב פייוול, דער רב, איז געוואָרן א חלוש. ער האָט זיך געבעטן בא די רביים ״שלא להטביע את אחינו בני ישראל בק״ק גריידונג במי מריבה״, ניט צו דערטרונקען די גריידונגער קהלה אין דעם ״קריג־וואסער״. גריידונגער לומדים האָבן זיך לאנג בארימט מיט דעם שיינעם לשון פון זייער רב. און בא אים גופא האָט דאָס הארץ ניט אויסגעהאַלטן.

רב ישראל אברהם האָט לסוף מיר דערציילט מיט טרערן אין די אויגן וועגן א נבלה וואָס איז באַגאנגען געוואָרן אנטקעגן דעם רב:
— לא יזכר ולא יפקד! עס זאָל אזוינס ניט איבערחזרן זיך בתוך בני ישראל: ר׳ פייוול איז גערופן געווען צו דער תורה. ווי נאָר ער האָט א קוש געטאָן די ציצה וואָס האָט אָנגערירט די התחלה פון דער פּרשה איז אויסגעוואקסן נעבן אים א הוסיאַטינער חסיד, האָט אים דערלאנגט א פּראסק אין באַק און אויסגעשריען — פּייוועלע גוי, ווי קומסטו צו דער תורה?

רב ישראל אברהם האָט מפסיק געווען אין דערציילן. דער האלדז האָט זיך צוזאַמענגעצויגן, ער האָט איבערגעוואַרט, אָנגעהויבן באַלה פּין רחמנא יצילנו און פאַרגעזעצט.

— דער ייד איז געשטאַנען אין געפאַר, ר׳ פּייוול האָט אים גלייך פאַרשטעלט מיט זיין אייגענעם קערפּער און קיינעם ניט צוגעלאָזט. דער עוכר איז געווען טויט־בלייך, א פּאָר באַלעבאַטים און באַלעמע־לאָכעס האָבן אים געכאַפּט ווי אונטער די אָרימס און ממש אַרויסגע־טראָגן אויף דער גאַס ווייט, און אַריינגעפירט אין א יידישער שטוב. דער שבת איז אַריבער אָנגעשטריינגט, צו מנחה איז ר׳ פּייוול גע־גאַנגען אין שול און דאָרט געבעטן דעם עולם ניט צו דערלאָזן אַז מיט דעם יידן זאָל געשען עפּעס שלעכטס. געווען זיינען באַ אים די חשובים פון דעם שטעטל, אויך עטלעכע פון די עלטערע באַלעמע־לאָכעס, זיי האָבן געפאָדערט דאָס דער ייד זאָל ווערן אַריינגעלייגט אין חרם. ר׳ פּייוול האָט אָנגעמאַכט א גוואַלד ווי קאָנען דאָס יידן וועלן א חרם צוליב אַזא נישטיקער זאַך. ער האָט מודיע געווען אַז ער איז דעם יידן מוחל. דער ייד האָט ניט באַטראַכט וואָס ער גייט טאָן. דער עלטסטער פון די באַלעבאַטים האָט געענטפערט אַז דער רב קאָן מוחל זיין אויף זיין אייגענעם כבוד, אָבער ניט אויף כבוד התורה. דער רב האָט זיי געסטראַשעט מיט פאַרלאָזן גריידונג אויב זיי וועלן דעם יידן מחרים זיין.

די יידן זיינען אוועק און צווישן זיך אָפּגערעדט אַז מחרים זיין אָן ר׳ פּייוולס ווילן קאָנען זיי ניט, אָבער זיי גופא זאָלן מיט דעם יידן קיין שום מגע ומשא ניט האָבן. דאָס רופט מען „א שטילער חרם״. אָבער צו מאָרגנס האָט די גאַנצע שטאָט געכאַפּט דעם ענין. דער עוכר האָט באַלד באַמערקט ווי אַלע טרעטן אים אָפּ דעם וועג און קוקן אוועק. געווען אַזעלכע אפילו אייניקע פון די יריאים צווישן די הוסיאַטינער חסידים וואָס האָבן אים אויסגעפּעלט. דער ייד איז דערציטערט געוואָרן פון דעם קלאַפּ, רחמנא יצילנו. נאָך ביטערער איז אים געוואָרן ווען ער איז צוגעלאָפן נאָענט צו זיין שטוב און זיינע האָט אים פונוווייטנס געוואָרנט אַז אין שטוב זאָל ער ניט קו־מען, מע זאָגט אַז ער איז אין חרם. זי האָט אים געהייסן לויפן צום רב בעטן מחילה, אָבער אין וועג איז מיט אים עפּעס געשען, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט א געוויין אינמיטן גאַס און אויסגערופן — „יידן, אַנטלויפט פון מיר, איך נעם אָן דעם חרם, איך נעם אים אָן״...

רב ישראל אברהם איז געווען אין א חולשה, ער איז קוים איבער־געגאנגען צו דער סאפקע און געלייגט זיך ווי נאך א שווערער הארע־וואניע. איך, דער דארפס־בחורל, וואס פלעגט אזוי געוואגט שפרינגען מיטן פערד איבער גרובנס, אדער קריכן ביז צום שפיץ פונעם טאפאל, בין געשטאנען נעבן אים א דערשראקענער. געווען דאס ערשטע מאל ווי איך האב באגעגנט די אייזערנע וואנט אינעם יידישן שטעטל...

---

איך וויל אין דעם קאפיטל געבן אייך, לייענערס מיינע, א בילד פון דעם ווי גרויס איז דאן געווען, נאך דער שרעק פאר חרם, די שרעק פאר שבועה בא דער תורה, אפילו פאר שווערן מיט "תקיעת כף" וואס עס מיינט "געבן די האנט צו פארזיכערן א הבטחה, אדער אפמאך מיט עמיצן".

אזעלכע שבועות צום פארפליכטן זיך אדער צום ריינוואשן זיך פון א באשולדיקונג האבן געהאט אין פאלק זייערע געשיכטעס, זייער פאלקלאר, זייערע שרעק־וואַרפנדיקע דערציילונגען.

יעדער מין שבועה וואס איז ניט געהאלטן געווען, האט געהאט מעשות אן שעור, אין וועלכע עס איז געוויזן געווארן אז די שטראף דערפאר איז גרויזאם. אין גאר אלטע צייטן פלעגט טרעפן, צום ביי־שפיל, אז צוויי יידן בא וועלכע די פרויען זיינען שוואנגער געווארן האבן צווישן זיך א שדוך געטאן מיט א תנאי "אויב בא איינער וועט דאס קינד זיין א יונגל און בא דערצווייטער א מיידל". דער שדוך איז נאך דער געבורט באשטעטיקט געווארן "אפיציעל". האט, אבער, שפעטער געטראפן אז א מחותן, נו, דער כלה'ס פאטער, איז רייך גע־ווארן און נעקאנט, דורך גרויסן נדן געבן, קומען צו ווערן מחותן מיט א גרויסן מיוחס. דער־א צד האט דעם שדוך "אפגעלאזט", דער חתן האט קיין "מחילה" דער בלה ניט געגעבן. שטעלט אייך פאר אז ער איז פאר ווייטיק נעשטארבן. דאן האט ער גענומען קומען צו חלום דעם מחותן און מאנען בא אים די פליכט פון "תקיעת כף". דאס פאלק פלעגט זאגן אז פונעם קבר זיינעם האט דער חתן "ארויס־געשטרעקט די האנט" מאנענדיק די האנט פונעם מחותן וואס האט זיך פארפליכטעט געבן זיין טאכטער צו אים פאר א פרוי...

און א "שבועה דאוריתא". אן איינציקן מאָל אין מיין לעבן האָב איך זי בייגעוואוינט, און יענעם מאָל האָב איך מיר געוואונטשן ניט צו זען דאָס ווידער. א צווייטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך דורכ־געלעבט אזא דערשיטערונג ווען איך האָב אין אָנפאנג פון די צוואנ־ציקסטע יאָרן געזען אין מאסקווער "קונסט־טעאטער" (רעזשי פון סטאניסלאווסקי) דאסטאָיעווסקיס "ברידער קאראמאזאָוו".

א געפאקטע שול, ממש אויסגעפילט מיט מענטשן. די קעגנערס זיינען געווען געשוואוירענע חברים פונעם חדר אָן. איינער פון זיי האָט געהאט שווערע טענות צו דעם אנדערן, וועמען ער האָט באשול־דיקט אין ארויסגנבענען פון שופלאָד "מגיע'לעך", אמאָליקע יידישע, אין העברעאיש געשריבענע פארפליכטונגען צום צאָלן א חוב אין אזא און אזא טערמין.

דער באשולדיקטער האָט געלייקנט, געגעבן זיין וואָרט דאָס די באשולדיקונג איז אן אומגערעכטע, א שקר־בלבול. האָט דער אָנקלאָ־גער געפאָדערט א שבועה בא א ספר תורה צום באשטעטיקן די אָפּ־לייקענונג. דאָס גאנצע שטעטל האָט געקאָכט, אזא אומגליקלעכער הכסוך צווישן צוויי ווארע פריינד, און דערצו פון די פיינסטע בא־לעראטים.

אלץ איז געווען צוגעגרייט. שווארצע ליכט געדענק איך ניט דער־ביי. הגם איך ווייס אז אזעלכע שבועות זיינען "אילומינירט" געווען פון "שווארצע" ליכט. דער עולם האָט געקוקט צום באלעמער, צום גרייזגרויען רב, צו די צוויי יידן, אָפּגעווענדעט אלעמאָל די בליקן פו־נעם באלעמער צום ארון קודש ווי דערוואַרטנדיק אז פון דאָרט וועט ארויסשפרינגען די אנטפלעקונג און מאכן אן עק צו דעם "אומגליק" וואָס די שטאָט קאָן ליידן צוליב א שבועה דאוריתא מיט אירן א ספר תורה...

— רבותי, — האָט דער רב גערעדט צו קהל, — מכריז ומודיע בין איך, זייט וויסן אז איך, דער מרא דאתרא, נעם אראָפּ מיטן כוח התו־רה די אחריות פון אונדזער קהלה קדושה פאר דעם מטריח זיין א ספר פון אונדזערע ספרי תורה צו א שבועה וואָס גייט דאָ געהערט זיין פון דעם מויל פון א באשולדיקטן יידן, זיין נאָמען איז ר' יעקב בר' משה,

מצד אנאנדערן יידן וואס זיין נאמען איז ר' אברהם בר' אהרן. איך האב געטאן אלץ צו מאכן אז די שבועה זאל קאנען אויסגעפעלט זיין, איך האב דאס געטאן אין הסכם מיט אונדזער בית־דין און די זקנים פון דער שטאט. ווי עס זעט אויס איז דאס דער רצון פון דעם בורא, ברוך הוא, זאל ער אונדז מוחל זיין אויב מיר גרייזן און אונדז אלעמען אויסהיטן פון אן עונש. יהי שם ה' מבורך מעתה ועד עולם.

אין שול איז געווארן שטיל, גלייך דארט וואלט קיינער ניט געווען. שפעטער א ווייל האט א פארשטיקטער יאמער געשטערט די שטילקייט. א זקן האט פלוצים בקול רם געווארנט דעם באשולדיקער אז אן ארון קודש וויל געוויס ניט מע זאל פון אים נעמען ספרי־תורה צוליב א וואכעדיקער זאך. א געוויין איז אויסגעבראכן און כרגע שטיל געבליבן.

ביידע, אברהם און יעקב, זיינען געשטאנען ווי פון שטיין אויסגעטאקטע איינער אנטקעגן דעם אנדערן. דער רב האט א שושקע געטאן דעם משמש אין אויער, און באלד האט דער בעל־תוקע געבלאזן א תקיעה גדולה. עולם איז דערשראקן געווארן: — אט וועלן אלע ספרי־תורה א קוק טאן צו אלעמען מיט א פארוואונדערונג פארוואס קומט עס זיי. פלוצים האט אן אלטע פירזאגערן געמאלדן: אברהם, שטעל ניט איין דיינע קינדער. און גלייך איז ווער אויפן באלעמער א פאל געטאן צום באדן. א ייד האט א געשריי געטאן — "וואסער!" דערהערט האט זיך גלייך אברהמס קול — "ניין". מענטשן האבן גענומען לויפן, פילדערן — געשטאנען, דול געווארן, אין חלשות געפאלן. אבער אברהם האט זיך געשטעלט אויף די פיס, א ווייסער ווי קאלך, א ציטערנדיקער, א יעכצנדיקער. ער איז ווידער שיר געפאלן, אונטערגעכאפט אים האט דער רב.

— ניין, רבי, ניין, מע דארף ניט, איך האב געזינדיקט, יעקב זאל ניט שווערן...

— רבותי, איך מעלד אייך אז ר' אברהם זאגט זיך אפ.

— רבי! — האט דער באשולדיקטער אויסגעשריען הויך, — זאל ער געבן א תקיעת כף אייך, אז ער גלויבט ניט מער אין דעם חשד איבער מיר.

אברהם האט אויסגעשטרעקט די האנט צום רב און מודיע געווען

אז אליץ איז געווען א פארפירטער געדאנק. דער אויבערשטער האָט אים קלאָר געמאכט דעם זכרון. ער האָט זיך דערמאָנט אז ניט יעקב, ניין, ער בעט מחילה...

עס האָט אויסגעזען ווי דער אייז איבער א טייך האָט געבראָכן, אלע האָבן אינאיינעם אויסגעשאָסן — גאָטעניו, א דאנק דיר! דער רב איז געגאנגען צום ארון קודש בעטן מחילה בא די ספרי־תורה. אברהם און יעקב זיינען ביידע געפאלן צום באָדן פארחלשטע. דער עולם אונטן האָט דאָס ניט באמערקט, און געשריען — מזל טוב!

---

# קאפיטל ניין

אויך נאָך מלחמה קאָכן בלוטן. שוין נאָך מיין אָנקומען קיין גריי־דונג האָבן נאָכווייען פון דער מחלוקה געהאלטן דאָרט לייט און מש־פחות צעווייטיקט און ברוגז. באלעבאטים זיינען ניט צוריקגעגאנגען אין זייערע בתי־תפלה וואו זיי האָבן זיך צעקריגט מיטן ליב געווע־זענעם שכן, אָדער וואוילן מחותן. שוואָגערס זיינען אין גאס געגאנ־גען צעטיילט, איבער אנטקעגנדיקע טראטוארן. שווער און איידים האָבן זיך אויסגעמיטן. אפילו זין האָבן זיך געהיט פון א געלעגנהייט צו זאָגן דעם טאטן גוט שבת...

די יוגנט ניט. שטורמדיקע וואסערן שטראָמען און קרייצן זיך און מישן זיך. טאטעס ברוגז, מאמעס ברוגז, משפחה בלאָזט זיך איינס אויף דאָס אנדערע, קינדער ווילן דערפון ניט וויסן; קינדער שפילן ליבעס. ליבע־לידער זיינען געוועזן שוין א סך און יעדע סטראָ־פע האָט אויפגעקאָכט הארץ און בלוט. יונגע מיידלעך האָבן זיך שוין אומגעטראָגן מיט "הערצענס־שמערצן" און "פורכטבאר" גע־לימן צוליב די "געטלעכע געפילן וואָס ברענען און קילן און האלטן אין איין שפילן". געזונגען האָט מען דאָס בא שניידערטישן, אויף שוסטערבענקלעך, איבער קאוואדלעס און נעבן באקהויוונס. געמור־מלט האָט מען שטיל אין באלעבאטישע אלקערס: —

עס ברענט אין מיר א פייער,
דו ביזט מיר אזוי טייער,
איך הער ניט אויף צו ברענען
זינט כ׳האָ׳דיך געטאָן דערקענען...

עס זיינען געווען פאָלקלאָר־שאפונגען, דאָך אין זאמלונגען זוכט זיי ניט. פאר מיין אויער זיינען לידער געבוירן געוואָרן, געלעבט קורצע טעג, וואָכן, און פארלוירן געגאנגען. די שנעלגעשאפענע לידער האָבן געליטן פון שטימונגען, געווען פארביילויפנדיקע געסט. קוים איז דורך א פרישן ״רוח הקודש״, אָדער דורך אן אורח פון דער פרעמד, אונטערגעקומען א ניי ליד, א שארפער, ״מיט מער ברען״, האָט דאָס פליצים אלטגעוואָרענע נעבעך באקומען דעם סוף.

די אימפּראָוויזאציעס האָבן געהאט זייער ״לייכטן געבוירן״ מער־סטנס צווישן שניידערס און נייטאָרינס. א ברום פון א פראזע ״צום מעס״ האָט אָנגערעגט אנאנדערע, און שורות האָבן אָנגעפאנגען ציען זיך צום גראם. איך האָב געהאט די געלעגנהייט בייצוואוינען דעם פראָצעס פון דער דערמאָנטער ארט שאפונג. צווייטמאָל דורך דעם יאָר פלעגט מען צו אונדז. ווי צו אלע יידישע גוטפאכטערס פון מאיאנט־קעס ברענגען א שניידער, א מענישן, מיט עטלעכע ארבעטערס, א צווייט מאָל א דאמען־שניידער מיט ארבעטערס. זיי פלעגן, אגב, ״באנייען״ אלע יידן אין דאָרף. איך געדענק ווי איינער פון זיי האָט געשילדערט פארוואָס גיט זיך דאָס אזוי לייכט: — ״די נאָדל קריכט, די מאשין שטעפּט, די פארסטריגעס לעגן זיך אוים איינע נאָך דער אנדערער, און רעקלעך ווערן געבוירן, און קנעפּלעך ווערן צוגענייט, און גראמען קומען אומגעריכט, און א ליד ווערט געבוירן איינס און צוויי ״א זים לעבן אויף זיי״...

שווער איז געווען מיט מעלאָדיעס צו לידער, פלעגט מען דערריי־בער באגנבענען אן אלטע ליד און באקליידן א נייע. דערפאר האָט זיך אָפט געהערט אויך א יידיש ליד מיט א מעלאָדיע פון אן אוקריי־נישן, שוין אָפגערעדט פון א רוסישן.

אימפּראָוויזאציעס פון שניידער־יונגען זיינען על פי רוב געווען לעבעדיקע, וויציקע, צו קאפּעלעך ציניִשע און מיט ״ריכטיקער ליובאָוו (ליבע)״ אימפּראָוויזאציעס בא נייטארקעס האָבן ״געצויגן די נש־

מה", אלץ טרויעריקע. זיי פלעגן דערקלערן אז זייער לעבן איז א געקריוודעטער. זיי זיינען "נייטארקעס" ווייל די נויט "נייט זיי דערצו". און א בחור וויל ניט חתונה האָבן מיט א נייטאָרקע, אים געפעלט ניט א ווייב א ברויטגעבערקע. און ביי דער נייטאָרקע איז דאָס פנים אן אויסגעמאטערטס, די פלייצע הארבאָטע, דער רוקן אין דרייען. "אונדזערע לידער וואָס מיר מאכן מוזן זיין "טראָוועדיקע"...

דו האָסט מיר געבראכט אלע ראָמאנען
צו וויזן אז דאָס גליק גייט רק פונדאנען.
אוי, איך האָב דיר געגלויבט אלץ אויף "זעכער"
און איצט טרונק איך סם פונעם בעכער...
איך וואָלט דיך אויף שטיקער צעביסן
וואָרן דו האָסט מיין הארץ מיר צעריסן...

אין די שבתים פלעגן אין דער "סטאליצע" געזונגען ווערן אויך לידער וואָס האָבן אויסגעלאכט דעם חסיד, דער "פליאסקעדריגע", דעם דאטש "א פראנצויז מיט א לאנגן הויז". די באן — "אוי, האָט ער א פייפער!" די בייזע שוויגער. מען האָט אויך באוויינט די יתומה, אפילו די "זונה נשכחה" (פארגעסענע גאסנפרוי):

מיינע אויגן גיסן אויס,
עס ווערט פון זיי אין טייך,
מיין חורבן איז שרעקלעך גרויס,
מיטן בית המקדש גלייך.
זכר למקדש איז די וואנט ——

און צו דער ענדע: —

קנויטשן אין פנים, אין הארצן א שאנד...

צום באדויערן האָבן פּאָגראָמען, רעוואָלוציעס און געלאָפן פון נעוונד אלץ בא מיר, פון פארצייכנטן, צעחרובט, פארבליבן בלויז אָפּשניצלעך אין מיין זכרון...

גריידונג איז געווען א "צענטער" פאר די שטעטלעך פראמפאל, קוזמין, פעלשטין, קופין און סאלאפקאוועץ. אלע האָבן דערוואַרט א געלעגנהייט צו שטעלן זיך אין קאָנטאקט מיטן צענטער, צו קאָנען באקומען פון אים "דוכאָוונע פּישטשע" (גייסטיקע שפּייז) און בעיקר א

זיי ביכל פון שמר'ן. מיין אייגענער פרעסטיזש דערווייל איז גע־וואקסן, געקומען ווער פון דער דערמאָנטער פעריפעריע האָט מען מיך אויפגעזוכט, געפרעגט צי קאָן איך לייען אויף א פּאַר וואָכן דעם "בריוונשטעלער" פאר ליבע־בריוו. געוואר ווערנדיק אז איך טו "קאָפּ־ארבעט" האָט מען מיך באטראכט פאר א עלוי. מיין לוין איז געווען די ברכה צו ווערן א "שמ"ר". אין מיין למדנות אין שמר'ס ווערק האָט קיינערניט געצווייפלט.

— דו האָסט שוין געמוזט אוודאי לייענען שמר'ס ראָמאן אין פיר טיילן?

— דו מיינסט, געוויס, יענעם אין זיבן, דער נייער...

די סענסאציע פון א ראָמאן אין זיבן טיילן האָט מיין עקזאמינא־טאָר דערהרגעט דעם קאָפּ. מיין אייגענער יחוס איז אויפגעשטיגן און קיינער האָט מער ניט געפרעגט אויב איך האָב געלייענט.

די אנזאמלונג פון יידישע ביכער, איבערהויפּט ראָמאנען, איז אין יידישע שטיבער געגאנגען לאנגזאם.

מיין רב ישראל אברהם האָט בשתיקה געכאפּט א קוק אין שמרס א ראָמאן, האָט זיך געוואונדערט וואָס אזוינע "שטותים" האָבן אזא דערפאָלג, און באשלאָסן אז בלויז פוסטע קעפּ קאָנען ווערן פארקאָכט אין אזוינע "משלחתן". ער האָט ניט געוואוסט אז זיין תלמיד איז שטאָלץ אויף דער למדנות אין זיי, אויף קאָנען קאָמענטירן פאר דער יוגנט דעם "מיין" פונעם אויטאָר און דערצו נאָך זיין דער בריוו־שרייבער פאר געליבטע און דער עצה־געבער אין פאלן פון "שווערע איבערלעבונגען".

— דו מיינסט אז ליבן איז אָט אזוי אָ, מע נעמט און מע ליבט? סע קומט אָן מיט גרינע ווערים. קודם ווייסט מען אפילו ניט וואָס עס טוט זיך אין הארצן, סע צופּט, סע נאגט, סע לאָזט ניט איינ־שלאָפן, דו פילסט נאָר אז שולדיק אין דעם אלעמען איז שמ"ר ווייל דו ביזט דאָך איינגעליבט אין דער מיידל פון זיין בוך טאקע. פאר־שטייסט? ערשט שפּעטער ווערט דיר קלאָר אז דאָס איז א רחלע, א באסיעלע, א לעבעדיקע זאך און דאָ ערשט קומט די מורא ווי זאָגט מען איר דערפון, און סע קומט דער צי אינעם הארצן אז דער שלאק

נעמט דיך ביז דו ווערסט געוואר אז זי אויך, פארשטייסט? זי אויך און סע ווערט שוין לייכטער, סע גייט פון זיך אליין...

בא ריווע רייך האב איך געהאלטן די רעגיסטראציע פון מיינע קונדן, מיט קאפיעס כדי צו קאנען אויסנוצן פארטיקן מאטעריאל און געלונגענע ליבע־דערקלערונגען. דער פראצעס פון מיין ארבעט האט מיך געבראכט צו מעטאדישקייט.

— דו ביסט דאך קלאר אין אלע ליבעס אין גריידונג. זאג — טרעפט בא אלעמען די זעלביקע צרה פון "רעוונאסט" (אייפערזוכט) און ברוגזן אן א שעור? און זאג מיר נאך: — איז טאקע דאס שפילן צוויי ליבעס מיט איין מאל אזא גרויסער חטא אז שמ"ר טוט עס גאר קיינמאל נים?

בא די רייכס אין שטוב האב איך מיך געפילט פריי פון קאנטראל. מיט זייער יונגל בין איך געווען באפריינדעט, מיט זייער טאכטער ריווע — ווי מיט אן עלטערער שוועסטער, מיט דער פרוי חנה רייך — ווי מיט א מוטער וועלכע וועט מיר מוחל זיין א ניט געלונגענע זאך. צו אזא באטראכטן די באלעבאסטע פון שטוב האט מיך געבראכט די איבעראשנדיקע אנטפלעקונג אז מיין פאטער און זי האבן זיך ליב געהאט, פארשטייט זיך "בסוד סודות", מן הסתם פאר זיך גופא אויך. זי האט מילדער צוגעקוקט מיין האבן סודות מיט מיידלעך כמעט צוויי מאל עלטער פאר מיר.

די ארבעט פון שרייבן ליבע־בריוו פלעג איך מאכן טאקע בא די רייכס אין שטוב. געהייסן האט עס אז איך "פיר" א טאגבוך. געווען איז די קארעספאנדענץ א קאמפליצירטער ענין, איך האב געמוזט האלטן אין זינען די קולטור־מדרגה פון מיינע קונדן. געווען זייער פשוטע, אפילו דער זכר־צד אן אנאלפאבעט, זי אוודאי. געמוזט האבן די בריוו זיין ווי מעגלעך פשוטע. א מדרגהלע העכער האט געפאדערט פיינערע אויסדרוקן פאר ליבע, אביסל א "טיפערן לשון", דאך אלץ נאך ניט צו שטארק "טיף". א זעלבסט־לייענער פון שמר'ס ראמאנען האט געהערט צו די פיינשמעקערס און מיט זיי פלעג איך מוזן "אויפהייבן זיך" הויך, באנוצן גאר שטארק בריענדיקע ווערטער און באשאפן א ליבע וואס זאל ממש שרפהנען. איך און מיינע קונדן זיינען געווען אזוי געבונדן און געקנופט אין דעם פראצעס, אז איך האב

"באמתן" מיטגעליבט, מיטגעשמארצט, מיטגעמאכט אלע פאזעס פון דער שפיל און אפילו מיט ברוגזן זיך אויף א "קאלטער לעבער" פון א "דעמבענעם" צד.

געשטערט אין מיינע אויפגאבעס האט מיר מיין רבי. ער פלעגט אפנעמען פון מיר פיל צייט אינעם דראנג צו שטויסן מיך אלץ פאר־אויס צום ענדצוועק וואס מיין פאטער האט אנגעמערקט. א גרויסער עיקר איז געווען צו קאנען אויסהאלטן די אפטע עקזאמעס ביים אר־כיקן רב, רב פיוול. ער מיטן גרויסן "אקרענט" איבערן "ים התל־מוד", און איך מיט מיין קליינעם שיפעלע. דער משל האט געהערט צו מיין רבין. אבער מיין אמביציע האט מיר ארויסגעהאלפן, איך בין געווען געלויבט סיי פונעם רב, סיי פון גריידונגער פארזעסענע מיידלעך.

צו אלע צרות בין איך נאך צייטנווייז געווען דער בריוונטרעגער צווישן "אים און איר". ער, אדער זי, האבן קיין צייט געהאט צו דער דאזיקער ארבעט און מיך געבעטן אנשרייבן דעם בריוו און אים מאקע איבערגעבן צום אדרעסאט...

— ווי הייסטו? — האב איך געפרעגט נאאיוו.

— גיי, טייערער, דו ווייסט דאך פון אלע בריוו, דו וועסט שוין שרייבן דאס סאמע בעסטע. האב איך דען א קאפ צום אויסטראכטן אזעלכע שיינע ווערטער ווי דו מאכסט?

שווער איז אלעמאל אויסגעפאלן דער דיפלאמאטישער וועג פון שלום־מאכן צווישן ברוגזע. פארליבטע זיינען עקשנים. זי, נעבעך, פלעגט זיך באגיסן מיט טרערן און רק שטעלן אים צום נסיון: — אדרבא, איצטער וועל איך זען צי האט ער מיך טאקע ליב?". און ער האט תמיד באקומען מאנסבילשן גדלות: — וואס איז אזוינס? ניטא שוין קיין מיידלעך אויף דער וועלט צו שפילן אין ליבע?

און נאך איין ענין א שווערער, א גאר שווערער: — די טיטולי־רונג צווישן די ליבעשפילערס. "צו מיין היים געליבטן מיט זיין פילבאקאנטן פיינעם נאמען אלפרעד, פייערדיק געליבט", און "פלאם־פייערדיק", און "אויסערגעוויינלעך", און "הארציק" און "היים" און "צום שטערבען". און "צוםווירקלעכן שטערבען". און "מעכטיקער העלד", "הימלישעס וועזען", און אזוי ווייטער, ווייטער...

מאכט זיך אז די אלע טיטולן פון ליבן ווערן נודנע, וואָכעדיק און עס וואקסט אוים מיטאמאָל א נויט אין נייע טיטולירונגען. מיינע בריוו שטייען פאר דער געפאר צו פארלירן דעם אויסגעהאָרעוועטן חן.

—מנשהלע טייערער, איך וויל עפּעס אזוינס וואָס זאָל "לאפּטשען", דאָס הארץ זאָל אזש א ציטער טאָן...

דער קונד האָט מיר באוויזן מיטן דריי פונעם דיקן פינגער איבערן הארץ וואָס דאָס מיינט לאפּטשען.

— פארשטייסטו מיך?

מיינע פארמעסטן אויף אויסערגעוויינלעכע עפּיטעטן האָבן אין מיר פארמאָגט דעם ריכמיקן מאכער. איך האָב געזוכט אין ראָמאנען פון אנדערע שפּראכן. בא מיר איז געשאפן געוואָרן "ביז וואנזין גע־ליבטע, צום פארברענט ווערן געליבטע, אזוי געליבט ווי ווען אלע העלדן פון שמר'ס ראָמאנען זאָלן אלע צוזאמען ליבן". מיינע קונדן האָבן אויפגעלעבט, איך מיט זיי. מ'האָט מיך פון אלע זייטן גערופן אין קלייטל פון סעלצערוואסער טרונקען א גלאָז מיט "סערעפּ" (פּרוכ־כן־זאפט) און פארבייסן מיט רעטשענע פּלעצלעך.

דאָך צרות פעלן ניט אפילו ראָטשילדן. און אז זיי האלטן אין קומען העלפט ניט אויך רב מאיר בעל הנס. בעראנע, די סעלצערקע, האָט אין איר מחזור געפונען א בלוי בייגעלע פּאפּיר מיט א פּילפּאר־ביק בלימעלע דארויף, און געווען איז דאָס בסך הכל א ליבעבריוול צו איר שבע'לען. עס האָט נאָר געפעלט אז א בריוועלע אזא אין מיין כתב זאָל קומען צו די אויגן פון מיין רבין.

— הער נאָר אן עזות: "צו מיין גינגאָלדענער קרוין, שבע'לע עלי־זאוועטע!" ווען איז זי אים געוואָרן זיינע? א זיבן יאָריק קדחת אין זיינע ביינער אריין! גינגאָלדענע איז זי אים! און מיר איז זי וואָס, א מעשענע? א כשר קינד, וואָס ווייסט זי, נעבעך? אין זיין טאטנס מאמען אריין, דעם ממזר! גאנץ גריידונג וועל איך אויסגיין און זוכן דעם כתב, איך מוז דערגיין ווער איז דער מאקס, מכות זאָלן אים בא־זעצן פון קאָפּ ביז פיס...

שייקעלע איז געפאלן אויף אן עצה, ער מיט נאָך עטלעכע יונגלעך האָבן זיך אָנגעזויפט מיט סעלצער און אָנגעפרעסן מיט פּלעצלעך, דאן גענומען פאָדערן דאָס בריוול.

— און אז ניט?
— וועלן מיר ניט באצאָלן.
— וועט זיין איינמאָל אומגעצאָלט.
— וועט חברה פארזאָגט ווערן אז אין דעם קלייטל אריין זאָל א פוס פון א בחור ניט אריינטרעטן.

בעראַנע איז אריבער אויף שמר"ן און אלע ביכלעך־מאכערס און אנגעשאָלטן זיי פון אלע זייטן "וואו די מלאכים שטיין ארום בעט צו קרישמע", און דאָס בריוול אומגעקערט.

פון מיר האָט שייקעלע דערפאר געפאָדערט א טיטול פאר זיין געליבטער, נאָר אזא אז "בראָטן זאָל ער ווי א שריפה", און זיין זאָלן אינמיטן א פאָר גראמען וואָס זאָלן קלונגען ווי די טאצן.

איך האָב אים באלוינט: — "מיין געליבטע פון עקוועלט ביז עקוועלט, פון טאָג ביז נאכט און פון נאכט ביז טאָג איבער ברענענדיק ווי דער דארן ביי משה רבנו, קיילע קאראלינע איינע אין א מדינה".

מיינע געשעפטן אין גריידונג זיינען געוואָרן אלץ מזלדיקער. איך האָב באוויזן אויסלערנען שרייבן עטלעכע מיידלעך און חתמענען זיך אין רוסיש עטלעכע בחורים. געפלאנט האָבן מיר מאכן א "סעקרעטנע שקאָלע" אין אָוונט צום לערנען מיינע קונדן שרייבן איןביידע שפראכן, אָבער דער סעקרעטנער פלאַץ דערצו איז ניט געווען.

דער זמן פון ליבע איז באגלייט געוואָרן פון ענדערונגען אינעם שטעטל: עלטערע קינדער האָבן אָנגעהויבן דיסקוטירן מיט זייערע טאטע־מאמע און פאָדערן "א לערער". באלמעלאָכע־יונגט האָט ביי א פאָר מלמדים גענומען "אוראָקעס" און געלערנט זיך לייענען זשארגאָן. א בחור איז אָפּגעפאָרן קיין קאמענעץ, די גובערניאלע הויפּטשטאָט, לערנען זיך זייגערמאכעריי, ווייל די אָרטיקע פאכלייט האָבן ניט געוואָלט פארשפרייטן די מלאכה אינעם שטעטל, אויס מורא פאר קאָנקורענץ. אנאנדערער בחור האָט אָנגעהויבן אריינגיין צום קריסטלעכן פאָטאָגראף לערנען זיך די מלאכה. א יחוסדיקע מיידל האָט דערקלערט אויפן קול אז זי וועט זיך וואַרפן אין ברונעם, אויב מע וועט זי נויטן ווערן א כלה פארן בחור פונעם יארמאלינעצער שוחט. א פאָר בחורים זיינען אוועק קיין אָדעס און א פארשטארקטע עמיגראציע קיין אמעריקע האָט זיך אָנגעפאנגען...

# קאפיטל צען

— נו, און דו?...

געפרעגט האָט דאָס ריווע. אליין א באשיידענע, אָבער פאראינ־טערעסירט אין מיין עובדא און, דורך מיין אָפנהארציקייט פאר איר, באקאנט מיט אלע מיינע ראָמאנטישע ענינים און באקאנט אינעם גאנג פון ליבעס צווישן דער יוגנט. איך האָב פאר איר אליין דערציילט ווי פאר אן עלטערער שוועסטער, זי איז נאטירלעך אריינגעצויגן גע־וואָרן אין די אנטפלעקונגען און פארוואנדלט זיך אין מיין ראטגע־בערן, אגב מיך אויסגעהיט פון קאָנטאקט מיט "אומגעוואונטשענע עלעמענטן".

איך האָב ניט געוואָרט צוריקפרעגן בא איר — נו, און דו? מיר איז געווען באקאנט איר מיינונג וועגן די בחורים און צווישן זיי איז איר "פרינץ" געווים ניט געווען נאָך. איר באזונדערער אינטערעס אין מיין ארבעט האָט זיך באצויגן אויפן גורל פון "פארזעסענע" מיידלעך, זי האָט צווישן זיי געהאט נאָענטע באקאנטע און געמיינט אז מיין שרייבן בריוולעך פון זיי צו וועלכן בחור, קאָן פירן צו א תכלית־זאך. די שטוב פון די רייכס האָט געהערט צו די סאמע בא־לעבאטישסטע און דער קוק אויף אלץ איז געווען אזא...

ריווען פראגע האָט מיך מיט איינמאָל געמאכט באזיניקט, איך בין גלייך געוואָר געוואָרן אז איך ליב, מיר האָט בלויז געפעלט צו

ווינסן וועמען אייגנטלעך. ריווע האָט, מן הסתם, באמערקט מיין פארלעגנהייט און ראפטאם א זאָג געטאָן — חייקעלען...

אין דער מחנה ליבהאָבערס זיינען געווען אויך שיר ניט קינדער אין דער בגרת־און בר־מצוה עלטער. מיר, פערזענלעך, איז דאָס אַנגעשטאַנען צוליב מיין הויכן וואוקס און גענויטקייט אין ראָמאַנען. איך, הייסט עס, האָב "געמעגט שוין" שפילן א ליבע. ריוועס פראגע האָט מיר קלאָר געמאכט אז איך ליב; איר אָנרוף "חייקעלע" האָט מיר צוואווינסן געטאָן וועמען איך ליב.

איך ברענג דאָ דעם פאַל צוליב באַקאַנט מאכן דעם לייענער מיט דער דערשיינונג פון ליבע בא יידישע קינדער אין יענער צייט פון אויפקום אין יידישן לעבן, פון א הי־שער צאָל זאכן וואָס צום פריער־דיקן דור זיינען זיי געווען אומבאקאַנט און אפילו אסור.

חייקעלע איז געווען א קורצינקע ברונעטקע מיט פינקלדיקע אוי־געלעך, פוקע בעקעלעך, זשוואווע באוועגונגען אין דער עלטער פון א יאָרן עלף צוועלף, זייער היימיש בא די רייכם אין שטוב צוליב איר פריינדשאפט מיט ריוועס קליין שוועסטערל, אוןביידן זיי האָב איך אָפט א קנופּ געטאָן אין די בעקלעך ווי דאָס דערלויבט זיך אן על־טערער לגבי קינדער.

איך האָב ריווען ניט דערפרייט און ניט אנטוישט. איך גלויב אז אויך איר איז געוואָרן קלאָר אז איך בין פארליבט אין חייקעלען. ניט געווען דאריבער וואָס צו באשמועסן, געווען נאָר די פליכט פון אָנשרייבן צו חייקעלען א בריוועלע און איר דערקלערן ווארום האָב איך איר ביז היינט "נאָך ניט" געשריבן. מיין בריוול האָט מכתחלה שוין דערדינט זיך צו א רויזקאָלירנדיק בויגעלע פאפיר, צו א שפּריץ דרויף, נאָכן אָנשרייבן, מיט א פיינעם פארפום און א שיין קאנווערטל, א שיין צאצקעלע דרויף, פשוט א מחיה. דאָס בריוועלע האָט מיט מיר איבערגענעכטיקט בא מיין רבין אין שטוב. אויף מאָרגן נאָכ־מיטיק איז דאָס שוין אריבער בשתיקה פון מיין האנט אינעם הענטל פון חייקעלען, זי איז רויט געוואָרן ווי אן אָפּגעשאבענער בוראקל, א דריי געטאָן זיך ווי א שפינדל און אריין אין צווייטן צימער פונ־וואנען איך האָב דערהערט א כליפּ. דער דאָזיקער אויסדרוק פון ליבע

איז אין שמר׳ס ראָמאנען ניט געווען נאָך, אָבער מיין הארץ האָט ראלד דערשפירט וואָס דאָס מיינט.

ביז נאכט האָט מיין ערשטע ליבע געבליט אן בייזע טרעפעגישן, אין אָוונט בין איך פון מיין חבר שלמה, דעם רבינס יונגל, דערגאנ־גען צום מקור פונוואנען חייקעלע שטאמט. איר פאָטער איז געווען תּכן די געשעצטע נגידים אינעם שטעטל, זיין שטוב א נגידישע, זיין פאָזיציע אינעם בית המדרש די "מזרח־וואנט" וואו ער איז באַם דאווענען געזעסן נאָענט פונעם רב, אָבער... זיין טאטע איז געווען... געווען אברהמצי שניידערס א זון. דווקא א ייד א מקורב צום רבין, דווקא האָט ער געקאָנט אָפּלערנען א פרשה חומש מיט רשי, געדאוונט צומאָל פארן עמוד, און אויב א יאָרצייט נאָך וועמען פון זיינע אבות איז אויסגעפאלן אין א שבת, אויך דאן, געדאוונט. אלץ נישקשה, נאָר דער שניידער איז פאָרט געווען א שניידער, און ער האָט מיך נימ געלאָזט איבערשלאָפן יענע נאכט רואיק.

— מיין טאטע, דער רינג אין א קייט פון דורות מיט גדולים, אזש ביז רשי, אזש ביז צום בית ראשון צוליב דער כהונה פון דער משפּ־חה, מיין טאטע — און קעגנאיבער א שניידער...

מיין פאָטער פלעגט אין ווינטערנעכט דערציילן לאנגע מעשות וועגן זיידעס אין זיין משפחה, וועגן גלאט גרויסע לייט אינעם יידישן פאָלק, ער פלעגט דערמאנען צו גוטן אונדזער אמאָליקן קאוואל, רב יצחק, אונדזער שוסטער, רב יוחנן, דאָך — אזוי האָב איך באגריפן אין יענער נאכט, — פאר זיידעס וואָלט ער זיי ניט געוואָלט.

אויף מאָרגן האָב איך בא די רייכס באגעגנט חייקעלען, איר אָפּ־געגעבן דעם ליבן גוטמאָרגן, זי איז דערשראָקן געוואָרן, געוואָלט אור־דאי מיר באצאָלן מיט א "גוט יאָר", דאָך אין האלדז האָט עפּעס פארשטיקט ווי א שטשור וואָלט זי באפאלן, זי האָט זיך א בויג גע־טאָן פאר מיר מיטן גאנצן קערפערל און ווידער אנטלאָפן אין שבנהשן צימער אריין. אנטלאָפן און מיך איבערגעלאָזט מיט איר זיידן, אבר־המצי דער שניידער...

א צווייטע שווערע נאכט פאריבער ביי מיר. איך בין אויפגע־שטאנען אנטשלאָסן און קעמפעריש: — אין די ראָמאנען שטייט געשריבן אז ליבע איז שטארקער פון אלץ אין דער וועלט.

ריווע האָט מיך געטרייסט פּראַקטישער. ביז צום זמן החתונה, מן הסתם, נאָכן באַפרייען זיך פון "פּאַניען" (מיליטערפליכט) איז נאָך אַזוי ווייט. די "וועלט" ווערט אַנדערש, די יוגנט ווערט זעלבסט־שטענדיקער, איך וועל מיך איינשפּאַרן אַז דווקא חייקעלע, און טאַטע־מאַמע וועלן מוזן מסכים זיין: — וועסט זען.

די טעג דערוויילע זיינען געלאָפן. ביזן דערזען חייקעלען זיינען זיי געקראָכן נודנע, און די שעה מיט איר צוזאַמען איז אַזוי געפלויגן ווי "א פייל אויסן בויגן". מיר זיינען געוואָרן היימישער, אויסגע־שפּאַצירט איבער אַלע באַהאַלטענע גריידונגער ווינקעלעך, אפילו צווישן די גערדיכטע ביימער אויפן בית הקברות. דער פּאַרוויילער בין איך געווען, זי האָט רק געהערט, רק געהערט, א זאָג געטאָן צו־מאָל — אוי, ביזטו א געלערנטער! אָדער גלאַט א זאָג געטאָן — בינשהלה. איך האָב זי געכאַפּט מיט א "וואָס?" און זי פלעגט אי־בער ענטפערן — גאָרנים, גלאַט אַזוי, איך האָב ליב צו זאָגן מנשהלע.

אין מיינע בריוולעך האָב איך נאָכגעמאַכט שלמה המלך, גערופן זי שולמית. זי האָט באַשטעטיקט אַז אַזוי איז שענער, אָבער איבער־אַנדערשן מיין נאָמען וועט זי קיינמאָל נישט. נישטאָ אין דער וועלט א נאָמען וואָס זאָל אַזוי שיין אויסנעמען ווי מנשה. שולמית מיר האָט געשריבן אינעם סטיל ווי דער "שראַבער" האָט זי געלערנט: — צו מיין פילגעליבטן מיט זיין איבעראַל באַקאַנטן נאָמען מנשה", דאָס איז געווען דער סטערעאָטיפּ פאַר יידישע בריוו.

אין א שיינעם טאָג, האָט חייקעלע, דווקא זי די ערשטע, באַמערקט אַז מיין פּנים איז קרענקלעך, זי האָט באַשלאָסן אַז איך בין נישט גע־זונט. איר בליק איז געוואָרן א דערשראָקענער, צום ערשטן מאָל האָט זי אָנגעכאַפּט מיין האַנט און וויינענדיק א זאָג געטאָן — ווי איז מיר, דו ביזט'ך קראַנק.

איך האָב געוואָלט דאָס אָפּלייקענען, נאָר פּלוצים צעהוסט זיך. חייקעלע האָט מיך זאָרגפול אָפּגעפירט ביז דער ליניע פון "מע טאָר נישט", זי איז אוועק מיט איין זייט גאַס, איך מיט דער צווייטער, מיר ביידע האָבן זיך באַלד טאַקע צוזאַמענגעטראָפן בא ריוון, און ריווע האָט באַשטעטיקט אַז איך האָב אַזאַ אויסזען ווי "א קראַנקער, חלי־

לה״. שפעטער האָט מען דאָס דערזען בא מיין רבין אין שטוב, די באָבע שרקה האָט פאַרבראָכן די הענט ״ווייִ איז צו מיר״, רב ישראל אברהם האָט געמאָלדן אז די ״מראה״ מיינע געפעלט אים ניט, און אויף מאָרגן האָט שוין ״מיין שטעטעלע גריידונג״ געשמועסט וועגן דער עוולה וואָס מיינע עלטערן האָבן מיך פאַרשיקט אין דער פרעמד.

— א רב האָט זיך זיי פאַרגלוסט, א פּאַסעסאָר געפעלט זיי ניט.

די באָבע שרקה מיט דער מומע חנה רייך האָבן מיך געפירט צום דאָקטאָר, ער האָט אין מיין קראַנקהייט באַשולדיקט דעם קלימאַט, צוגעשריבן רפואות, געהייסן טרונקען א סך מילך און פאַרזיכערט אז אַלץ וועט איבערגיין בשלום. חייקעלע האָט וועגן אַלץ געוואוסט און איר פּנימל איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן טריבער.

אונדזער ראָמאַן איז צו דער יוגנט אין גריידונג געווען שוין באַקאַנט. געזעלשאַפט בכלל האָט זיך דערצו באַצויגן פריינטלעך. אן עלטערע קרובה האָט מיך געוואָרנט פון א קרומען טריט. מיך איז א מורא באַפאַלן טאָמער דערוואוסט זיך חייקעלע וועגן מעגלעכע קאָמפּליקאַציעס און וועט דערפון ליידן. ריווע האָט מיך געטרייסט דערמיט וואָס אירע עלטערן וועלן געווים צופרידן זיין פון אונדזער ראָמאַן און מיכל סקאַלעצקי, חייקעלעס פאָטער, וועט, מן הסתם, אַלץ טון אז דער ענין זאָל קומען צום געוואונטשענעם אויספיר.

מיר דערוויייל איז געוואָרן אַלץ שלימער. מיין קרענק האָט דערשראָקן אויך די קונדשאַפט מיינע, מיך קאָנען די עלטערן אָפּנעמען פון רב ישראל אברהמען, ווער וועט שרייבן ליבע־בריוו? אינפאָרמאַציעס וועגן מיין צושטאַנד האָט געליפערט מיין חבר שלמה, מיר ביידע זיינען געשלאָפן אין איין צימער און ער איז צוליב מיין שווערן הוסטן באַנאַכט געווען געשטערט אין זיין שלאָף. געווען א פּלאַן אז איך זאָל איבערגיין אינגאַנצן צו די רייכס ווייל מיין רבי האָט געוואוינט אין א ניט לופטיקער דירה.

חייקעלע האָט בסוד אונטערגעשיקט א פּאָר באַקאַנטע בחורים בין מיינע קונדן צום דאָקטאָר. ער האָט קיין גוטע האָפנונגען ניט געגעבן. איך מוז האָבן גוטע לופט, דאָרפישע. אינצווישן האָט דער רב געשיקט נאָך מיר, אויסגעפרעגט וועגן מיין געזונט, פאַרזיכערט

מיך אז אין דער היים בא טאטע־מאמע וועל איך געווים געזונט ווערן. עיקר אָבער איז געווען אז "ווען ער, ברוך הוא, וועט מיך אויסהיילן זאָל איך ניט פארגעסן דעם ווילן פון מיין פּאָטער צו מאכן מיך פאר א רב, א געלערנטן רב וואָס זאָל טויגן פאר דעם דור וואָס וואקסט אונטער".

אין א טאָג האָט מען מיר געמאָלדן אז מיין באבע שרקה האָט מודיע געווען מיינע עלטערן, אז גלייכער וואָלט געווען זיי זאָלן מיך היימנעמען אויף עטלעכע חדשים ביז איך וועל ווערן שטארק און מונ־טער ווי געווען. חייקעלע האָט דאָס מיר געמאָלדן בסוד און געפרעגט בא מיר וואָס זאָל זי טון צו ווערן "אזא" וואָס זאָל מיר אימער גע־פעלן זיין. איך האָב איר געהייסן לערנען שפראכן, לייענען רוסישע ליטעראטור און פירן א טאָגבוך.

— נו, און שמר"ס ראָמאנען? — האָט זי געפרעגט.

— דו באדארפסט דאָס שוין ניט, — האָב איך געענטפערט. און זי האָט מסכים געווען. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן אז שמ"ר האָט בא אונדז ניט מער וואָס צו טון.

אין א טאָג האָט מיר ריווע מודיע געווען אז עטלעכע בחורים ווילן מיך זען הינטערן קלויסטער וואו די פארליבטע פּאָרלעך פלעגן על פּי רוב שפּאצירן. דאָרט האָבן זיי פאר מיר אויסגעגאָסן דאָס הארץ און געבעטן איך זאָל אויסטראכטן א פּלאן ווי זיי זאָלן קאָנען פּאָרזעצן זייערע קאָרעספּאָנדענצן אָן מיר.

— מיט דיר האָבן מיר געקאָנט אויספירן א סך זאכן, געקאָנט ווערן "ראזוויטיעט" (אנטוויקלט) און אליין — וואָס? ווי אָן הענט... איצט וועלן די חסידים אָנהויבן אָנפאלן אויף אונדז און קיינער וועט ניט זיין צום אויסטראכטן ווי אזוי צו פירן מיט זיי א באָרבא (קאמף).

איך וויל ניט, לייענערם מיינע, מאכן דעם איינדרוק אז איך גע־דענק טעקסטועל וואָס זיי האָבן צו מיר גערעדט. מיר געדענקט זיך קלאָר אז מיין זאָרג איז געווען גראָד ניט פאר די בחורים, נאָר פאר די נייטארקעס און זייער גלייכן, שווער ארבעטנדיקע און אנאלפא־בעטע יידישע מיידלעך וואָס האָבן דורך דער קאָרעספּאָנדענץ באקו־מען אין זייער נודנעם לעבן א ביסל שפּיל, א ביסל אָנגענעמע אויפ־

רעגונג און באזונדערע אויפלעבונג אין די שבתים בעת פארזאמלען זיך אין די שוץ־ווענט פון דער סטאליצע.

איך האָב אָנגענומען דעם פּראָיעקט פון אויפשרייבן פאר זיי אין מיין חיים א מין בריוונשטעלער פאר ליבעשפּילערס. ריווע דאָך האָט פאָרשטאנען אז דאָרט, בא די עלטערן, אונטערן שוץ פון מיין מוטער, וועל איך דערמיט ניט פארנעמען זיך; זי האָט דעם פּלאן שטארק פאַרקריטיקירט.

צו די רייכס האָט מען געגומען גיין אָפּט און אָפטער צום ראטן זיך מיט מיר ווי שרייבט מען אין אזא פאל און ווי אין אנאנדערן.

צווישן די באזוכערס איז חייקעלע ניט געווען. די באריכטן דורך איר ברודער, אברהמצי, האָבן דערציילט וועגן איר נערוועזיטעט, זי איז געלעגן צו בעט מיט קאָפּוויי און אָנגעטאָן צרות דער מוטער מיטן עסן, ניט געווען קיין אפּעטיט...

— זי קאָן ניט קומען צו דיר ווייל זי וועט ניט אויסהאלטן און וויינען. צו וואָס דארפסטו דאָס?

שפּירנדיק אז היינט מאָרגן וועט ווער קומען נאָך מיר האָב איך מיך אָנגענומען מיט קוראזש און געגאנגען צו די סקאלעצקים אין הויז געזעגענען זיך. חייקעלען האָב איך דורך דער אָפענער טיר פון איר שלאָפצימער געזען אין בעט און גלייך דערהערט איר קול, זי האָט געוויינט.

שבת בייטאָג איז די שטוב פון די רייכס געווען געפּאקט. עולם הין מיינע קליענטן און עולם פון משפחה זיינען געקומען א קוק טאָן און מיך באקרעבצן. מיין געזונט איז געוואָרן אליץ שלימער. געווען שוין באקאנט אז נאָך שבת, וועט קומען מיין מוטער נעמען מיך צום דאָקטאָר און אליין הערן פון אים וואָס מיט מיר איז און וואָס מע מוז טון צום ראטעווען מיך. די מלוה מלכה ביי מיין רבין האָט זיך בארוואנדלט אין א ״באנקעט״ לכבוד מיר. רב ישראל אברהם האָט פאר מיינעטוועגן אויסגעטייטשט א גמרא מיט א פּאָר מדרשים און פּסוקים. עולם האָט געלעקט די פינגער און איך בין געזעסן אויף שפּילקעס. איך האָב אליץ געקלערט ווי ארום זעט מען חייקעלען...

זונטיק איז מיין מאמע געקומען, אַנגעהערט זיך פון אַלע זייטן ווי וואויל איך בין, ווי קראנק מיך מאכט די לופט אינעם שטעטל, אַנגעקושט מיך און געוויינט קוקנדיק צו מיר.

די מיר האָט זיך ניט פארמאכט. עולם האָט געטראָגן ברכות צו געזונט פאר מיינעטוועגן. מיין מאמע האָט צענדליקער מאָל גע־זאָגט "הלוואי, אמן". מאַנטיק האָבן מיר באזוכט דעם דאָקטאָר, ער האָט מיין מוטער געקאָנט פון יאָרן.

— זיי רואיק, דיין קינד וועט געזונט ווערן, די לופט אין דאָרף וועט אים אומקערן אַלץ אַלץ וואָס ער האָט דאָ פארלוירן. מיר האָבן נאָך אָפּגעגעסן א "פארבעטענעם" מיטיק ביי די רייכם און, ענדלעך, געזעצט זיך אויף דער בריטשקע. זי האָט זיך גערירט, געפאָרן איבער דער הויפּטגאַס צווישן די אָפענע קראָם־טירן און הויז־פענסטער פונ־וואַנען עס האָבן אונדז נאָכגעיאָגט ברכות צום אומקערן זיך געזונט.

אינמיטן וועג הינטער דער שטאָט שוין האָבן מיר באַגעגנט פאר־שוינען פון מיין קונדשאפט מיט פלאַטערנדיקע טיכלען אין די הענט. באלד האָט זיך באוויזן די בריק, פונוויטנס די מיל וואָס איז אַלע־מאָל די גרעניץ פאר באַגלייטערס, חייקעלע איז ניט געווען. דאָס הארץ האָט ווי געטאָן, געגאַגט אין בענקשאפט, און — פלוצים, אינעם שאָטן פון א גערוכט באַצווייגטער ווערבע איז זי געשטאַנען א פארוויינטע. איך האָב געלאָזט דעם פורמאַן זיך דערווייטערן נאָך אביסל, און דערנאָך אומבאמערקט פאר מיין מאמען, א וואָרף געטאָן ארונטער מיין הוט. א טאַרקע געטאָן דעם פורמאַן "שטיי!" און איי־דער וואָס בין איך שוין געווען אונטן אין געלאָף נאָך מיין פארלוי־רענעם הוט...

— חייקעלע...

— מנשהלע...

צום ערשטן מאָל האָט אונדז פארכאפט א קוש־גערעטעניש, א האסטיקע, א בריענדיקע. זי האָט מיינע הענט פארכאפט אין אירע:

— פאָר געזונט! איך וועל גאָט בעטן פאר דיר. און דו זאָלסט מיך ניט פארגעסן, קיינמאָל ניט, קיינמאָל, געדענק...

אירע אויגן זיינען געוואָרן טרערנקוואלן. דער פורמאַן האָט מיך גערופן אויפן קול. אירע ליפּלעך האָבן זיך איינביסן אין מיינע הענט.

— פאַר געזונט און פאַרגעס ניט דיין שולמית...
און מיין קוים פערצן־יאָריק הארץ האָט א שמארציקן טיאַך געטון, און גלייך האָט אין קאָפּ א קלאָרקייט זיך באַזעצט, ווי נאָך א גע־שמאקן שלאָף. איך האָב עפּעס דערבליקט, א שרעק איז מיר אָנגע־פאלן און דערביי א חרטה אויף דעם בייזן שפּיצל וואָס מיר האָבן אָפּגעטאָן דער טייערער חייקעלען, מיר דריי: — איך, ריווע און דער ליבע־אנטפלעקער שמ״ר...

---

## קאפיטל עלף

מיר דערנענטערן זיך צו דער ענדע פון דעם אָפּשניט וועגן ״ליי־נעצקי־שמר״ס צייטן״, און עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן נאָך אביסל אויף שמר״ס איינפלוס, איידער איך וועל ברענגען מוסטערן פון זיין שרייבן , און אויך פון זיינע העברעאישע שירים וועלכע פלעגן קומען בראש פון די ראָמאנען. זיי האָבן אויסגעזען, ווי א סאָרט ״מזוזה״ צו פארהיטן אים פון חשד אין חבר׳ן זיך מיט דער ״שפחה״.

שמר״ס דעביוטן מיט קורצינקע דערציילונגלעך אין לשון קודש האָבן נושא חן געווען. דאָך חיונה פאר אים ניט געבראכט. איז ער אָפּגעפאָרן קיין ווילנע, די שטאָט וואָס איז אַלעמאָל באטראכט גע־וואָרן אלס ירושלים דליטא. ער האָט אהין געבראכט א ראָמאן אין העברעאיש, און דערמיט דאָרט ניט מצליח געווען. אין יידיש האָט ער מיט זיך גאָרניט מיטגעפירט. פאָרגעלייגט אים אָנשרייבן א ספור האָט א פארלעגער, דער גרויסער משכיל פין. ניט געווען ביי שמרן קיין ברירה, נויט האָט געטריבן דערצו און אויף מאָרגן שוין האָט ער געבראכט די באשטעלטע סחורה און באקומען דריי רובל פאר איר. די מעשה האָט אויסגענומען און ״צעכאפּט״ געוואָרן. פין האָט בא־שטעלט נאָך, שמ״ר האָט ווידער אָנגענומען די ארבעט. דער לייענער האָט ווידער געכאפּט. און אזוי איז שמ״ר געוואָרן דער מזלדיקער שרייבער, דער זשארגאָנישער, און טאקע גענומען שרייבן אין זשאר־גאָן.

איז וואו איז פּאָפּולאַריטעט? דאָס האָט געמוזט קריכן שמר'ן אין די אויגן. געמוזט האָט זיין אויער ערגעצוואו פאַרנעמען דעם באַגייסטערטן "אָט גייט ער!" וואָס אים האָט פּאַרט געשטערט איז דער זשאַרגאָן, א שפּראַך — ווי די משכילים האָבן דאַן געשפּעט — אָן א גראַמאַטיק, א לשון ניט בלויז אָנעם שבח פון יחוס אבות נאָר נאָך מיט קלאַנגען פון גויאיש. מ'האָט ניט געקאָנט זאָגן וועגן א זשאַרגאָנישן שרייבער "כתבא רבא, סופר מהיר" און דאָס גלייכן. שמ"ר האָט זיך מיט דער שפּחה אין איר זשאַרגאָניסטישן אויקוק ניט איינגעלעבט, זיין אומצופרידנהייט האָט אים ממילא געשטויסן צו א רעפאָרם. אים איז, דאַן, געקומען אין קאָפּ די טייטשמיזירונג פון דעם זשאַרגאָן, אויסצירן די שפּראַך אַזוי אַז זי זאָל קאָנען קומען אין געזעלשאַפט פון ראַפינירטע לייענערס.

שמר"ס טייטשמעריש האָט בשעתו, ניט באַלעסטיקט. מיר, די לייענער, האָבן דאַן דערזען אַז דער טייטשמערישער "איבעראַל", "אי־בערהויפּט", "ענטשולדיקט" און אפילו "פאַרצייאונג" זיינען שוין אַזוי ווייט געיידישט אַז דער טייטש איז פון אים אויסגעוועפּט געוואָרן.

"עמך" האָט שמר'ן ליב געהאַט און פאַרערט. ער, שמ"ר, האָט אַרויסגעהויבן דעם יידישן באַלמעלאָכע און פּראַסטיק פון דעם זומפּ וואוהין לומדים און "עדלע" יידן האָבן אים געשטויסן.

שווער איצטער צו שילדערן ווי אַנדערש וואָלט אויסגעזען מיין טאַטע־דור, און ווי לאַנג די אינערציע האָט געקאָנט אָנהאַלטן אין פאָלק ווען ניט שמ"ר מיט זיינע פאַרכאַפּנדיקע ראָמאַנען, וועלכע זיינען פאַרן פּשוטן עולם געוואָרן דער צוציענדיקסטער לייענשטאָף.

די גענעראַל־אַטאַקע אויף שמר'ן האָט ניט אַרויסגערופן קיין התפּעלות ביי דער מאַסע און ניט קיין התלהבות ביי דעם משכיל יִעלכער האָט סיווי געהאַסט די יידישע שפּראַך. מיר די משכילים — יידישיסטן האָבן דאָס באַטראַכט ווי דעם כעס וואָס "איז אַרוים פון די כלים", רעאַגירט דערויף האָבן מיר ניט, הגם, אונדז האָט דאָס וויי געטון ווי א חלול השם פון א רבין אונדזערן, פון א נכבד אין דער משפּחה שרייבערס...

נאָך איצטער שטעלט זיך פאַר די אויגן יענע ווירקונג פון לינעצקי און שמ"ר אויף דער יידישער גאַס. עס קומט דערביי אין געדאַנק די

איבעראשונג פון דעם בלינדן וואָס דערבליקט אין שפּיגל זיין אייגענע געוועזענע בלינדקייט.

יצחק יואל האָט שוין אין מיינע חדר־יאָרן פארמאָגט א ווייטלעכן עבר, דאָך איז זיין ווירקונג געווען נאָך אין גאנג און פריש. טאטע־זיידע האָבן נאָך געהאלטן אין בייזערן זיך אויף אים. לינעצקי האָט אָנגעהאלטן קאָנטאקט מיטן עולם דורך זיינע לוח׳ן, לוח׳ן ממש, מיט וויצן פונעם גוטמוטיקן "בייזן מארשעלעק" (זיין פסעוודאָנים).

בימים ההם איז השכלה — אויפקלערונג, — געווען א מאָנאָפּאָל פון דער העברעאישער שפּראך. אין זשארגאָן האָט מען קיין פּילאָזאָפיעס ניט געשריבן. עס איז געווען נישטיק די צאָל פון אָפענע משכילים, ווייל השכלה בגלוי האָט נאָך געשאדט צו חיונה. ווען א משכיל האָט גענומען לייענען בפהרסיה לשון־קודשדיקע צייטונגען, ווער שמועסט א פּאָר ספרימלעך וואָס האָבן אין זייער טעקסט ניט געהאט קיין רשי־כתב און זיינען געווען געציפערט אויף זייערע זייטלעך אנשטאָט צו ציילן זיי דורך די אותיות פון אלף־בית, איז ער געווען אין סכנה "געהרגעט צו ווערן פוןביידע וועלטן". פון יענער וועלט געווים, און פון דער וועלט אויך ווייל די משכילים זיינען געווען פארפאָלגט ביז גאָר אין ענינים וואָס האָבן געהאט א שייכות צו פרנסה (חיונה)...

געווען דער טערמין "למדן" פאר גמרא־לערנערס, משכיל פאר דעם ניט־גלויבער אין א רבין און לייענער פון "יענע ספרימלעך". געווען אויך א טערמין "קענער". אזא האָט, צום העברעאישן, געמיזט פארשטיין אביסל רוסיש, אביסל דייטש, אביסל פּויליש. דער קענער האָט געמוזט אויך פארשטיין אין בוכהאלטעריע. יונגלעך משכילים אין יענע צייטן פלעגן טאקע לערנען דורך בריוו בוכהאלטעריע, און שוין "טאפּלטע", ביי יעקב מארק אין ליבאָווע און ביי לייוויקן, דוכט זיך, אין בארדיטשעוו. מעגלעך אז אין דעם נאָמען פון דעם בארדיטשעווער לערער פון בוכהאלטעריע האָב איך א טעות. דער קענער, ווען ער איז געווען שוין פריי פון דער טראדיציאָנאלער הלבשה, געשוירן, אָדער געגאָלט די באָרד, און געזעסן ביי זיך אין שטוב אָן א היטל, האָט געגרייכט צו דער העכערער מדרגה, אים האָט מען אנערקענט פאר געבילדעט...

— ניט נאָר א קענער, נאָר טאקע פשוט א געבילדעטער מאַן...
מאַן אנשטאַט מענטש. עס האָט אריינגעקלונגען אינעם נוסח פו־
נעם פאָלק "א גרויסער מאַן, א באַרימטער מאַן"...

אלע אנדערע זיינען געווען — "יידן".

— גאָרניט, א ייד, א פשוטער ייד...

פאַר "כל ישראל" קאָנען גערעכנט זיין באַלמעלאָכעס מכל המי־
ניב, קרעמערס פון דורכשניטלעכן פארנעם, כלי־קודש — געמיינט
רבנים, דיינים, חזנים, גבאים פון שילן, קלויבערס פון נדבות אויף
הכנסת כלה, קנויטלעך־לעגערנס, ליכטציערס, פעלצן־לאטערס, שדכ־
נים, מלמדים, מעקלערלעך, קאָמיסיאָנירלעך ביי די באַן־סטאנציעס,
איינקויפערס פאַר קליינע קרעמערלעך און הענדלערלעך, מלמדים,
סופרים, אָפּשרייבערקעס, נייטאַרקעס, פעדערפּליקערקעס און אזוי
ווייטער, איבער א זייער לאַנגער ליניע פון יידישע היונה־זוכערס און
פרנסה־מאכערס. אלע אינאיינעם כל ישראל.

העברעאיש, אפילו חומש מיט רשי "ווי עס באַדאַרף צו זיין" האָבן
די אלע ניט געקאָנט, און ווען ווער יאָ, איז אין א נישטיקער מאָס,
אפילו די מלמדים פון דרדקי...

העברעאיש האָט געהייסן לשון הקודש, די הייליקע שפּראַך, און
איז אין געוויסע פאַלן געהאַלטן געווען אין דער פאַרהייליקונג. לומ־
דים, צום ביישפּיל, האָבן זעלטן געשריבן בריוו אין לשון הקודש. גע־
מון האָבן דאָס רבנים, אין שאלות־תשובות, צום אויפקלערן א דין,
אָדער פעסטשטעלן די פראַגע פון אסור, מותר, אויך טריפה, כשר. אין
געוויינלעכן לעבן האָבן לומדים על פי רוב באַנוצט זשאַרגאָן מיט א
צומיש פון העברעאיש. געזאָגט האָבן די משכילים, און בדרך־כלל
איז דאָס געווען אזוי, אז די לומדים קאָנען פשוט ניט קיין העברע־
איש. דקדוק איז ביי זיי געווען פסול, נביאים האָבן זיי, כמעט, ניט
געלערנט, געשריבן האָבן זיי מיט טעותים סיי אין גראַמאַטיק, סיי
אין פשוטן אויסלעגן ווערטער. ניט געווען די רגילות. אָפּגעתירוצט
האָבן זיי זיך מיט דער קדושה פון דעם לשון: — עס איז ניט כדאי
מחלל זיין דעם לשון הקודש מיט וואָכעדיקע ענינים.

יידן פון "דריבנע אותיות" (רשי־כתב) פלעגן אָפּשוויצן איבער א

שווערן אויסדרוק פונעם אבן עזרא גאנצע שעה׳ן, ביז זיי האָבן אים דעציפרירט. אזעלכע האָט מען גערופן ״חריף, מסוכּנער בר־שכל״.

קשיא־פרעגערס זיינען דאן ביי יידן געווען אלע לערן־בחורים. אָן קשיא׳ס האָט מען ניט פארדינט דעם טיטל למדן, חריף, שארפער מוח. משכּילים האָבן דעמאָלט געהאט דעם מנהג אויסצולאכן דעם מין לער־נערס. זיי האָבן דערציילט וועגן א מגיד וואָס האָט זיין דרשה אָנגע־פאנגען מיט א פּסוק אין ישעיה, וואָס איז גאָר דאָרט ניט געווען. איינער פונעם עולם האָט אים דערויף אויפמערקזאם געמאכט...

— טאקע אמת, ניטאָ, אָבער ווען אזא פּסוק וואָלט יאָ געווען וואָלט דאָך געווען די קשיא ווי קומט ער צו זיין דאָרט...

---

פראגמענט פון שמ״רס א בילדל:

## א חתונה אָן אַ חתן

״אמאָל איז געווען א רב מיט א רביצן״

איך זע ווי די לעזער ווערן שוין אין כּעס, לעזנד דעם אָנפאנג פון דער געשיכטע. בא זיי קומט געוויס אויס אז איך וויל זיי דאָ דערציילן די אלטע מעשה וואָס זייערע ניאניעס האָבן זיי דערציילט מיט א רב און מיט א רביצן וועלכע האָבן געהאט אמאָל קינדערלעך און א בער האָט זיי אויפגעגעסן. דערום מו איך בארואיגן אז דאָ האנדלט זיך ניט פון בערן אָדער לייבן. אויך ניט פון קיין סאך קינדערלעך. צום סךהכּל האָבן זיי געהאט נאָר איין זון, א בחורל א געמסבענטשונג וואָס איר אלע מעגט זיך ווינטשן כּאָטש אזעלכע צען.

דער רב רב דודוניו האָט געבוך קיין מזל ניט געהאט. אלע ווייסן אז מיט זיינע לומדות און חריפות האָט ער געמעגט זיין א רב אין דער גרעסטער שטאָט ווען ער האָט אויפגעטאָן אזעלכע זאכן וואָס די גאונים קענען אויף דעם ניט פּאלן.. ער האָט, למשל, געאסרט צו ברענען גאז אין פּסח ווייל ער האָט דער־קלערט מיט זיין גרויסן גאונישן מוח אז גאז ווערט געמאכט פון ספּירט אלזאָ איז גאז חמצדיג. ער האָט מבטל געווען די פּארוקן פון שטאָט און האָט גוזר געווען אז אלע ווייבלעך זאָלן נאָך גיין מיט טיכלעך אויף די קעפּ. אָדער מיט הארבאנדן. ווייל ער האָט געפונען אז אן אשה קאָן, חלילה, ברענגען א זכר צו א שלעכטער מחשבה. ער האָט מחרים געווען די ווייבלעך וואָס האָבן זיך אלע ברייטיג די קעפּ ניט אָפּגעגאָלט. ער האָט קימאט אלע וואָך גוזר תּענית געווען,

און דער וואָס האָט ניט געפּאסט האָט זיך געמוזט לאָזן שלאָגן מלקות. נאָך אַלעכע טייערע הייליגע זאכן. נאָר, משטיינסגעזאָגט. די יידן פון גרויסע שטעט זיינען דאָך, רחמנא לצלן, אָנגעשטעקט מיט אפּיקורסות און זיי האָבן דעם טייערן צדיק ניט געוואָלט אויפנעמען אין זייערע מקומות. דערום האָט נעבוך דערדאָזיגער געמוזט בלייבן אין טשאַכאַטקע. א קליין ליטוויש שטעטל.

נאָר עס איז ניט אזא פּאַרדרוס וואָס ער איז געווען טשאַכאַטקער רב ווי דאָס וואָס זיין ווייב יאַכנע שפּרינצע איז געווען א רביצן אין א פּאַרדריפּעט שטעטל. איר האָט געמעגט אָנשטיין זיין א רביצן אין דער גרויסער שטאָט קריבס. אז צדקניות האָט מען באדאַרפט זוכן מיט ליכט און מע וואָלט געוויס איר גלייכן ניט געהאַט. אַלע מעלות פון אַלע צנועות האָבן זיך אין איר צוזאַמענגעקליבן, זי האָט קיין זכר ניט געקאָנט ברענגען צו קיין חטא ווען זי זאָל אפילו געווען וועלן אָנטאָן צוואַנציג פּאַרוקן ווייל זי, לא עליכם, האָט קיין נאָז ניט געהאַט. און אויף דער מאָרדע האָט זי געהאַט צוויי בראַדיוואָקעס וועלכע וואַרן באוואַקסן מיט לאַנגע רויטע האָר זא דאָס זי האָט אויסגעזען א דורנאַסע אידענע מיט א באָרד. איין אויג איז בא איר קאַסאַקע, און דאָס האָט איר קיין שטאַרקן חן ניט צוגעגעבן. איר קאָסטיום האָט איר שוין אינגאַנצן צוגעגעבן דעם חן פון א צדקניות, דען אויף דעם קאָפּ האָט זי געטראָגן א פּאַטשיילע, אויסגעקנופּט צוויי קינסטלעך און מייסטערהאַפט זא דאָס עס האָט אויסגעוויזן דאָס זי האָט א לאַנגן האָרן אויף דעם שטערן. איר דאַרער גוף איז געווען איינגעפּאַסט אין אן אַלטן ברוסט־טוך, געשטיקט מיט גאָלדענע פעדים. ער האָט אויס אַלטקייט אויסגעזען ווי א פאַרשימלטער פּאַנצער. אַלע טשאַכאַטקער ווייבער האָבן זיך פאַר איר געשראָקן ווי פאַרן מלאך־המות דען אין יעדער פון זיי האָט זי געפונען א פעלער: — זי האָט געטראָגן א קלייד געניייט נאָך דער גויאישער מאָדע, בא דער איז דאָס טיכל ניט געווען אראָפּגערוקט ביז די אויגן, און יענע האָט געלאַכט צו הויך. דערפאַר אָבער האָבן די טשאַכאַטקער אידן געלעקט די פינגער פון איר, זיי האָבן זיך פון איר אנדערציילט אזעלכע זאכן וואָס פּאַסן נאָר פאַר א למדוניק. צום ביישפּיל, מע האָט דערציילט אז זי טראָגט א טלית־קטן מיט כפולשמונהדיגע ציצית, און די ציצית מאַכט זי אליין איין. מע האָט דערציילט אז זי דאַוונט אין צוויי פּאָר תפילין ווי דער רב. און אַלע נאַכט ווען זי גייט שלאָפן קוקט זי איבער אַלע מזוזות. מען האָט געזאָגט אז אין די אומריינע טעג שיירט זי און וואַשט די קלאַמקעס פון די טירן ווען זי גייט ארויס, כדי דער רב זאָל, חלילה, צו קיין חטא ניט קומען ווען ער וועט זיך נאָך איר אין דער קלאַמקע אָנרירן.

מיט קיין מאנסביל האָט זי ניט גערעדט אחוץ מיט דעם רב, ווייל זי האָט ניט גע־רעדט קיינעם, חלילה, צו קיין זינדיגע מחשבות ברענגען.

מע קאָן שוין פארשטיין אז ווען אזעלכע טייערע הייליגע עלטערן האָבן געהאט א זון א בן יחיד וואָס פאר א תכשיט ער איז געווען. איך זאָל אים אָפּ־מאָלן און פארשטעלן מיט אלע מעלות וועל איך געוויס מיד ווערן שרייבנדיג, און די לעזער וועלן מיד ווערן לעזנדיג דערום וועל איך אין קורצע ווערטער דערציילן אז ער האָט געהייסן ראובעלע. ער איז געווען אביסל ענלעך צו זיין כשרער מוטער. ער איז געווען אזוי פרום אז ער האָט מיט קיין מענשן ניט געקאָנט רעדן, און א למדן וואָס ער איינער אין טשאכאטקע, און אלע טשאכאט־קער איינוויינער האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף זייער קינפטיגן רב, נאָר די רביצין, יאכנע שפרינצע, האָט זיך פון זיי אויסגעלאכט, זי האָט געוויס געזאָגט אז איר בן יחיד וועט זיין רב אין דער גרעסטער שטאָט.

וויפל באלעבאטים עס זענען געווען אין טשאכאטקע וואָס האָבן געהאט טעכטער האָבן חשק געהאט דעם אוצר צו ערווערבן, נאָר קיינער האָט די זכיה ניט געהאט מיט דעם בריליאנט באגליקט ווערן, דאָס גאנצע שטעטל איז געווען אין כעס אויף רב ארעלע דעם שדכן דערפאר וואָס ער האָט אויסגעפירט דעם תכשים א שדוך מיט דעם רייכן רענדאר שלמה קנאקער.

---

## חתן דמים *)

(איינער פון די שירים וואָס שמ"ר פלעגט דרוקן נאָכן שער־בלאט)

מאז נותר ישראל אלמן בארץ,
מאז מתה עליו רעיתו ההצלחה
התחתן האומלל עם שואה וקרץ,
לרעיה לו יעדו בתם האנחה,
שושבינין צרות, כל נגעי החיים,
אחריו כצל יתנהלו כל הימים,
בלי חמלה ישפכו דמיו כמים,
לכן יקרא בשם חתן דמים.

---

*) דמים תרתי משמע

מנשה האלפערן

מיום גלה יעקב מכל תענוגותיו
וממנו התחבאו גילה וששון
משערות ראשו רבו צרותיו
וכמטרה הוצג לכל חצי האסון.
עם הכסף התחתן מאז בחכמתו,
הוא הצילהו מכף כל הקמים,
אך חרה אף שונאיו חפצי רעתו
וקראוהו — אוהב כסף, חתן דמים.

לך יהמה לבי, עם לא צולח!
עד מתי תתעה מדחי אל דחי,
עד אן לכף רגלך לא תמצא מנוח,
שונאיך יבזו לך, יכוך לחי?
עד מתי לדמיך יצמאו האנשים,
יביטו אליך בפנים נזעמים,
עד אן תשתה חמת נחשים...
גוי אובד, גוי אומלל, הה,
חתן דמים!

---

## קאפיטל צוועלף

מיט די יידישע אויפטוען לטובת דער אנטוויקלונג פון קאָמערץ אינעם תחום פון יידישן ישוב אין רוסלאַנד האָט די רעגירונג גע־רעכנט זיך אין א געוויסער מאָס. איינער פון די ביישפּילן זאָל זיין דער "היתר" פאר יידן צו באשעפטיקן זיך מיט שנאפּס־ברוי, הגם די פאכטערס פון "גראלניעס" פלעגן אויסנוצן אלע המצאות אין דער וועלט צום פארקלענערן די שטייערן. דער אפּאראט וואָס האָט גע־מאָסטן דעם סכום עמערס און די גראדן פון שטארקייט איז אין יידיש געווען גערופן "זייגער", און אקציזניקעס האָבן גאנץ גוט געוואוסט וועגן די מאכינאציעס פון יידן מיט און ארום די זייגערס. געוואוסט האָט אויך די רעגירונג וועגן דעם "פריינטלעכן" קאָנטאקט צווישן אירע שטייער־אינספּעקטאָרן און די יידן, דאָך איז זיך דער ענין גע־גאַנגען כשורה צענדליקער יאָרן.ביידע צדדים האָבן דערפון געמאכט פּארמעגנס. פון צייט צו צייט איז "אָנגעפלויגן" א קאָנטראָלער און געפּאקט דעם פארברעכער ביי דער האנט, האָט זיך די מעשה אויס־געלאָזט צו גוטן דורך א ים מיט "כאבארן" אין דער יד אריין פון די הויכע באאמטע, און דער קאָנטראָלער איז איבערגעפירט געוואָרן אין אנאנדערן ראיאָן, אָדער גאָר "אראָפּ פונעם ביינקל"...

א שנאפּסברויער א קריסט געדענק איך ניט. די אקציזניקעס וואָלטן אזעלכן "אויפגעפרעסן" לעבעדיקערהייד. נעמען פון אים

"באבאר" האָבן זיי ניט געוואגט, לאָזן אים ארבעטן רואיק האָט גע־
ייסן אונטערהאקן די אייגענע פיס, דעם קוואל פון האָבן חיונה ווייל
די שכירות וואָס די רעגירונג פלעגט צאָלן אירע קלענערע באאמטע
האָט "געקלעקט אויף בויכווייטיק". דערצו איז דאן בכלל דעם
קריסטלעכן אינטעליגענט ניט אָנגעשטאנען פארנעמען זיך מיט
האנדל. דעריבער האָט דער פויער דאן געזאָגט אז "אָן א יידן קאָן
קיין יאריד ניט זיין", געמיינט אז דער ייד איז דער קלוגסטער אינעם
לאנד און צומאָל געקומען צום אויספיר אז דער צאר האָט, מן הסתם,
'פארבאָטן" דעם קריסט באשעפטיקן זיך מיט אָפקויפן פונעם פויער
זיינע תבואות און אלץ וואָס ער ברענגט אויף.

יעדער לייענענדיקער קריסט האָט געטרוימט וועגן א רעגירונג־
אמט, און געגלוסט צו דעם "טשין" דווקא אין דעם יידישן תחום.
באאמטע פלעגן זאָגן אז דער ייד "באציט זיך גוט" צום טשינאווניק.

די יידן פון מיין דור האָבן ניט געליטן פון קאָנקורענץ מצד קריסטן,
אין די מסחרים, מיט "פריצים" און פויערים. עס זיינען ניט געווען
קיין קריסטלעכע קרעמערס אין שטעטלעך פונעם יידישן תחום. אויב
יאָ געווען אזעלכע בכלל, האָט מען זיי אין זייער אומבאדייטנדיקע צאָלן
געטראָפן אין גרעסערע שטעט. ניט געווען קיין קריסטן אָפקויפערס
פון גערעטענישן ביי פריצים און פאָפּעס, ניט קיין וואלד־סוחרים,
און זייער זעלטן מיל־פאכטערס. אזוי אויך איז דער עקספּאָרט פון
אייער, פון וואל און חזיר־האר געלעגן אין יידישע הענט. אפילו דער
עקספּאָרט פון ראקעס, ווי פון פלאקס. ביי קריסטן אין די הענט
איז געווען דער האנדל מיט קלויסטער־זאכן און געווער.

פאבריקן האָט די פּראָווינץ כמעט ניט פארמאָגט, מחוץ פון צו־
קערניעס. קריסטן האָבן געהאט גרעסערע ווארשטאטן, דעם ציגל־און
טשערעפּעס־ברען. אינסטרומענטן צו באארבעטן באָדן האָבן געמאכט
קריסטן, די אָפּנעמערס ביי זיי זיינען געווען יידן.

דעם קריסטלעכן קרעמער אין דאָרף — אין שפּעטערדיקע יאָרן,
— האָבן די פויערים פיינט געהאט: — ער איז אזא ווי איך און
"בלאָזט פון זיך". ער וויל זיין דער פּריץ אנטקעגן זיין אייגענעם
ברודער.

באלמעלאָכעס אינעם שטעטל זיינען געווען יידן. אין דאָרף זיי־

נעז יאָ געווען קריסטלעכע באנדערס, שמידן, סטעלמאכעס, רעשעט־ניקעס און נעצן־וועבערס צום כאפּן פיש. קאפּעליעס צו חתונות און בעלער רק יידן, בלויז אין זעלטענע פאלן איז געווען א קריסט צווישן זיי.

פלעגט ניט קומען אין דאָרף אריין וואוינען א "בידנעי זשידאק" (אָרימער יידל) האָט דאָס דאָרף ניט פארמאָגט קיין איינציקן שטעטל־יקן שטריך. "אָן א יידן זיינען דערפער ענלעך צווישן זיך ווי שטיוול", דאָס איז א פויערשע אפּ'משלונג געווען.

פּריצים, הונדערט־פּראָצענטיקע פּאָליאקן, האָבן דעם יידן געהאסט. זיי האָבן ניט מוחל געווען דעם יידן זיין "הטא" וואָס ער האָט געזען די ירידה פונעם פּאָליאק. דער געוועזענער "מאשקא", האָט געמוזט ווערן פאר זיי "פּאני מאשקא", פון אים האָט מען גאָר דערוואַרט א טובה. דער ייד איז געוואָרן א גומרודער מיט פּאָליציי און געראַ־טעוועט פון איר זייער אָפּט דעם פּאנסקי "צאפּ"...

צו דעם שיכט פון שונאי ישראל האָבן געהערט אויך גלחים, פּאַ־פּעס און גמינע־באאמטע. די לעצטע, דערפאר וואָס א ייד איז ניט געווען אין רשות פון זייער רשעות. פּאָליציי האָט פיינט געהאט יידן "אמטלעך", אָבער געשאפּן דעם ווערטל: — וואָס דער קיסר דער־צאָלט ניט דערלייגן די זשידעס...

די שבתדיקע טראדיציע פון פּאָליציי צו עסן יידישע פיש מיט חלה שיינט מיר צו האָבן געווען אין כל תפוצות ישראל. דער ייד האָט געהאט דערפון "נחת", דאָך ווי ליב די געסט זיינען אים געווען וייזט אָן דער פּאָלגנדיקער אנעקדאָט:

אריינגעקומען דער אימער פרייליכער אוריאדניק צום יידן אין "קידוש־צייט" מיט זיין "גוטע שאבעסע", אָבער דאָס מאָל געזעצט יך צום טיש א טריבער. דער בראָנפן האָט געווארט, די פיש און חלה אויך. דער אדון האָט זיך ניט גערירט...

— פריץ טייערער, וואָס איז מיט דיר היינט?

— מ'האָט מיך אָפּגעזאָגט פון מיין אמט...

דער ייד איז צוגעלאָפן צו דער טיר פון דער קיך.

— שרה, שנעלער! כאפּ אראָפּ די פיש פונעם טיש...

אָבער עס איז ניט אמת, די פיש האָט מען ניט צוגעכאפּט; ווער

ווייסט צי וועט ניט וועגס דערזועלביקער "אָפּגעזאָגטער פריץ" ווערן ווידער א "מאכער"...

יידן האָבן געגעבן "לאַפּקעגעלט" דעם באַמטן זייער ווילין, געוען איז עס "א סגולה צו פרנסה". דער בית המדרש האָט דאָס גערופן "ר' יעקב מישלם". דער מארק "לאַפּקעגעלט", די קרעמערס "הנותן יד", און דאָס פאָלק האָט עס גערופן מיט דעם רוסישן נאָמען 'כאבאר".

— און אלץ איז נאָך צו דאנקען דעם בורא עולם וואָס מיר האָבן ניט קיין יידישע פאָליצייסקי, מע וואָלט קיינמאָל דעם אָטעם ניט געכאפּט.

געוועז אויך יידישע "אדונים" — סטאראסטעס. קהל האָט באַדארפט, לויט דער לאָגיק פון רעגירונג, א "פּרעדסטאוויטיעל" (פאָרשטייער) ביי דער מלוכה. האָט זי "געקליבן" א סטאראסטע. געוועז צו צוויי, אויך דריי קאנדידאטן, יעדערער פון זיי האָט מבטיח געוועז "גאָלדענע בערג". עיקר אָבער איז געוועז די "עולם הזה" פון א שנעפּסל, א גוטן צוביים, א קערמעשל טאקע, אד"גל. ענדלעך איז דער סטאראסטע געוויילט געוואָרן, די "עולם הזה" האָט זיך מיטאמאָל פארענדיקט, דער סטאראסטע האָט אָנגעהויבן זוכן "דאכאד" (פרנסה) און אפּירגעשלעפּט שלעק און צרות פון ימי ניקאָלאי דער ערשטער, ווי ליכט־שטייער, קאָפּ־שטייער, געבן יידן פאספּאָרטן, צוזאמענשטעלן רשימות פון מיליטערפליכטיקע וכדומה. מיט אים האָט פּאָליציע געלעבט חברותאדיג, דורך אים האָט זי געהאט מעגלעכקייטן פון טון "טובות" צו יידן און באקומען לוין דערפאר. געוועז נאָך צום סטאראסטע אויך א "סאטסקי", א סאָרט יידישער פּאָליצמאן צום פונאנדערטראָגן אוויזעס, באגלייטן א פארהאפטעטן יידן, אָבער זיין ראָל איז געוועז א נעבעכדיקע, מיט קליינע הכנסות. דער עולם סטאראסטעס און סאטסקיס פלעגן זיין ווייניק באהאוונט אין רוסיש רעדן און שרייבן. עס דערמאָנט זיך פון יענע צייטן א וויציקע אָפּמאָלונג: — עס האָט א סטאראסטע געדארפט אונטערשרייבן א "פּאפּיר", א דאָקומענט. ער האָט דערצו אָנגעטאָן די שבתדיקע קאפּאָטע, די סאמעטענע יארמולקע, געהייסן דעם סאטסקי קויפן א נייע פען מיט א ביסל פרישער טינט. אויסגעוועשט צווייִמאָל די

ברילן, באפוילן עפענען א פענסטער "מחמת עפּעס ווערט אים היים", דאן האָט ער די פּען געטונקען אין טינט, זי אָפּגעשאָקלט, אויפגע־הויבן מיטן שפּיץ ארויף, באטראכט צו איז ניט וואָס אויפן שפּיץ און — דערלאנגט זי א יידן וואָס האָט געקאָנט שרייבן רוסיש: — זייט אזוי גוט, רב יאָסל, חתמעט זיך, דאָרט איז שוין אָנגעשריבן "זא ניעגראמאטנאהא", פאר דעם אנאלפאבעט...

דעם סטאראסטע פלעגט מען צושרייבן דאָס שפּריכוואָרט אז "יידן זיינען קיין פאָלק ניט", זיי האָבן ניט קיין באגריף פון א פאספּאָרט, פין א קאזיאנעם (מלוכהשן) פאפירל...

איך דערמאן דאָ צוליב מעמואריסטישער גאנצקייט א פארדאמטן פּארשוין, דער מסור. געווען אין יעדערן שטעטל, געווען אויך ביי קריסמן. דער מסור איז ביי יידן געווען געהאסטער פארן משומד, געווען די גרויסע חרפּה פאר משפּחה, ווייל דער משומד האָט איינמאָל אָפּגעטאָן זיין פארעטערישע ארבעט, דער מסור האָט דאָס געטון טאָג טעגלעך. דאָך פלעגן אזעלכע פארקלטע פארשוינען גענוצט זיין בעת מחלוקה צווישן קהל'שע, אָדער חסידישע צדדים. דאָס פאָלק האָט אלעמאָל געמיינט דאָס אזעלכע שרעקלעכע טיפּן "מוזן" ארויסקומען פון די "באפערס" וואָס פלעגן בימי ניקאָלאי כאפּן קליינע קינדער פאר מיליטערישע קאָלאָניעס (קאנטאניסטן, ניקאָלאיעווסקי סאָלדאטן). די סברא איז געווים געווען געשאפן צוליבן אויסדריקן דעם יידישן האס צו די פארעטערס.

צו די "סקארבאווע" טיפּן פון א יידישן שטעטל געהערט אויך דער "יאר־עדות", א דערשיינונג וואָס האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט ירושה אין דער שפּראך. די דאָזיקע עדות האָבן עקזיסטירט אין פאָר־לעך, ווייל דער "פאך" האָט געמוזט האָבן א צווילינג סיי ביי כשרע, סיי ביי טריפע זאכן; איין עדות אליין האָט ניט געהאט די נויטיקע דעזעצלעכע ווערט. מע פלעגט זיי רופן "דער זווג". זייער ארבעט איז געווען צו באשטעטיקן חתימות, פערזאָנען, געשעענישן און "אלץ פאר וואָס די נצרכים האָבן געצאָלט געלט". על פי רוב פלעגן זיי זיין פאלשע עדות אין קריגערייען, געזאָגט דאָס פארקערטע פון דעם ווי דאָס איז געשען, אָפּהענגיק פונעם לוין וויפל זיי פלעגן דערפאר באקומען.

— ר׳ אנשל, איר זענט דאָך געווען דערביי ווי משה האָט מיך גע־זידלט פאר אומזיסט און מיר דערלאנגט אין באק?

— געווען זיינען מיר נים. איך זאָג ״מיר״ ווייל צו יעדער זאך מיז מען צוויי עדות. נו, געווען דערביי נים, נאָר מיר האָבן געקאָנט גראָד זיין. עס ווענדעט זיך אן א קוגל אויף שבת...

און נאָך איינער א פּאַרשוין מיט א צונאָמען ״ווינטמיל״. ״ווינט־מיל״ איז על פּי רוב א ליידיקגייער, די פּרנסה־געבערן איז זי. ער לויפט, ער שווימט, טאראראמט ווי א קעסל־פּויק און רודערט מיט די הענט ווי א ווינט־מיל מיט אירע פליגלען. ער שטורקעט אייך בשעתן רעדן, שלעפּט אייער לאַץ, טוט אייך אלע ווייל א שושקע אין אויער אריין און דרייט אָפּ סוף כל סוף א קנעפּל פון אייער רעקל.

די אשה זיינע האָט אימער געוויינט אויף איר ביטערן מזל, גע־קריגט זיך מיט אים און איינגעהאלטן אים אינדערהיים נאָר ווען א גוטער בויכווייטיק האָט אים געכאפּט.

— וואָס ווילסטו פון מיר, שלאק שבשלאק? אז איך זאָל זען עוולות און פארשווייגן זיי?

ארוים פון שטוב פלעגט ער באלד נאָכן אויסגעזופּטן גלעזל טיי, עלאָפן מרעפן די קרעמער־רעדלעך איידער זיי מאכן אויף זייערע גע־שעפטן אין צעפּויקן די לעצטע סענסאציע וואָס איז צו זיין אויער געקומען שפּעט אין דער נאכט, ווען אלע קונדן זיינע פלעגן שוין כראפּן אויף די געלעגערס.

יידן זיינען על פּי רוב געווען סוחרים, און דעריבער פלעגט א וואָרט־האלטער זיין דער געליבטער: — זיינער א שאָקל מיטן קאָפּ איז גלייך צו א קאָנטראקט. ״ביי אזא מענטשן פליען נים קיין פוי־גלעך פונעם מויל״, א סוחר מוז האלטן ״די צונג צווישן די ציין״. דער שפּריכוואָרט ״א סוחר מוז זאָגן א ליגן״ האָט אין זיך פּארמאָגט א סך אמת, אָבער דערויף איז אין דער סוחרישער געזעלשאפט אלע־מאָל באמערקט געוואָרן — זאָגן טאקע מוז ער, צומאָל, אָבער רק צו ראטעווען זיך פון ווערן בדיל הדל״.

זייער אינטערעסאנט איז דער צוטרוי צום יידישן בעל אכסניא. איז געפאָרן ווער אין א ווייטן וועג, געמוזט בלייבן נעכטיקן אין אומ־באקאנטע אכסניה׳ס, איז געווען גענוג ער זאָל מעלדן דעם בעל־אכס־

ניא — „באלעבאָס, איך פאַר מיט געלט", און ער איז געלייגט גע־
וואָרן צום שלאָפן אין איין חדר מיט א גוט־באקאנטן ערלעכן מענטשן,
נעמען דער בעל־אכסניא האָט מודיע געווען: — מיט אייך נעכטיקט
א ייד וואָס פירט געלט, איך האָב אים געזאָגט אז ער קאָן שלאָפן
רואיק. שפּעטער האָט אזא ביי־שלאָפער בארימט זיך, אז מיט אים
האָט מען געלייגט סוחרים מיט מטמונים אונטערן קישן...

יידן וואָס האָבן געפונען גרעסערע סכומים געלט און זיי אומגע־
קערט צו די אייגנטימער פלעגן בלייבן מיט א „שם טוב" אויפן גאנצן
לעבן. דאָך האָט פאָלק געהאט וועגן אזעלכע ערלעכע לייט א גלייכ־
ווערטל אז „זיי פארבלייבן קבצנים ביז אין טויט אריין".

בוררים זיינען דאן געווען ביי יידן פּראָפעסיאָנאלן, געווען פון
רבנים, געווען פון פאָלק. און אלעמאָל די „מובחרים" אין שאַרפן
שכל, די קלוגע קעפ צו קאָנען דערגיין דעם ליגן. פון לאדן (העברע־
איש — לדין) ביי א רב האָט מען זיך געהיט, אוים מורא אז דער דין
על פי תורה איז אומבויגיק ווי שטאָל.

בייזע קאָנקורענץ האָט מערסטנס געהייסן „השגת גבול", אריינ־
קריכן אין יענעמס רשות, „אין יענעמס טאש". דער ערלעכער קרע־
מער האָט ניט „אָפּגעשלאָגן" קיין קונה פון דעם שכן. דער ערלעכער
באלמעלאָכע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון נייען בגדים פאר א שטענדיקן
קונד פון זיין פאך־גענאסע...

---

## קאפיטל דרייצן

באגלייט מיך, לייענערס, א יאָרן זיבעציק צוריקוועג. מיר וועלן בלייבן שטיין אין אוקראַינע אין "מיין דערפל" בראַניוווקע. זומער בייטאָג איז דאָרט דער יאריד פון לעבן פאר זיידעס מיט באבעס אויף די פריזבעס, קינדערלעך א ים איבער די וועגן און גאסן, הינט און קעץ, הינער און קעלבלעך, חזרים, חזרימלעך, לאָשעקלעך, ציגעלעך, לעמעלעך, מע־מע־מע, מו־מו, ציף־ציף־ציף, טיו־־טיו־טיו, קוקוריקו...

עס פאָרט אריין מלכות'דיק א וואָגן מיט גארבן פון ווייץ, עס דערבליקן דאָס אלע נאקעטע, האלבנאקעטע, בארוויסע קינדערלעך, כלבימלעך, קעצעלעך, ציגעלעך, און הינערפרעסערינס לויפן נאָך און פיקן, פיקן אָן א סוף, זיי, די ערשטע, פארזוכן פון דער גערעטעניש.

מיין דאָרף בראַניוווקע אין דער צייט ווען די שקלאפעריי פון דעם פויער ביי די פוילישע פריצים איז געווען שוין אויס, ווען דאָרפס־ארבעטער זיינען געווען שוין פריי פון צוואנג און שמיץ, און יאנקל־נחום, משה־בער, יהודה־לייב האָבן מיט אָט דעם פויער געהאנדלט.

געווען א טייל פויערים אין יעדן דאָרף וואָס האָבן פון דער באַ־פרייאונג גאָרניט באקומען, דאָס איז געשען מיט דער קאטוילישע "שליאכטע" וואָס האָט צוליב קאטוילישקייט ניט געארבעט "פאנש־משענע" (דאָרף־שקלאפעריי), נאָר אויפן באָדן פונעם פריץ פאר העלפט גערעטעניש און געהייסן מכלומרשט פרייע בירגער. בעת דער

באפרייאונג זיינען דידאָזיקע פויערים געוואָרן דער אָרימסטער שיכט אינעם אוקראַינער דאָרף, ארבעטנדיק ווייטער אויף העלפט, אָבער שוין אין ערגערע באדינגונגען, אָפּהענגיק פון דער שטימונג ביים פּריץ...

דער פּראוואסלאוונער פויער — האָט דעם שליאַכטיטש געהאסט אלס עלעמענט וואָס האָט געהאט "קרובות" מיטן פּריץ. ביי דעם פויער זיינען געווען לידער מיט שנאה צום שליאַכטיטש, אָדער שליאַכטשיץ, און צו דעם יידן. אין מיין פריער קינדהייט האָב איך זיי מיטגעזונגען אינעם כאָר פון די כאַכאָלן (א שימפנאמען פאַרן מוזשיק). איך געדענק קלאָר א ליד וואו דער גורל פונעם כאַכאָל איז באוויינט געוואָרן, געשימפט דעם פּריץ וואָס האָט די הכנסה פונעם פּראוואסלאוונעם קלויסטער פארפאכטעט צו "זלמנ׳ען". עס האָט זיך אָנגעפאנגען — "יעדזי, יעדזיע זאלמאָן אי זאלמאַנאָווא", עס פאָרן זלמן מיט זיינער. איך דערמאָן מיך אז אין דעם דאָזיקן ליד ווערט באקלאָגט ווי צום עפענען דעם קלויסטער פלעגט מען מוזן אָנקומען צו "זלמנען". אים האָט דער פּריץ איבערגעגעבן דעם שליסל און ער האָט דעם קלויסטער געעפנט פאר אַן אָפּצאָל. היינט צו טאָג זיינען פאראנען פאַרשערדם וואָס לייקענען אָפּ דעם פאַל פון פאַרפאכטן קלויסטער־הכנסה צו יידן, איך קאָן דאָס ניט באווייזן, אָבער דאָס ליד געדענק איך קלאָר, און אין די ערשטע יאָרן נאָך דער באַפרייאונג פלעגט עס געזונגען ווערן — ווי מיר דאַכט זיך, — מערסטנס אין דער וואָך קודם דעם קריסטלעכן פּסח. די הויפּט־פּראַזע אין אזעלכע לידער איז געווען — "ער שינדט די הויט פונעם אומגליקלעכן פויער ווי פון דער נבלה פונעם געפּגרטן פערד"...

ספּעציפישע אַנטי־יידישע לידער געדענק איך ניט. יידן זיינען — לויט מיין זכרון, — דערמאָנט געווען אין שייכות מיטן פּוילישן פּריץ. די דערציילערס פון שקלאָון־צייטן פלעגן זיין די גאָר עלטערע פויערים וועלכע האָבן געשאַצט די באפרייאונג ווי אַן אומגליק; "דער מוזשיק וועט אָנעם פּריץ פארלירן הענט און פיס, דער פּריץ האָט אונדז באזאָרגט מיט אַלעמען". דער יונגער פויער האָט געפונען די לייזונג: — אונדז וועט ארויסהעלפן דער "זשיד", ער איז קלוגער פאַרן פּריץ, און פאר אים מוז מען ניט בויגן דעם רוקן. די פויערטעם

פליעגן דאן שרעקן זייערע אומפאַלגעוודיקע קינדער מיטן זשיר: "איך וועל דיך צו אים אָפּגעבן". אזא סאָרט שרעק האָט די יידישע מאמע געוואָרפן אויף איר קינד — "דער בעטלער וועט דיך פארנעמען אין זיין טאָרבע", בעטלער האָט געהייסן דער קריסטלעכן אָרימאַן.

צווישן מיינע חברימלעך אין דאָרף זיינען געווען דעם דיאקס (קלויסטער־חזן) זינדלעך, די אינטעליגענטערע, זיי האָבן געקאָנט לייענען און שרייבן. פון זיי בין איך געוואָר געוואָרן אז עטלעכע טעג פארן יידישן פסח "כאפן די יידן א קריסטלעך מיידעלע, ליגן זי אין א פאס וואָס איז אָנגעשלאָגן מיט נעגל, אריין מיט די שפּיצן. אין דעם פאס קאטשעט מען דורך עטלעכע מאָל דאָס מיידעלע, דאָס בלוט פון איר דינט צו דער "זשידיווסקי מאצא". די סענסאציע האָב איך איבערדערציילט פאר מיין מוטער, זי האָט מיר פארבאָטן צו שפּילן זיך מיט די קליינע דיאקלעך, דער פאָטער האָט דעם חרם אראָפּגענומען: — ראשית דארפן מיר, יידן, ניט מאכן קיין שנאה צווישן אונדז און די גוים, והשנית מוז א יידיש קינד וויסן פון וואָס אים וועט אויסקומען צו ליידן...

דער פּאפּ און פּויער האָבן דערפון קיין וועזן ניט געמאכט, הגם די רעגירונג האָט גערייצט דאָס פאָלק צו בלוט־בלבול כדי מעגלעכער מאכן פּאָגראָמען אויף יידן. דער קריסט האָט מיט הנאה געגעסן מצה און גאָרניט איבערגעקלערט, צומאָל נאָך געלאכט דערביי — "מע זעט ניט קיין רויטע פלעקן אין איר". אין זעלטענע פאלן האָט א גוי געהיט זיך פון מצה. פיל מער און אָפט האָט געדינט צו שנאה מצד דעם קריסט לגבי אונדזער "יין נסך". א קריסט האָט זיך דערפון שטארק באליידיקט, פיל שטארקער איידער דער ייד ווען ער האָט געטרונקען ביי אן אלט־אָרטאָדאָקסישן "קאצאפּ" א גלאָז וואסער און שפּעטער באמערקט ווי דער קאצאפּ האָט דאָס גלאָז צעבראָכן. א ייד האָט דערפון געלאכט, א גוי האָט געמיינט דאָס מ׳האלט אים פאר "טמא"...

איך דערמאן זיך אז אין א נאכט, עטלעכע טעג קודם פסח, זיינען צו אונדז געקומען צוויי יידן וואָס האָבן בארייזט די סביבה צוליבן "פארקויפן דעם חמץ". זיי האָבן געהאט באקומען רשות דערצו פון־נעם שטעטלדיקן רב און געמאכט "פרנסה" דערפון. איינער פון זיי

איז געווען א שוחט, ער האָט דערוואַרט רווחים פון קוילן עופות און קעלבער אויף פסח. כנהוג, יידן מיט יאַרמולקעס אונטער די קאַשקעטן אין באַבאַרדיקטע. אונדזערע אַן עלטערע דינסט, יאַקולינע, איז אינעם זעלביקן אָוונט נעלם געוואָרן. מ׳האָט זי געזוכט אָבער ניט געפונען. שפּעטלעך אין דער נאַכט האָט א פּויער פון דאָרף אָנגעזאָגט אַז זי איז ביי אים, זי האָט מורא דער פאַן (מיין פאָטער) וועט זי פאַר־קויפן צו די יידן אויף פסח. דער שרעק איז איר געקומען דערפון וואָס זי האָט געזען ביים שוחט אין האַנט דעם חלף. די געשיכטע מיט דער דינסט איז ביי די פּויערים פאַרבליבן ווי א שפּאַס־מעשה צום איבערחזרן אין די זונטיקן ביי דער קרעטשמע און אַלעמאָל אָפּ־לאַכן פון דער דערשראָקענער. אַזעלכע טרעפעניש זיינען פאַרן דאָרף־יידן ניט געווען קיין איבעראַשונג.

אפילו דער קריסטלעכער באַלמעלאָכע, דער "אינטעליגענט" אי־נעם פאָלק, אפילו דער "פאַבריקמאַכער" וואָס איז אַלעמאָל דער נאַ־טירלעכער דערציילער פון מעשות און פּראָפּאַגאַנדיסט פון "פּאָליטיק", זי מיט זייער טראַדיציאָנאַלער שנאה צו יידן, און עקאָנאָמישער קאָנקורענץ־פּראָפּאַגאַנדע, האָבן ניט געבראַכט צו מערדערלעכע אָנ־פאַלן קעגן יידן, אויב די רעגירונג האָט דערצו ניט געריצט, אָדער גאָר פּשוט "באַדונגען". איך פאַרגעס קיינמאָל ניט די האַלוצינאַציעס פון פּאָגראָמשטשיקעס אין אָדעסער יידישן שפּיטאָל, וואוהין אָרטיקע פּאָ־ליציי האָט זיי געפירט צום קורירן פון די וואונדן וואָס די יידישע זעלבסטשוץ האָט זיי געמאַכט אין גראַנגל, אייניקע פון זיי האָבן אָפּט געהאַלטן אין שרייען — "מערזאַווצעס! פאַר פּופּציק קאָפּיקעס און א פּאָר טרונק שנאַפּס הרגענען זשידעס? און וואו זיינען די פאַרשפּראָכענע באַשיצערס וואָס האָבן געזאָלט ניט לאָזן די זשידעס אָנפאַלן אויף אונדז?" איך פאַרגעס אויך ניט ווי אַזא הוליגאַן האָט זיך געבעטן ביי דער יידישער "שוועסטער": — סיעסטריצאַ! איר יידן האָט דאָך רחמנות אויף אייערע שונאים, ראַטעווע מיך פון טויט, איך וועל שוין מער ניט, קיינמאָל ניט!" און זיין האַנט האָט דאָס באַשטעטיקט מיט א האַרטן זעץ אין האַרץ זיך...

דער פּויער איז צו זיין דאָרף־יידן געווען על פּי רוב טאָלעראַנט. אומליב איז אים געווען דער שטעטלדיקער ייד. ער האָט ניט פאַר־

טראָגן דאָס איבערשמועסן זיך פון דעם קרעמער מיט זיין פרוי בשעת רעדן וועגן דעם מקח פאַר דער סחורה: — רק מע פארקויפט אונדז. פאַרוואָס רעדן זיי ניט אין אונדזער שפּראך? דער פּויער איז אויך דערצערנט געוואָרן ווען פון קרעמערס טיר אינעם שטעטל פלעגט א שכן אים אָוועקשלעפּן און פון אים "ארויסרייסן דווקא א גרעסערן מקח".

דער פּויער האָט דעם יידן באדארפט. נאָך דער באפרייאונג פון שקלאווערייַ, האָט דער מוזשיק ניט אָריענטירט זיך אין זיין נייער סיטואציע, ניט געוואוסט ביי וואָס זיך אָנכאפּן כדי קאָנען בלייבן שטיין אויף די פיס. דאַן זיינען אים פשוט אומבאקאנט געווען אפילו גאנץ פּרימיטיווע וועגן פון קריגן זאכן און ממציא זיין אופנים צו באפרידיקן דעם באדארף. דער ייד האָט געהאט פּראקטיק, און דער־צו פעאיקייטן צום קאָמבינירן, און דעריבער איז ער געוואָרן דער אינסטרוקטאָר און באַזאָרגער פאַרן פּויער. אזוי איז אנטשטאנען דער פּויערישער מאמר — "ניעמא אומנישע יאק זשיד", ניטאָ קלו־גער פאַר א יידן.

ביידע צדדים, דער פּויערישער און דער יידישער, זיינען מיט איין מאָל געוואָרן קעגנזייטיק געבונדן דורכן צוועק פון עקזיסטענץ. סיי דאָס יידישע סיי דאָס פּויערישע לעבן זיינען געווען גראָשנדיקע. כא־ראקטעריסטיש זיינען די צוויי שפּריכווערטער, דער יידישער "פּרוטה לפּרוטה מצטרפת לחשבון גדול", א גראָשן צו א גראָשן מאכט אויס־האקסן א פארמעגן, און דער פּויערישער: — א גראָשן איז ווי א קערנדל, פון אים וואקסט ארויס א קערבל...

פּויער מיט פּויער זיינען ניט געווען גאָר און גאָר פריינטלעך, גאָר און גאָר צוטרויליך. ייד מיט ייד אוודאי ניט, יידן האָט דרינען געשטערט די קאָנקורענץ אין מאכן חיונה. און בכלל האָט אָרעמ־קייט אין יענע צייטן ניט געפונען די וועגן פון ארויסהעלפן זיך.

די באדנלאָזע פּויערים זיינען געווען ווי פון א ראסע, דאר און בלוי־אויגיק. ווען אפילו מיט שווארצע אויגן האָבן זיי געמאכט דעם איינדרוק פון פארבלאָזע, די קינדערלעך ביי זיי זיינען געפאלן ווי פליגן. דאָס אויסגעלעבטע האָט דערוואקסענערהייט געליטן פון פאר־שידענע קרענק, פיל צווישן זיי מיט שווינדזוכט. זייער שיכט פלעגט

פארדינען אין די סעזאָנען פון שניט, פון באארבעטן די פעלדער מיט בוראקעס, קארטאָפלעס און ענלעכע פּראָדוקטן. דאן פון דרעשן, רייניקן און צוזאמענלייגן. די בין־הזמנים צווישן די דערמאנטע סעזאָנען זיינען געווען לאנגע. אָט דער שיכט פלעגט דערמאנען די שקלאַ־ווערײַ מיט א "זכרונה לברכה". דער ארויסהעלפער, אויסלייער, ראטגעבער איז געווען דער ייד. ווען אים האָבן אזעלכע אומגליקלעכע געזאָגט דאָס "כאָטש א ייד, דאָך מיט א קריסטלעכער נשמה".

דער ייד אין דאָרף פלעגט שטרעבן אויפטון זאכן צום געווינען דעם פּויער. "מע מוז" פלעגט ער צו פארשטיין געבן זיין פלוניתטע, עס קאָן אמאָל "אויסקומען וואָס עס דאַרף ניט אויסקומען" און מע זאָל, חלילה, דארפן אָנקומען צום פּויער. און באזונדערע ידידות האָט ער געפירט מיטן פאַפּ פונעם דאָרף און דעם "סטארשינא" פון דער גמינע; אַלץ אויף "טאָמער, חלילה"...

אין יענע טעג פלעגן נאָך עלטערע יידן, דערציילן געשיכטעס וועגן זייערע לייד מצד די פריצים. איינע צו מוסטער דערצייל איך דאָ נאָך מיין זיידן וועלכער האָט געהערט צו די חשובים ביים פריץ. צו אַזעלכע חשובים איז דער פריץ אָנגעקומען, און אזעלכע האָבן ביים פריץ אויסגעפּועלט "טובות" פאר יידן קליינפאכטערס אין די דערפער...

— א "רענדאר" (קרעטשמע־פאכטער) האָט דורכגעלעבט א שלעכט יאָר אין זיין קרעטשמע און ניט געצאָלט צום טערמין די "טענוטע" (באכטגעלט). די וואָרנונגען האָבן צו גאָרניט געבראכט, און דער פריץ האָט באשלאָסן באשטראָפן אים מיט כך וכך שמייץ און דאן ארויסווארפן פון קרעטשמע. דער ייד, זיין ווייב און אלע קינדער זיינען געקומען צו מיין זיידן אין שטעטל וויינען. געקומען איז אויך דער אָרטיקער רב צו ווירקן אויף מיין זיידן ער זאָל ניט פארלאָזן די געלעגנהייט צו זיין מקיים די מצוה פון פדיון שבוים. דער זיידע מיינער האָט ביים פריץ אויסגעפּועלט אַלץ, אפילו א מחילה אויפן חוב פון דעם פאכטגעלט. איין תנאי האָט דער פריץ געשטעלט: — ער מאכט א גרויסע הוליאנקע פאר זיינע פריינט, טאָ זאָלן ביידע דער פארשולדיקטער און טאקע זיין דערלייזער, מיין זיידע, פריילעך מאכן די געסט...

— גאָט אין הימל, — האָט מיין זיידע געבעטן זיך ביים בורא עולם, — געב מיר שמחה כדי איך זאָל קאָנען פריילעך מאכן די פריצים, ימח שמם. איך וועל דאָך דאָס טון פאר קידוש השם וועגן...

גאָט האָט זיך מרחם געווען, מיין זיידע מיט דעם יידן האָבן גע־מיראָגן אויף די קעפּ אימפּראָוויזירטע שטריימלעך, קאפּטנס מיט שלעפּעס צעקנעפּלטע, כדי די ציצית פון טלית־קטן זאָלן זיך אָנזען, אונטערהויזן אין ווייסע זאָקן און געטערעלעקעס חסידישע נגונים, געזונגען "מה יפית", געקראָכן מיט די בייכער איבער די דילן, גע־דריגעט מיט די פיס און געבראכט די חשובע פּאנעס צו גרויסער שמחה און ווילדן געלעכטער.

— געראטעוועט א יידן פון גויאישע הענט, צי פארשטייט איר דאָס, מיינע טייערע אייניקלעך?...

ביי מיינע יינגל־יאָרן האָט אזוינס שוין ניט געקאָנט געשען, גע־ווזן שוין יידן "סטאַוועניאגעס" (וואָס שטעלן זיך אויף די פיס) און האָבן אליין געקאָנט ביי א געלעגנהייט אָנלערנען א פּוילישן "פּליא־קע"...

מיין פעטער יאסי סטערניק, א קלוגער ייד און א בייזער אין כא־ראקטער איז דורך יידישע מעקלערס געשטויסן געוואָרן צום אָפּקויפן ביי דער "אסטאפקאוויצער זאליעסקי" אירע גערעטענישן פון א פּאָר ימער. אנדערע סוחרים האָבן זיך אנטזאגט, זי איז געווען א גרויסע כליבטע, א יידנפיינט, און א יידן ניט דערלויבט אריינפאָרן מיט זיין וואָגן אין איר הויף. פונעם טויער און ווייטער אריין האָט ער גע־מוזט שפּאנען אין פאנטאפל וואָס זיינען אים דערצו געגעבן געוואָרן פונעם טויערוועכטער. מיין פעטער האָט מסכים געווען, בלויז אָנ־געפּרעגט זיך ווען עס ווערן פון טויער געפירט צום טייך דער פּריצה׳ס פּאָר־פערד. צום טויער איז מיין פעטער אָנגעפאָרן בשעת מ׳האָט פון דאָרט געפירט דער פּריצה׳ס פערד. זיין פורמאן איז ראשיק אריין אין טויער און באלד געשטאנען מיט דער בריטשקע פארן הויף. דאָרט איז געוואָרן א בהלה, די פּריצה האָט זיך דערוואוסט, לענגער געלאָזט מיין פעטער ווארטן און דאן איז ער גערופן געוואָרן צו איר אין קאבינעט. די פּאניע איז געזעסן ביי איר שרייב־טיש, דער צימער איז געווען לחלוטין ליידיק, דער פעטער האָט מיט איר

געשמועסט שטייענדיק, אויסגערעדט אלע פונקטן, פלוצים געטון זיך א הויב אונטער און געבליבן זיצן אויפן עק פון שרייב־טיש. די פאַניע איז אויפגעשפרונגען: — וואָס איז דאָס?!...

— גאַרניט, "ליכטיקע און גרויסע פריצה", א טיש קאָן נוצן פאַר א ביינקל ווען עס ווערט נויטיק...

— אראָפּ!...

מיין פעטער איז ארונטער און געלאָזט זיך גיין צו דער טיר.

— וואוהין גייסטו? דו מוזט דאָך מיר נאָך געבן האנטגעלט...

— ניין, ליכטיקע און גרויסע פריצה, א גוטבאזיצערן וואָס פאַרמאָגט בלויז איין ביינקל קאָן מען אפילו א גראָשן ניט אנטרויען...

# קאפיטל פערצן

א ספק צי זיינען נאָך עדות פאראַן פון אמאָליקע פּאָסעסאָרן, יידן, וואָס זאָלן באַשטעטיקן סארא וויכטיקע ראָלע די דאָזיקע שיכט האָט געשפּילט לגבי אויסבעסערן די באָדן־ווירטשאַפט אין אוקראַינע. די עלביקע ראָלע האָבן יידן געשפּילט אויך אין גאַליציע, אין בעסאַראַביע, און מן הסתם, אין רומעניע. אין אוקראַינע זיינען זיי געווען די באַרופענע דערצו, זיי האָבן ממש געראַטעוועט דעם פּוילישן גוטבאַ־זיצער פון זיין שלעכטער לאַגע, נאָכן באַפרייען זיינע פּויערים פון שקלאַווּנשאַפט. דער "פּריץ" איז שיר געוואָרן אוים פּריץ ווייל זיין גואל, דער זשאַנצע, האָט פאַרלוירן הענט און פים מיט דעם פאַר־לוסט פון דעם פּויערס אומזיסטיקער אַרבעט און אבסאָלוטער געהאָרכ־זאַמקייט. אויך די אַלטע אופנים, דורותדיק ניט געענדערטע, פון באַאַרבעטן באָדן האָבן מיט איין מאָל אָנגעוואוירן זייער ווערט, זיי האָבן ניט געקאָנט נאָכקומען דעם יידנס פליכטן לגבי פּאַכט פון מאַ־יאַנטקעס, און ניט לגבי דעם באַגער צו מאַכן פון דער פּאָסעסיע א געשעפט, א מסחר וואו ער זאָל וואַקסן און אויסוואַקסן צו א נגיד באַגלייך מיטן וואַלד־סוחר, מיטן גרעסערן קרעמער, מיטן עקספּאָר־טער פון פאַרשידענע פּראָדוקטן קיין אויסלאַנד. דער ייד האָט פון פריער שוין געקאָנט און באַדויערט דעם פּריצישן מאַיאַנטעק וואָס

שמייט איין אין די הענט פון א זשאנצע א גנב, א טויגענישט פאר דער ווירטשאפט און א "פויליאק".

געאקערט האָט מען אינעם מאַיאָנטעק מיט א פלוג פון מתושלח׳ם צייטן, געגראָבן האָט אזא פלוג דעם באָדן פון אויבן אויף און גע־בראכט שנעל דעם דינעם שיכט ערד צו ווערן אויסגעמאָגערט. אזוי אויך איז געווען די ראדלע, די באראנע, דער אופן פון פארזייען תבו־אות. די נייט אין "מיסט" צו באגוטיגען דעם באָדן איז געוואקסן פון יאָר צו יאָר, און דער רינד־ און פערד־מיסט האָט ניט נאָכגעגעבן דעם באדארף צו זעטיקן די ערד מיט נייע פרוכפער־זאפטן. די אינס־טרומענטן און מאשינען צום דרעש און רייניקונג פון גערעטעניש האָבן געהאלטן גאָר ניט ווייט פונעם אלטן שטייגער צו באנוצן פערדן־פוס צום דראש און די לאָפעטע צום אויסווייען פלעווע אין זכות פו־נעם ווינט. אדם הראשונס דרך פון שוויץ־ארבעט האָט זיך געהאלטן פון ששת ימי בראשית.

דער יידישער פאכטער האָט נאָכגעפרעגט ווי מאכן דאָס די גרוי־סע אדונים ביי וועלכע עס זיינען שוין, הגם זעלטן, געווען "מאָדער־נע" ווירטשאפטן. דער ייד, פארשטייט זיך, האָט אָנגעפאנגען פון שפּאָרן און פון מונטערן זיין ארבעטער צום פּראָדוצירן מער איידער ביי די זשאנצעס. א טרונק בראָנפן אין די פארנאכטן נאָכן פארענ־דיקן די טאָג־ארבעט האָט דעמאָלט געהאט די ווערט פון א מין "טאפל־לוין" פאר איבערשטונדן. באלד האָט דער ייד געהעכערט דעם טאָג־לוין און געהאט א טענה צום ארבעטער אויף "מאכן שנעלער מיט די הענט", ארבעטן אינטענסיווער. באלד איז דער ייד געוואָר גע־וואָרן אז אויסלאנד צאָלט פאר א ריינערן ביסל תבואה מער איידער פאר אומריינעם. ער האָט פארזייט א "נייעם" סאָרט ווייץ, באנאט־קע, וואָס האָט, געגעבן מער מעל. דער ייד האָט איינגעפירט "ארנא־אוטקע" (זומערווייץ) וואָס גיט מעל צו מאקאראָנען, טאָרטן און אנ־דערע געבעקסן: — "דאטש גנב מאכט דערפון יענע זאכן צו שטאָפּן דעם מאָגן זיינעם". דערוואוסט האָט זיך דער ייד אז דעם דאטשס פערד פרעסן רק בעסערן האָבער, אז ווילפּראָדוקטן זיינען א סאָרט זריעה וואָס ניט אלעמאָל געראט זי, און אז זי געראט איז דאָס שוין

איינמאָל גאָטס ברכה. פאַן פּאָליאַק האָט נאַאיוו געפרעגט "סקאַנט", פונוואַנען ווייסט מאַשקע וואָס סע טויג פאַרן באָדן...

מאַשקע האָט געכאַפּט דעם "סטרי" פון די זעלטענע ווירטשאַפט־לער צווישן די גרויסע פּוילישע פּריצים און באַזאָרגט זיך מיט סאַקס פלוגעס, מיט פּירלאַפּקעדיקע ראַדלעס וואָס דרויבלען בעסער דעם אַ־קער און טוען אָפּ אין אַ טאָג וואָס די אַמאָליקע אין אַ וואָך. אַ מלי־נעק וואָס האָט אין "מאָגן" פאַרמאָגט פיר פּליגל פלעגט דורכלאָזן אין אַפּרייניקן פון אַל־די מיסטן אַזאַ סכום תבואה אין איין טאָג, ווי אַ דרייסיק לאַפּעטעס אין דריי טעג מיט דער הילף פונעם ווינט. אַ צילינדער האָט געסאָרטעוועט תבואה־קערנער בעסער איידער אַ צענדליק שמירה־קלויבערס. ער האָט ארויסגעקליבן אַזוינע קערנער וואָס האָבן געטויגט פאַר זריעה, פון דער זריעה זיינען ארויס זאַנ־גען מיט אַ סך דיקע קערנער, מעלרייכע. עס האָבן זיך באַוויזן תבו־אות וואָס אויסלאַנד האָט זיי געזוכט און געצאָלט פאַר זיי פיל מער. די פּלוגעס האָבן פונעם באָדן ארויסגעהויבן גאָר נייע ערד, זאַפטיקע, פּייאיקע צו מאַכן וואַקסן ברכה׳דיקע גערעטענישן. דער ייד האָט דערקאָנט די וואָר פונעם גוישן ווערטל: — ווען גאָט גיט ניט לויט מזל, גיט ער לויט פּראַצע...

קיין "וואַרשאַוויע" זיינען יידישע פּאָסעסאָרן ניט געפאָרן "באַ־וויזן זיך" מיט אויסבריינגען געלט. דער ייד האָט געפלאַנט ווי אויך דער ווינטער זאָל אריינברייננגען רוחים...

אין מיין געגנט זיינען געוועזן אַ פּאָר יידישע פּאַסעסאָרן וואָס האָבן זיך "אריבערגעכאַפּט" צו פּרינץ סאַנגושקעס ווירטשאַפטן אין סלאַוואַוטע (באַקאַנט אין יידישע מעשות וועגן דאָרטיקע צדיקים מאַר־טירערס) צו לערנען פון זיינע ווירטשאַפטלערס "אַ גוטן פּריצישן אויפּטו". דער פּאַכטער האָט אָנגעבראַכט "וואַונדער", און זיינע שכ־נים האָבן געהערט און געלערנט. אַזוי אויך פלעגט ווער ברענגען ידי־עות וועגן דער ווירטשאַפט אין גראַף פּאָטאָצקיס "999 מאַיאַנטקעס". אויך דער פּריץ איז אַהין געפאָרן, דווקא צו גאַסט צום גראַף גופא, און שפּעטער דערציילט צו זיינע שכנים סאַרנע שיינע פאַניעמטקעס ער האָט דאָרט געזען, סאַרנע חיות ער האָט באַגעגנט אין פּאָטאָצקיס וועלדער בשעת דער גרויסער "פּאַליעוואַניע"...

צו די אכציקער יאָרן האָבן יידן שוין געהאַט דערגרייכט א פאַר־בעסערונג און פאַרגרעסערונג פון די גערעטעניש. אין אַרנאַאוטקע און "עגיפּטישע" ווייצן זיינען יידן געווען, כמעט, די פּיאָנערן, יענע יידן, על פּי רוב אין יאַרמולקעס אפילו ביים פּראַווען באַלעבאַטישקייט אויפן פעלד, אין לאַנגע קאַפּאָטעס אויפן פערד רייטנדיק. שחרית האָבן די יידן אַריינגעכאַפּט אינעם גרויסן קאַיאַר ווען זיי זיינען וואָך געוואָרן צו דעם איבערלאַנגן אַרבעט־טאָג, און מנחה געדאַוונט ווי דער "פּאָטער יצחק" בשדה, אויפן פעלד. פּויערים האָבן געוואוסט אַז דער ייד איז זייער "נאַבאַזשנע", אפילו צו א טרונק וואַסער "מאַכט ער קודם מיט די ליפּן".

פון וואָס יידן זיינען ניט געווען די פּיאָנערן — פון שניידמאַשי־נען וואָס האָבן די זאַנגען־תבואות סיי געשניטן און סיי געבונדן. דאָס האָבן איינגעפירט די גוטבאַזיצערס כדי "ניט בלייבן אָן קנעכט־שאַפט ביי די פּויערים". די מאַשין האָט אָפּגענומען פופציק פּראָ־צענט אַרבעט, הייסט עס פאַרדינסט פונעם פּויער, און טאַקע פלעגן די לעצטע איינשטעקן אין דער ערד דיקע שטעקענעס אָן וועלכע די שניידמעסערס האָבן זיך געבראָכן. א ייד האָט געשילדערט דעם ענין אַזוי: — דער גוי דערוואַרט דעם שניט ווי דער ייד דעם יאַריד. פון דעם שניט האָט דער פּויער געדעקט חובות וואָס ער האָט געמאַכט ביים קרעמער, שענקער און אין אַנדערע מקומות. איך געדענק מיין פּאָטערס פירוש אויפן אָנזאָג וואָס ער האָט געבראַכט פונעם זינ־קאָווער רבין אַז יידישע פּאַסעסאָרן זאָלן זיך היטן פון אַוועקרייסן ביים פּויער זיין מקור פון חיונה: — א רבי איז א מורה דרך, ער זעט אָן דעם וועג וואו א ייד קאָן געשטרויכלט ווערן און ברענגען די פּויע־רים, חלילה, צו בייזע מעשים.

דעם דראָש פון תבואות האָב איך געטראָפן דורך דעם "ציפּ" (דרעש־שטאַק) אין די קליינעווירטשאַפטן, און דורך א זייער פּרי־מיטיוועער דרעש־מאַשין וואָס איז געווען באַוואויגן פון פערד, גע־שפּאַנט אין א "קיראַד" (קער־ראַד). אַזאַ דרעש־מאַשין האָט "געמאַ־לויצעט" (געדראָשן) תבואה דורכן גאַנצן ווינטער. דער אופן האָט גע־בראַכט צום לייגן די גאַרבן אין סטערטעס, איינדעקן זיי מיט שטרוי כדי אָפּהיטן פון רעגנס און שנייען. עס האָט דעריבער דער פּריץ

אויספארקויפט די גערעטעניש ערשט אין די ערב פרילינג מאָנאטן. דער גארב האָט היבש, לערך, פארלוירן אין זיינע קערנער, און בא שלעכטער באלעבאטישקייט איז דער קערן ארויסגעקומען בלייך און, צומאָל, שלעכט שמעקנדיק. ווי אזוי עס האָבן זיך באוויזן דרעש־מאשינען אויף דאמף געדיינק איך ניט, אָבער יידן האָבן זיך געכאפט פאר דעם אופן פון שנעלן אויסדרעשן די תבואות, שנעל זיי אויס־רייניקן, איינזאקן און פארקויפן. מיט דעם אויסגעלייזטן געלט זיי־נען זיי ניט געפאָרן קיין ווארשאוויע און "דאָלוואָווא" (לעמבערג), זיי האָבן געקויפט אקסן און געשטעלט זיי אויף פיטער (האדיווליע) איבער די ווינטער־חדשים. די איבעריקע שטרוי און פלעווע איז פאר־נוצט געוואָרן צוועקמעסיק. דערפון איז געוואָרן פיל "גנוי" — מיסט פאר פעלדער, און — היבשע רוחים אין בייטל. פוילישע פריצים האָבן דאָס נאָכגעטון מיט דריי פיר יאָרן שפעטער.

נאָך א זאך פלעגן יידישע פאָסעסאָרן אָפּשפארן — באלעזנטקייט. די נעכט זיינען אין דאָרף געווען גלותדיק לאנג. די "נאמנים" פו־נעם פאָסעסאָר ווי די דאָרף־יידן פלעגן קומען טרונקען ביי אים טיי. ער האָט געלייענט דעם "המליץ" און איבערדערציילט וואָס עס איז געווען אינטערעסאנט, געלייענט אויך דעם יידישן "פאָלקסבלאט". יענע אָוונטן פארגעס איך ניט. יידן האָבן איינגעדרייט אין א פאָ־פיראָסל דעם "טאטין", געמאכט האלבע "ציגיירלעך", געצויגן פון ווי דעם רויך ביז דאָס רעשטעלע האָט גענומען בריען די ליפן. וועל־כע פלעגן אלעמאָל ווערן געל אין דעם חלק וואו דער ציגיירל האָט געשטעקט. קיין אש־שיסעלעך זיינען ניט געווען, די רעשטלעך האָט מען ארונטערגעוואָרפן צווישן די שטיוול, באשפיגן און צוגעטאפ־טשעט מיט דער פאָדעשווע. איך, ווי אנדערע פאָסעסאָרקע זינדע־לעך, האָב געהאט לאנגע ווינטערן די ארבעט פון צוזאמענקלייבן די צעטראָטענע רעשטלעך, זיי אויסטריקענען און אליין פארדרייען א ציגיירל אין א שטיק פאפיר פון מיין העפט צום שרייבן.

דער ענין פון האָדעווען אָקסן צו דער שחיטה האָט דעם פאָסעסאָר געפירט קיין "ווארשעוו" צום פארקויפן זיי דאָרט. א ייד וואָס האָט "געקאָנט" ווארשע איז געווען אומעטום דער ראש המדברים, דער וועלטלעכער מענטש. ער פלעגט אלעמאָל צוברענגען נייע דערפאָרטע

ווערטער פון פוילישן לשון און זיך באוויזן מיט זיי פאר זיין פריץ, צוגעבנדיק אלעמאל "פאלסקא מאָווא יעסט בארדזאָ פיענקנא", זייער א שיינע שפראך. און מיט יעדן פאר אהין האָט ער געבראכט עפּעס, וואָס נאָר די גרויסע שטאָט פארמאָגט. ביים יידישן פּאָסעסאָר האָט מען געטראָפן א שפּיל־קעסטל, א שטיק זשיראַרדאָווער לייוונט, א נייעם קאשקעט מיט א גאנץ גרויסן דעניק, און א הדס'ל, א שופר, א פליאה'דיקן טלית־קטן, און אנטיטשנע "שמאכטעס" פאר דער פרוי און טעכטערלעך.

די עיקר־פּראָדוקטן צום האָדעווען בהמות זיינען געווען קארטאָפל און שפייז־בוראַקעס. צומאָל נאָך קלייען, און אלעמאָל דערצו "ליאַ־רעווע" זאלץ.

ביים פּאַן פּאָליאַק האָט דער פּאכטער, דער ייד, נושא חן געווען דערמיט וואָס ער פלעגט יאָר יערלעך פאריכטן די בנינים פונעם מאַ־יאָנטעק און אָפּווייסן דאָס הייפל וואו ער האָט געוואוינט, און ארומ־שמירן מיט ליים די שטאלן וכדומה. קומען אין מאַיאָנטעק פלעגט דער גוטבאזיצער זעלטן, ניט אָנגעשטאָנען חברן זיך צו אָפּט מיטן זשידעק, הגם פאר אים איז ער געווען דער "בארדזאָ ספּראַווערליווע זשידעק", דער אָרנטלעכער צאָלער און בעסערער אָפּהיטער פון אלץ איידער די אמאָליקע זשאָנצעס. פארן פּויער איז דער ייד געווען א גוטער אויפּטוער ביי באָדן, ער האָט דאָס געשעצט און פלעגט זאָגן אז "דער ייד איז מיט קאָפּ, א יידישער קאָפּ איז אליין א "מאַיאָנ־טעק"...

דער "פּאסליעד" — אָפּפאל פון גערייניקטער תבואה, — איז פארברויכט געווען, און מערסטנס פונעם פּאָסעסאָר גופא, צום האָ־דעווען עופות, בעיקר גענדז. געפליגל־צוכט איז געווען א הכנסה־ענין, איבערהויפּט ביי יידישע פּאָסעסאָרן צוליבן שמאלץ וואָס יידן האָבן גענוצט אין שפייז און צו פסחדיקן שמאלץ. איינגעהיט האָט א פּאָסעסאָר אפילו אזא אומנוצלעכן מיסטקערן ווי קאנקאל, א קליינ־טשיקער ארביסל. פלעגט ווערן א יקרות אויף ווייץ און קאָרן האָבן מארק־הענדלערס געשאָטן קאנקאל אין דער תבואה און אויסגע־שפּילט דורך דער וואָג א גרעסערן פארדינסט.

א שאָד מיר וואָס קאָלעגן פון מיין עלטער, צווישן געוועזענע

דאָרפּלייט זיינען אזוי ווייניק געבליבן, זיי וואָלטן געהאט צו דער־ציילן שיינע זאכן וועגן דעם יידישן גוטפּאכטער וועלכער האָט פּיי־נער געמאכט דעם יידישן נאָמען אין דער פּשוטער פּויערן־מאסע וואָס איז מיט ספּעציעלער אנטיסעמיטישער פּראָפּאגאנדע ניט געווען פאר־גיפטעט. אין מיינע עלטערע יאָרן בין איך געוואָר געוואָרן אז די תבואות פון גערופענעם "טיף" רוסלאנד האָבן אויף די מארקן סיי אין רוסלאנד, סיי אין אויסלאנד ניט געגרייכט צו אזוינע מקחים ווי תבואות פון אוקראינער פּאכטערס יידן וועמעס ווייצן און קאָרנס פּלעגן ממש פּרעפערירט ווערן ביי די מילנערס און אין אויסלאנד. די ווידעראויפגעקומענע פּייאיקייט אין באָדן־ווירטשאפט ביי יידן, האָט דאן אין אוקראינע און אנדערע תחום־געגנטן באוויזן איר תקון ווי זי באווייזט דאָס איצט אין ישראל. מ'האָט נאָכדערציילט פון א רבין וואָס האָט געשילדערט די דערשיינונג אלס עקבא דמשיחא, דער אָנזאָג אויף משיח־צייטן. שטעטלדיקע יידן האָבן געקוקט אויפן פּאָ־סעסאָר מיט אויגן פון קנאה צוליב זיין "פּריצישן" לעבן, און אויך מיט שטאָלץ לגבי דעם גוי צום באווייזן אים אז דער ייד טוט פּראָ־דוקטיווע זאכן, און טוט זיי מוכטערארטיק. מיר דערמאנט זיך "דער יידישער מוזשיק" פון מרדכי ספּעקטאָר סאָראָ חן דאָס בוך האָט געהאט אין יידישע אויגן, סאָראָ ליבע הנאה דער ייד האָט געהאט וואָס ביי אים קומט אויף דער מוזשיק ניט צו שפּאָס און צו גראָב־קייט, נאָר צו לויב. עס זיינען פון דער צונג ניט ארונטער די כאר־קאווער יידישע סטודענטן וואָס זיינען געוואָרן עובדי אדמה אין ארץ ישראל, וואוהין יידן זיינען ביז דאן געפאָרן רק צום באערדיקט ווערן. דער לאָזונג "בית יעקב לכו ונלכה" האָט פון זיינע ראשי־תיבות גע־בילדעט דעם נאָמען "בילו" וועלכער האָט זיך ארויסגעזאָגט ווי א כשוף־וואָרט. "בילו" איז היינט דער היסטאָרישער אָנפאנג פון דעם וועג צו ישראל, און "בילו" איז צו יענער צייט געווען דער יחוס פונעם יידישן גוטפּאכטער.

ווען עס זיינען געקומען די אקציעס פון דעם "ענגליש־פּאלעסטיין־באנק" האָבן יידישע פּאָסעסאָרן געקויפט און געהאלטן זיי טייער, באַרימט זיך מיט זיי. יידן האָבן מיט יראת הכבוד געקוקט צו דעם פּרצוף פון א "יידישן" ווערטפּאפּיר. דער "אָדעסער קאָמיטעט" פון

די חובבי ציון איז דערמאנט געווען מיט אזא ליבע, ווי אין שפּע־טערע יאָרן די "הבימה".

דעם יידישן פּאָסעסאָר איז ליב געווען זיין וואוינען אין דאָרף, זיין קרובות "מיטן הימל", און דאָס ניט דארפן שווינדלען. ער האָט ניט געהאט די דעפיניציע דערפון, ניט געקאָנט אָנרופן דאָס טערמי־נאָלאָגיש, ער האָט באטאָנט בלויז אז זיין ברויט באקומט ער פון ערלעכער האָרעוואניע.

געווען אויך אין מיינע צייטן יידישע "דזידיטשעס", כלומרשטיקע גוטבאזיצערס (אין פּוילן געווען ריכטיקע) וואָס איז יורידיש געווען פארעכנט ווי אן אומגעזעצלעכע דערשיינונג, אָבער פארן שטעטל גע־נוג צום אָנרופן זיי גדלותדיק — יידישער פּריץ. בעסאראבער יידן האָבן יאָ פארמאָגט "פּאמיעשטשיקעס" פון א צייט ווען יידן דאָרט האָבן געמעגט קויפן מאיאנטקעס און — ניט געקויפט זייער אָפּט צו־ליב דער לאָגיק אז "עס איז בעסער צו זיין א רייכער פּאָסעסאָר, איי־דער אן אָרעמער גוטבאזיצער".

אינעם יידישן תחום איז א ייד געוואָרן גוטבאזיצער אויפן פּאָלגנ־דיקן אופן: ער האָט "געקויפט א דאָרף", אָבער קיין קויף־אקט ניט געקאָנט מאכן מיט דעם פארקויפער, ער האָט מיט אים געמאכט א פאכט־קאָנטראקט אויף 99 יאָר, לויטן געזעץ דערויף, און געוואָרן דער איינציקער בעל־רשות איבערן מאיאנטעק. נאָך די ניין און נייג־ציק יאָר האָט דער פארקויפער, פארשטענדלעך זיינע יורשים, גע־מוזט צוריקצאָלן דעם קויפער דאָס גאנצע געלט מיט זעקס פּראָצענט עיסקא פאר אלע יאָרן, אויך אָפּצאָלן פאר אלע הוצאות וואָס דער קויפער און זיינע יורשים האָבן געמאכט במשך פונעם קאָנטראקט, פאר אלע נייע בנינים און נאָך א פּאָר צענדליק זאכענעם לויטן צעטל וואָס איז דערויף צוגעשמעלט געוואָרן און וואָס האָט ניט געגוויטיקט זיך אין בארעכטיקונג־דאָקומענטן, און אליץ צוזאמען האָט געמוזט, אָדער וואָלט געמוזט באטרעפן "מילי־מיליאָסן" מיט געלט. האָבן די יורשים ניט געקאָנט, ניט געוואָלט אויסצאָלן אזא סכום איז דער קאָנטראקט פארבליבן אין קראפט אויף נאָכאמאָליקע 99 יאָר...

מיין מוטערס פּאָטער, נחמיה סטערניק, איז געווען אזא גוטבאַ־זיצער, געהאט אין אייגנטום דאָס דאָרף פארנאוו, אין פּראסקוראוווער

קרייזגעבים. וואוינען דאָרט האָט ער ניט געטאָרט ווייל צו דער צייט פונעם קויף האָט ער געוואוינט אין א געפאכטעטן מאיאנטעק, אנאנדערן. א ריי יאָרן האָט ער נהנה געווען פונעם נאָמען "רזידיטש", אָבער בימי אלעקסאנדער, דעם דריטן, האָט די רעגירונג באשלאָסן ליקווידירן די "אנאָמאָליע" פון יידישע גוטבאזיצערס אין אוקראינע. דער סענאַד האָט ניט מסכים געווען צום פאָרשלאג אז דורך זיינעם א דעקרעט זאָלן אזעלכע גוטבאזיצערס באזייטיקט ווערן פון זייער האָב. די רעגירונג האָט דאָס איבערגעגעבן צו פאָליציי און זי האָט געהאט די אינסטרוקציע צו מאכן דאָס "פאָליטיש"; זי האָט דאָס געמאכט...

א פאָר מאָל איז מיין זיידע געווען העפלעך געלאדן צו קומען אין דער קרייזשטאט צום איספראווניק, ער האָט אים פיין אויפגענומען און אינפאָרמירט אז דער גובערנאטאָר וואָלט זיין צופרידן ווען ער, דער אלטער מאן, וואָלט געוואָרן דורכן פארקויפן דעם מאיאנטעק, פטור פון אזא ענין וואָס באלעסטיקט אים געוויס. ער טאָר דאָך דאָרט ניט וואוינען און זיין קומען אהין קאָן אים פאראורזאכן אומ־רואיקייטן.

מיין זיידע האָט ניט אָנגענומען די קלאָרע לאָגיק פונעם פריינט־לעכן באזאָרגער פון זיין וואוילפילן.

ער איז שפעטער גערופן געווען אויפן העפלעכסטן אופן קיין קיעוו צום דאן פארביטערטסטן שונא ישראל, דער גענעראל גובערנאטאָר איבער פינף גובערנעס, דרענטעלן. געפאָרן איז ער ניט, אלעמאָל האָט דאָס אים געטראָפן קראנק, דאָס האָבן "באשטעטיקט" רעגירונג־־אָקטוירים.

צום דריטן מאָל, א סך שפעטער, האָט אים דער פריסטאוו גע־געבן "צו פארשטיין" אז די פאָליטיק זיינע לגבי דעם גענעראל גו־בערנאטאָר וועט אים ברייגנען שאָדן. מיין זיידע איז געפאָרן קיין קיעוו, איז אויפגענומען געוואָרן פונעם גרויסן אדון מיט אָפענע אָרעמס. ער האָט וועגן מיין זיידן "געהערט", ער ווייסט אז ער איז א קלוגער ייד, אים איז אינטערעסאנט צו באקאנען זיך מיטן זיידנס מיינונגען וועגן דער מאָראל פון די פויערים אין זיין וואוינדאָרף און אינעם אייגענעם מאיאנטעק. דערביי האָט מען טיי געטרונקען, בא־

רירט רעליגיעזע פראגן און לסוף האָט דער גענעראל געזען אז ער האָט "צו טון מיט א ווירקלעך קלוגן יידן", ער פארשטייט ניט דערי־בער וואָרום עקשנט ער זיך און וויל ניט פארקויפן צו א רוס זיין מאיאנטעק וועלכער איז דאָך געקויפט געוועז דורך א שווינדל...

מיין זיידע האָט צוגעשווויגן, געבעטן צייט ער זאָל באטראכטן די פראגע.

— אך, צייט, מיין וואוילער "יעווריי", קאָן מען האָבן אין סיביר, דו האָסט דאָך געוויס געהערט, א שטילע געגנט. אויב דו זוכסט ווירקלעך צייט קאָן איך דיך אהין שיקן...

מיין זיידע האָט מסכים געווען; ניט צו פאָרן אין סיביר, נאָר צו פארקויפן זיין מאיאנטעק.

ווען דרענטעלן האָבן יידן געהאט צו דערציילן פארשידענע מרעפענישן. איינער פון זיינע חשובע פריינד איז געווען דער באַ־רימטער צוקערפאבריקאנט, איזראעל בראָדסקי. ער פלעגט אים רופן צו א טיי, צו א קאָרט, און בראָדסקי איז גראָד געווען א "שלי־מזלדיקער שפילער". ווען ער האָט געמאכט א "קערטל" מיטן גע־נעראל, האָט ער אלעמאָל פארשפילט צו אים חשובע סכומים.

אמאָל אין א פראוואסלאווגעם פסח האָט דרענטעלן איינגעלאדן בראָדסקין צו מאכן מיט אים א שפאציר איבער קיעווער גאסן אין בראָדסקים קארעטע. אויף דער הויפטגאס קרעשטשאטיק זיינען אין די קאנאוועס געלעגן שכורע קאצאפעס, זיי זיינען פון פאָליציי אהין אריינגעקאטשעט געוואָרן צום אויסניכטערן.

— הויך עקסעלענץ, — האָט בראָדסקי באמערקט דעם גענעראל, — ווי אָפגעשטאנען עס איז נאָך דאָס רוסישע פראָסטע פאָלק; אין אזא הייליקן טאָג...

— עס מאכט ניט אויס, — האָט דרענטעלן געענטפערט, — זיי וואלגערן זיך אויף אייגענעם באָדן...

אין בעסאראביע האָבן יידן, ווארשיינלעך, פיל פריער אָנגעפאנ־גען באארבעטן ערד. דאָרט האָב איך ביי מיינע זיבעצן יאָר געטראָפן יידן "פלאנטאטאָרעס" וואָס האָבן אויף קליינע שטחים געפלאנצט טאבאק, קרויט, פאמעדארן, בעבלעך, קאווענעס און טאָמאטן. געווען גוטבאזיצערס אין א קליינער צאָל, און פאַסעסאָרעס א סך. די באַ־

ארבעטונג פון באָדן איז געווען נאָך, רעלאַטיוו צו אוקראַינע, פּרימי־טיוו. די "האדאיעס" פון גרויסע מאַיאַנטקעס האָבן אויסגעזען זייער אָרעם, אָבער די גערעטעניש זיינען געווען רייך ווייל דער באָדן איז נאָך געווען יונג אין אַקער־יאָרן. דאָרט, אגב, אין די שטעטלעך פלעגט מען טרעפן יידן וואָס האָבן געאַרבעט אין די הויפן אלס רעשעטני־קעס, תבואה־רייניגערס און אַרבעטערס ביים אָנשיטן תבואה אין זעק און פאַרנייען זיי. געווען אויך סאָרטירערס פון טאַבאַקבלעטער, פּאַפּושניקעס (אויסבינדערס אין פּעקלעך), און טאַבאַקשניידערס. די לעצטע האָבן פּיל באַשעפטיקט זיך מיט פאַרקויפן "טריפהנעם טאַ־באַק", געמיינט אָן באַצאָלן אַקציז.

אהין, "אין דער בעסאַראַביע", פלעגן אין א נויט אַנטלויפן מי־ליטערפליכטיקע און דאָרט "נעלם" ווערן. זיי האָט מען אין בעסאַ־ראַביע גערופן "פּוילישע", ווארשיינלעך פון יענע צייטן נאָך ווען דער אוקראַינער טייל וואָס גרענעצט מיט בעסאַראַביע איז געווען פוילן. אַזעלכע פלעגן דאָרט אויפגענומען ווערן זייער ווארעם און געשטיצט צום איינאָרדנען זיך.

אין די געגנטן פון די וויינגערטנער אין בעסאַראַביע האָבן פּיל יידן געלעבט פון "טרעטן ווייַן" (אויסדריקן די טרויבן) און פון "אוים־האַלטן" אים און גיסן אין אַנטאַלן צום פאַרקויפן.

פאַרן "פּוילישן יידן" האָט דער בעסאַראַבער אויסגעזען עם־האָר־ציש, נאָענטער צום באָדן, האַרציקער און מכניס־אורחים'דיקער...

---

# קאפּיטל פופצן

די הויפּטפיגור צווישן די יידן אין דאָרף איז געווען דער פּאָסעסאָר. פאר די פויערים האָט ער פארנומען דעם פּלאַץ פונעם פּריץ, ווי ער איז, אגב געווען גערופן אויך ביי די יידן. אים האָב איך געטראָפן אויף א באזונדער שיינער מדרגה, ער האָט באמת פארנומען דעם פּלאַץ פונעם פּריץ בלייבנדיק אין דער גוטער יידישקייט. געענדערט זיין יידישן אויסזען האָט ער בלויז צום רייטן איבער די פעלדער צום קאָנטראָלירן די ארבעט. אינעם שיכט פון גרעסערע יידישע תבואה־אין וואלד־הענדלערס, עקספּאָרטערן פון אוילן, אייער, פלאקסן, לייַנען, פארשידענע רוי־מאטעריאלן איז ער געווען פון די חשובסטע, אויך ביי קריסטן. אין דער יידישער מאסע האָט מען אים געלויבט מיט דער מדה פון הכנסת־אורחים. "א פּאָסעסאָר האנדלט מיט גאָט, ציט זיין יניקה פון דער ערד און ווערט א נגיד פון גשמים בעתם, רעגנס אין רער צייט". לויט דער שילדערונג אין מיין משפּחה האָט א פּאָסע־סאר געטראָגן לגבי דעם קריסט גרויסע אחריות אין זיינע מעשים; "מ'איז ארומגערינגלט מיט קריסטן קוקט מען אויף זיי אנדערש און מע באהאנדלט זיי פּאָרזיכטיק"... די אָרטאָדאָקסישע יידן, צווישן ויי זיינען אין יענע צייטן געווען אפשר די ערשטע "וועלטלעכע" אָרטאָדאָקסן, זיי אויך זיינען געווען די אויסטייטשערס פארן קריסט ווען עס האָבן זיך גענויטיקט "פּירושים מיט שכל" לגבי יידישע מנה־

גים, לגבי דעם יידישן אפטיילן זיך מיט עסן און מיט פיל אנדערע זאכן. א פּאַסעסאָר איז אנטקעגן געקומען דעם פּויער אין דאָרף ווען יענער האָט געבעטן הילף צום פאריכטן דעם קלויסטער. דער צעמענ־טער־צאַם, וכדומה. דער יידישער פּאַסעסאָר האָט דאָס דערפירט דערצו אז ער גופא פלעגט פונעם פּריץ בעטן ענלעכעס אין יידישע נייטן. אמת, זעלטן אָבער דאָך. פאַרן פּוילישן פּריץ און העכערן פּאָליציייאישן באאמטן האָט דער פּאַסעסאָר זיך באוויזן אין נעטע בגדים, די גאָר פרומע אין א שיין געמאכטער יארמולקע און באמיט זיך רעדן א פיינערן פּויליש, אָדער רוסיש. דער עיקר איז געווען פּוי־ליש. אויך דער פרומער האָט געגריסט זיך מיט דער פּריצה ביי דער האנט און צומאָל צוגעלייגט די ליפּן צום ארבל פון איר מאנטל בעתן צעזעגענען זיך, במקום קושן די האנט...

א ביסל פּריציש פלעגט א יידישער פּאַסעסאָר פירן זיך אנטקעגן דעם שטעטלדיקן קליינהענדלער וואָס איז געקומען "כאַפּן מציאות" אינעם אָפּקויפן עופות, גענדז, "פּאַרלעך" ענדיקעס צו פּסח און אנ־דערע "קלייניקייטן". ער האָט דעם סוחרל "צוגעלאָזט" די קניה, אָבער געהאלטן זיך דערביי מיוחסדיק. בכבודיק האָט א פּאַסעסאָר באצויגן זיך צום גרעסערן אָפּקויפער פון, למשל, פּאַסליד פון תבו־אות, היי פאר מיליטער און פעל פון געפאַלענע רינד און פערד וואָס פלעגט זיך אָנזאמלען אין גרעסערע קוואנטיטעטן אינעם משך פונעם יאָר.

דער פּאַסעסאָר איז בלי ספק געווען א ציוויליזאטאָר סיי פארן פּויער און סיי פאר דעם יידן אינעם דאָרף, און אין א געוויסער מאָס אינעם שטעטל. דער קריסטלעכער פּאַסעסאָר איז דאָס ניט געווען. ער האָט דעם פּויער ניט פארגונענען די דעראָבערטע באפרייאונג. ער איז, אגב, געווען אין דער צאָל פון די בייזע שונאי ישראל. ער איז דאָס אָפט געוואָרן ווייל ער האָט ניט געקאָנט נאָכקומען דעם יידן אין אויפטוען צו פארגרעסערן די הכנסה פון גיטער־פאכט, אויך ניט אין אָנזאמלען פארמעגן, א זאך וואָס דער ייד האָט דערגרייכט צוליבן בלויזן ניט שכורן און ניט יאָגן זיך נאָך פּרויען. דעם קריסטלעכן פּאַסעסאָר האָט דער פּויער געהאסט ווי דעם געוועזענעם פּאַן, בעת דער "פּאַנשטשיזנע".

לגבי דעם פויער האָט דער יידישער פּאָסעסאָר געפירט א "יידישע פּאָליטיק" — פון פריינטלעכע באציאונגען. אָפט נאָכגעפרעגט זיך אויף זיין וואוילשטאנד, דעם געזונט פון פרוי און קינדער, און לעבע־יקן אינוועטאר. געגעבן עצות צום אויסבעסערן דאָס פעלד, אויס־געליען אים א סאקסישן פלוג וואו נאָר דאָס האָט געקאָנט באזיגן א חסרון אינעם באָדן. דער פויל האָט דאָס אויסגעטייטשט צו באווייזן אז דער ייד "חנפעט זיך" צום מוזשיק.

צום פּאָסעסאָר פלעגט דער פויער קומען נאָך רפואות צו שלאָפ־קייטן, נאָך עצות אין באלעבאטישקייט, נאָך א גמילות חסד אין א נויט, וויסנדיק אז אָפּצאָלן וועט ער עס שפּעטער דורך ארבעט אינעם הויף. די פּאסעסארקע האָט געשפּילט די ראָל פון א פרויען־דאָקטאָר, אָן אקושערין, און אויך פון א וויסערין ווי מע דארף זיך פירן מיט א בייזן מאן, א מאן א טרינקער. אויך ווי מע מאכט א "שטאָטישן" געבעקס, אָדער מאכל צו א יום־טוב. רפואות האָבן פּאָסעסאָרן גע־געבן אומזיסט, געווען ביי זיי "אַפּטייקן" פון די פּאָפּולערסטע מע־דיצינען ווי ריצנאויל, יאכימפלאסטער, יאָד און קאמפאָר־אויל וכדומה.

— אלץ וויסן זיי די זשידעס, אין זייערע "ביבליעס" שטייט אלץ פארשריבן ווי אזוי און וואָס. א קלוג פאָלק און זייער גוטע מענטשן, נאָר דאָס וואָס זיי זיינען זשידעס...

דער עיקר פארדינסט פונעם פּאָסעסאָר לגבי דעם שטעטלדיקן יידן איז געווען זיין פארערלעכן די עבודת אדמה אין די אויגן פונעם קרעמער, שניידער, מארקהענדלער און אנדערע. זייער השפּעה האָט פיל בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון דער עמיגראציע קיין ארגענטינע צום באזעצן זיך אויפן "באראָנס ערד". ביז דאן האָט ערד אלץ גע־הייסן א "גויאישע ארבעט" און דארף "א מקום צום ווערן פאר־גרעבט". דעמאָלט האָט יוגנט אונטערגעכאפּט צונזערס ליד "אין דער סאכע" וואָס האָט ממש געוועקט ביי דער יוגנט ווילן צו אר־בעטן ביי ערד. דאָס און די געשיכטע פון די בילוער אידעאליסטן.

— טאקע, אין דער סאכע ליגט מזל, ברכה. דאָס גראמט זיך אזוי שיין — סאכע מיט ברכה. פון דער סאכע לעבן דאָך אלע פויערים פון גאנץ רוסלאנד...

רעכט צו דערמאנען ווי וויסאָצקים טיי האָט באהערשט דעם יידי־שן סאמאָוואר און פרעסטיזשירט דעם פּאָרשטייער פון דער פירמע, דער באריםטער פעלעטאָניסט לעוויסקי, וועלכער פלעגט מיט דער טיי צוזאמען פארשפרייטן חבת ציון. געווען זיינען, כמעט, אלע ידישע פּאָסעסאָרן און יידן אין דאָרף חובבי ציון.

א לערער אין דאָרף, אָפטער א משכיל, האָט געלערנט אויך די טאטעס וועלטלעכע מדות און אגב פארשטענדניש פאר חבת ציון. א לערערס קומען אין דאָרף האָט דערמעגלעכט דעם פּאָסעסאָר צו זיין נוצלעך פאר אלע יידן דאָרט, לגבי לערנען זייערע קינדער. דעם פּאָסעסאָר גופא האָט דער לערער אויסגעאיידלט, אָפּט אויך די פּאָסעסארקע. פאר איר פלעגט ער זיין דער מורה דרך אין וועלט־לעכקייט און צו דערציאונג. אזא לערער פלעגט, מערסטנס, קענען רעדן רוסיש, הגם ניט אזוי גוט אָבער גענוג צו זיין ביים פּאָסעסאָר דער ״אומשאני יעוורעי״. ער פלעגט מיט אים פירן וכוחים איבער רעליגיע. אויך דער פויער פלעגט זאָגן אז דער ״זשידיוזסקער אומ־שיטיעל וייסט מער פאר אונדזער באטיושקא״.

יידישע פרומקייט האָט דער פויער באטראכט מיט רעספעקט, הגם געלאכט פון יידישן אָפּזאָגן זיך פון א ביסן חזיר און געפּרעגלטע הינדעלעך אין פוטער, נאָך מער פון רויכערן שבת.

— עס מוז דאָך איינעם קאָסטן געזונט אויסצוהאלטן אזעלכע פאר־באָטן; אָן אונדזעריקער וואָלט דאָס ניט באוויזן. א סימן איז די שבועה ניט צו טרינקען שנאפּס; האָט ווער אויסגעהאלטן אזא נדר?

דער פויער האָט רעספּעקטירט א יידישע רעליקוויע, ארונטערגע־ריסן א קמיע פון א יידישער וואנט האלטנדיק זי פאר א סגולה אנט־קעגן שטוביקע שדים. די מזוזה פלעגט ער אוועקגנבענען און זי וויקן אין וואסער טעגנלאנג, דאן דאָס וואסער געטרונקען צו היילן זיך פון היפערפיבער... אז א פויער א פורמאן, פלעגט פירן א חסידישן רבין, געוויינלעך אויפן פּאָסעסאָרס קארעטע, און דער רבי האָט אים אייגנ־הענטיק מהנה געווען מיט עטלעכע זילבערנע מטבעות ״טרונקגעלט״, האָט מען זיי פון אים ניט געקאָנט ארויסקריגן, ער האָט זיי אויסגע־געבן נאָר אין א פאל פון אן אומגליק.

פאַר דעם קריסטלעכן אינטעליגענט איז די יידישע איזאָלאַציע געווען א סבה צו שנאה, ער האָט דעם יידן תמיד פאָרגעוואָרפן זיין אויסהיטן זיך פון דעם קריסטלעכן טיש און אנדערע זאכן. דעם פּויער האָט די איזאָלאַציע דווקא געבראַכט צום באוואונדערן דעם יידן ווי האַלט ער דאָס אוים נים טועם זיין פון א געשמאַקן חזירל, פון טרונקען מילך נאָכן פליישיקן מיטיק, וכדומה.

— דע טאַם! ווי וואָלט מען דאָס געקאָנט אויספירן ביי אן אונדזער־ריקן. זיי, די זשידעס, האָבן א ווילן, און דעם גלויבן זייערן, היטן זיי "אָט אזוי"... דערביי האָט ער באוויזן א פעסט צוזאַמענגעפרעסטן פּייסט. ער האָט געלאַכט פון מאָשקען אין די תפילין, אָבער באוואונ־דערט מאָשקעס ניט עסן קודם דעם דאַווענען.

דעם פּויל, און בכלל דעם קאַטויל, האָט דער מוזשיק געהאַסט. דערביי האָט ער שוין אין זינען געהאַלטן אויך דעם יידן.

— ווען עס קומט צום שינדן די הויט פונעם אָרעמען קריסט מאַכן זיי שותפות. און ווען מ׳האָט אונדז באַשינדן רייצט דער פּריץ אן אונדזעריקע אויפן יידן און לייגט אָפּ די גאַנצע שולד אויף אים...

— טאַ וואַנאַ! — האָט א צווייטער מסכים געווען; — דעם יידן איז אויך ניטאָ וואָס מקנא צו זיין...

געטראָגן א גוטן זכות פאַר יידן אין די אויגן פונעם דאָרפישן קריסט האָט דער יידישער פּאָסעסאָר: — ער איז א סך בעסער לגבי אונדז פאַרן קריסטלעכן פּאָסעסאָר, אָדער גוטבאַזיצער. מיט א זשיד קאָנסטו פירן פריינטשאַפט, ער ווערט מיט דיר פּאַניבראַט, אָבער מיט פאַרשאָלטענעם קאַטויל קיינמאָל ניט...

גוטפּאַכט האָט ביי די רבי׳ם אויסגענומען. זיי האָבן דעם פּאָ־סעסאָר געלויבט: — ער מאַכט אונדז שיין אין די אויגן פון גוים. חוץ לזה איז אים, דעם רבין, דער פּאָסעסאָר געווען א ליבער שטייערן־צאָלער. "מעמדות" האָט ער געצאָלט רייכער פאַר אלע אנדערע, דערצו ביי יעדער געלעגנהייט געשיקט דעם רבין פאַרשידענע שפּייזן און געבעקסן צו שבתים, צו ימים־טובים, באַזונדערס צו פּסח. גע־מאַכט שיין דעם ענין האָט אויך דער פּאָסעסאָרישער שפּאַן וואָס האָט געהאַט אלע אויסצייכענונגען פון א פּריציש, אפילו די קליינינקע גלעקלעך אַרום די העלדזער פון די פערד. ביי אנדערע אויך שוין דער

פּורמאַן אינעם פּריצישן אנצוג און ברייטן פּאַסעק ארום דער בורקע, מיט די קנעפּ וואָס האָבן געמאָלדן גרויסוועלטלעכקייט. דער פורמאַן האָט געקאָנט אלעמען פון רבינס משפחה, ער האָט זיי געפירט שפּאַצירן און הינטערן שטעטל אָנגעטרויט די לייצעס מיט דער בייטש צום פּראַווען מיט דעם שפּאַן אונטער זיין השגחה.

דעם רבינס הויף איז געווען דער צענטער־קלוב פאַר טויזנטער לייט. ביים רבין איז צווישן חסידים אָנגעגאַנגען א קאָנקורענץ אויף כבוד. ביי די רייכע חסידים האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין דער "אָפענער האַנט", אינעם רבינס א ליבערן שמייכל צום מער איינ־טרעגלעכן חסיד, אין די גבאימס "דרייען זיך" ארום דעם און יענעם גביר. דער רבי האָט אָפּט אויסגענוצט זיין השפּעה אויפן פּאָסעסאָר, ווי בכלל אויף זיינע חסידים, צו גונסטן דעם אָרעמערן, בפרט ביי ענין פון התונה מאַכן א פאַרזעסענע מיידל, צאָלן שכר־לימוד פאַר יתומים, אפילו צום אויסבעסערן די לאַגע פון א חסיד א יורד אין זיינע מס־חרים. געהייסן האָט דאָס "דער רבי האָט געגעבן א פּקודה", און געווען זיינען רביים פּראַקטיש. פּקודה'ס האָבן זיי נאָר געגעבן וואו מ'האָט געקאָנט דערוואַרטן פאָלגעוודיקייט...

אין מיינע צייטן איז דער יידישער פּאָסעסאָר שוין געפאָרן אין א קאַבריאָלעט, אפילו אין פאַעטאָן. אָנגעפאַנגען האָט ער אין די לעצ־טע זעכציקסטע יאָרן אויף א שאַראַבאַן. איבערגעזעצט זיך אין די זי־בעציקער יאָרן אין דער בריטשקע, און צום אכציקסטן געהאַלטן שוין ביי קאַבריאָלעט און א שיינעם פּוילישן שפּאַן. אַן אַלטער פּאָסעסאָר פון די ערשטע פּלעגט זאָגן יידישלעך: — איך האַלט מיך ביי דער בריטשקע, דאָס יטעבט ניט אזוי די אויגן. און ווער ווייסט? אפשר הייבט מען נאָך אמאָל ארויסקריכן פונעם פאַעטאָן...

דער פּאָסעסאָר פונעם קאַבריאָלעט און פאַעטאָן איז שוין טאַקע נים געווען צופּאַסיק פאַרן שאַראַבאַן. זיין פּויליש רעדן, אפילו דער ניט צופיל באַנוצטער רוסיש, האָט געקלונגען מער ווייניקער עכט. זיינע מאַנירן זיינען געווען דאַרפיש־פּריציש. דער פּויער האָט אָפּגעשאַצט — "ניבע פּראַוודיוועי פּאַן", אַן אמתער פּריץ, "אָבער א בעסערער איידער דער פּויל, א שאָד נאָר וואָס ער איז ניט א כרעסטיאַנין"...

— יצחק אבינו, — האָבן יונגערע פּאַסעסאָרן געזאָגט, — איז אונד־זערער צווישן די אבות, ער האָט ליב געהאַט פעלד, ער האָט זיך פארשטאַנען אויף בין־השמשות און מתקן געווען מנחה. טאָקע האָט ער פארשטאַנען אז אַן ערד־מענטש דאַרף נים האָבן צו לאַנגע תפילות.

דער ייד איז פארבליבן ייד, דאָך געוואָרן באַקאַנט מיט פייגע־לעך, מיטן טייך און זיינע מעלות, מיט דער שיינקייט פון גרינע פעל־דער, מיט ריחות פון בלומען און תבואות־בליטן. איך געדענק ווי איבעראַשט עס איז געוואָרן דער שטעטלדיקער נגיד אין שכנות פון מיין דאָרף ווען איך האָב אים דערמאַנט אז די קאַרטאָפּליעס צוויטן שוין...

— קאַרטאָפּליעס... צוויטן?!! — איז דער ייד שיר געפאַלן אין חלשות; — ביזטו משוגע, מיינע שונאים?...

פאַרן פּאַסעסאָר האָט אפילו קאָרן געבליט, ער האָט דאָס גוט געקאָנט, און אויך די פּלוצימדיקע מכות וואָס פלעגן צומאָל פאַלן ״פונעם הימל״ אויפן קאָרן, אָדער ווייץ, זיי לאָזן שטיין אין וואוקס און פארוויאַנעט און פארדאַרט. ניט א גראָשן איז דאַן ארויס פון דער געראָטעניש.

נאָך עפּעס: — דער גוטפּאַכטער, און בכלל דער דאָרפישער ייד זיינען געוואָרן מעטאָדישער, דיסציפּלינירטער און — יושרדיקער, ווייט יושרדיקער אין דער באַציאונג צום פויער, און צו סוחרים אָפּ־קויפערס פון פעלד־פּראָדוקטן. בכלל לגבי יעדן. ער האָט ניט גע־וואוסט פון קאָנקורענץ און דאָס האָט אים אויסגעהיט פון פארשי־דענע שלעכטע מדות. די פעלד־ארבעט מיט אירע פעסטע צייט־סע־זאָנען, מיט איר זיין אָפּהענגיק בלויז פון וועטער, פון זון און ברכה־דיקע נעכט, דאַן דער מוז פון זיין צוגעבונדן צום לויף פון די שטונדן, אויפגאַנג און אונטערגאַנג, דאָס אַלץ האָט דעם פּאַסעסאָר געמאַכט צוגעהעריק צו אַנאַנדערן מין יידן, אַנאַנדערע משפחה. א פּאַסעסאָר האָט אין אַכט גענומען אומדערוואַרטעטע ענדערונגען. געקומען צו דער אויסרעכענונג אז א געראָטעניש וואָס מאַכט אים רייך, גיט אים אויך די מעגלעכקייט פון זיין מילד צו יענעם ווער עס האָט ביי אים גע־קויפט אומגעלונגען, אָדער אין א יקרות־צייט, און ער טאָר ניט גע־בראָכן גיין צוליב דעם ״דין״ פונעם שליסצעטל (קאָנטראַקט). ״וועלט״

האָט געפּסקנט אַז דעם פּאַסעסאָרס אַ שאָקל מיטן קאָפּ איז מער ווערט פאַרן קאָנטראַקט ביים נאָטאַר וואָס אַנאַנדערער אָרט סוחרי־שער "בטוח" גיט אויף אַן אָפּמאַך אין האַנדל. אַ פּאַסעסאָר האָט געטראָגן נאַציאָנאַלע אחריות מער פאַר דעם פיינסטן שטאָט־סוחר.

— מיר, פּאַסעסאָרן, לעבן צווישן קריסטן, אויף אונדז קוקן הונ־דערטער אויגן מיט דערוואַרטונג צו באַמערקן אַ שווינדל. אונדז האָט מען, צומאָל, פיינט פאַר ערלעכקייט...

— זיין אַ פּאַסעסאָר איז זכות! — אַזוינס האָט מען אָפט געהערט צווישן יידן אין שטעטל, בעיקר ביים רבינס טיש; — אַ פּאַסעסאָר קאָן מקיים זיין די מצוה פון הכנסת־אורחים, די מצוה פון העלפן דעם אָרעמאַן אינעם שטעטל צו פרייען זיך אין אַ יום־טוב. די מצוה פון אַנוואַרעמען אַ יידישן געזינדל אין שטעטל מיט אַ פּאָר וועגענער שטרוי...

— און אַ פּאַסעסאָר טראָגט דאָך אַ פּנים וואָס בעט ניט קיין רחמ־נות, אַ שמייכל זיינער איז מחיה מענטשן...

און שבת! אַ שטעטלדיקער קליינהענדלער האָט פון זונטיק אָן געשפּאַנט איבער אַלע דערפער פון אַ סביבה, געזוכט פאַרדינען אויפן לעבן פאַר דער קומענדיקער וואָך, קומען אַהיים אויף שבת צו זיין געזינד מיט שפע און ווערן אויפגענומען ליב ווי דער גוטער שפייזער. אַ ייד האָט אויסגעמאָסטן קילאָמעטערס, אָנגעפּרעגט סחורות און גע־דונגען זיך מיט אַ ים פויערים, און — הלוואי ניט, אָבער עס האָט געטראָפן אַ ניט געלונגענע וואָך. אַהיים קומען מיטן ליידיקן זאַק האָט ער ניט געקאָנט. אים האָט דערוואַרט דער פּאַסעסאָר, דער דאָרף־ייד בכלל, און אַזוי ליב אַריינגעבעטן אין שטוב צו זיך אויף שבת אַז דער ייד האָט געמוזט באַווייזן אויף זיין פאַראומערטן פּנים אַ ליבן שמייכל.

ביים טיש פלעגט אים די דאָרפישע יידענע האַלטן אויף קעסט ווי אַן איידימל פונעם "האַמבאַרגער רב". זי האָט אים געטרייסט, פאַר־שפּראָכן רעדן "ניט אום שבת גערעדט" מיט איר מאַן, מיטן פּאַ־סעסאָר, אָדער מילפּאַכטער, און יענער וועט שוין צוזאָגן עפּעס אַ מציאהלע וואָס וועט אויסטראָגן בעסער פאַר די קניות ביי צען פויערים.

די לויב פאר גוטהארציקייט איז אויסגעפאלן מער פאר דער פא־סעסארקע, זי האט שבת־צו־נאכט דעם אורח פארהאלטן ביז זונטיק פארטאג און אים מיטגעגעבן א "פעקעלע". זי האט שוין איבער שבת "אויסגעמאנטעט" ביים אורח וואס אים וואלט נויטיקער געווען. דאס פעקעלע, טאקע די "כשרע מציאה", האט צום קומענדיקן פרייטיק פאר נאכט דערפרייט דאס ווייבל און די קינדערלעך אין שטוב.

— לעבן זאל זי!...

געווען אויך א געזעגלעכער סעזאן פאר אורחים צום דערהאלן זיך. "כאפן א קאפ פרישע לופט און קומען צו זיך". קודם זיינען געקומען משפחה־לייט, דאן חשובע קבצנים. זיי אלע האבן געהאט סעזאן אין די ווינטערוואכן ווען דער אויבערשטער באשערט גרי־בענעס, ווען געגנדזענע שמאלץ שאצט זיך אין אן אוצר, און "פולקעס"! געגנדזענע פולקעס! רבונו של עולם, ווען איז דאס דיר געקומען איינזי־נען צו באשאפן פולקעס ביי געגנדז? — א מחיה'דיקער איינפאל. אויך די גאנדז, איבערהויפט א געהאדעוועטע, האט אין יענע צייטן פארנומען ביי יידישע טישן דעם אויבנאן, אבער די פולקע האט גע־האט איר אדרעס — צום בן יחיד, למשל, צו א גאסט, און אין סע־זאן צו דעם גרעסטן למדן. טאקע האט איינער ביי מיין טאטנס טיש געזאגט אז דער טעם אירער איז אזא ווי, להבדיל, אן אנטיטשנע קשיא ביים מהרש"א. אין יענע זאווערוכעס, עליהם השלום, פלעגן שדכנים קומען צו די פאסעסארן און אפזיצן א פאר וואכן קודם כל צו מנוחה. א ייד וואס איז טרוד מיטן אויפזוכן דעם אדרעס פונעם זיווג וואס דער מלאך האט פארצייכנט פלעגט ווערן סכנותדיק מיד און "אפגיין" ביי דער הרובע. זיי אפילו האבן געהאט זייער מיינונג אז זומער איז פאר א שדכן בעסער אין דארף, עס איז דער סעזאן פון מילכיקע ווארעניקעס. די קעסט פון די סעזאניקעס פלעגט וועכנט־לעך, כמעט, באגלייט זיין מיט א פינף רובל צום אפשיקן דער אשה אין שטעטל, זאל זי דארט ניט שעלטן, חלילה, די יידן פונעם דארף...

געסט האט דער פאסעסאר געהאט אויך זומער. דאס זיינען, על פי רוב, געווארן יאדושליוווע, דעכעוויטשנע און גלאט הוסטנדיקע וואס דער דאקטאר "רופט דאס מיט א לאטייניש נאמען, גיי ברעך די ציין נאכזאגנדיק". זייער אפט זיינען דארט צוזאמענגעקומען זיך

די פאטענטירטע פּאָלקפּרעסערס פונעם ווינטער מיט די וואַרעניקעס־עסערס אינעם זומער. דער וויכוח צווישן זיי האָט פאַרשאַפן נחת דער באַלעבאָסטע. זי אַליין פּלעגט קאָנען דערציילן אַ "מילכיקע מעשה". איינע פון זיי נאָט איך.

— געוואָלט האָב איך זייער אַ שדוך טון מיט מיין עלטסטן זון, זאָל ער מיר געזונט זיין, שוין געהאַט אַריבער פערצן יאָר. שדכנים זיינען ציימוויז געזעסן ביי מיר אויף קעסט צו דריי מיט אַמאָל. איינעם געדענק איך גוט, ער האָט באַלד באַשטעלט אויף מאָרגן אַ מילכיקע סעודה. קודם האָט ער גענומען עטלעכע שנעפּסלעך, נאָך יעדערן פאַרביסן מיט אַ "ציקאַווער" זאַך. דערביי האָט ער געשלעפּט פון ביכעלע כלה'ס אַנטיקלעך. נאָכדעם איז ער דורכגעגאַנגען אַ נסיון פון אַ פּאָר טעלערלעך מילכיקער זופּע, צוויי פּאַרציעס מילכיקע פיש, און — וואַרעניקעס, אַזעלכע ווי ער האָט געוואָלט: — דערוואַקסענע. קליינוואַרג — האָט ער געזאָגט, — פאַרמאָגט ער אַליין אינדערהיים אַ זעקס שטיקלעך. נו, מיין פּאַרציע אויפן טעלער פּלעגט זיין פינף שטיק אויף אַ מאָל. אויפגעגעסן האָט ער זעקס טעלער אַזעלכע. איך טו ביי אים אַ פרעג צו איז ער צופרידן, ענטפערט ער אַז נאָך אַ טעלערל וואָלט ער אויפגעגעסן מיט פאַרגעניגן. דערוויילע דערזע איך שפּעטער אַז אין טאָפּ איז פאַרבליבן נאָך אַ רעשטל פון אַ שטיק אַכט, זאָג איך: רב שדכן, עס איז ניט אַהער און ניט אַהין. טוט ער מיר צוליב. איך,געוויינלעך, אַ באַלעבאָסטע, בין צופרידן, טו איך אַ פרעג — רב שדכן, זענט איר זאַט? — זאָגט ער יאָ, נאָר אויף אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער צום פאַרענדיקן וואָלט איך אַ בעלן געווען...

צוריק אין שטעטל פּלעגן כלי־קודש פאָרן אויף אַ וואָגן אָנגעלאָדן מיט כל טוב וואָס אַ דאָרף קאָן געבן, אפילו קאַרענע אַקאַלאַטעס שטרוי צום אונטערשפּרייטן אויף די ברעטער פונעם בעט "כדי דעם איבערבעט זאָל ניט זיין הארט צו שלאָפן". דער צעטל פון שפּייזן, פון זאַכן צום קאָכן, פון איינגעמאַכטסן און צוביסלעך ווישניאַק, דרען־און פּלוימען־סאַק, אַ צעטל פאַר גרויסער בוכהאַלטעריע. געוואונטשן דערפאַר האָבן יידן אַחוץ בײַדע וועלטן נאָך אויך רעגן אין דער צייט

און געזונט אָן א שעור, דער עיקר אז זיי, די מאן און ווייב, זאָלן קאָנען געבן א סך, גאָר אסך...

קריסטלעכע דינערשאפט האָט דאָס אלץ באמערקט און געזאָגט — טאקע זיינען זיי זשידעס, אָבער האָבן קרעסטיאנסקע דושעס (נשמה׳ס) אין זיך...

אין צייט פון א טרוקעניש זיינען פויערים געווען אין גרויסער מיטוויי מיטן פּאָסעסאָר, און זיך משתדל געווען צום אויספועלן ביי גאָט רעגן. א קאָמיסיע פון פויערים פלעגט קומען צו מיין פאָטער מיטן פאָרשלאָג אז ער זאָל זיך ווענדן צו זיין ראבין וועגן רעגן און בעטן אים אינזינען האלטן אויך די פויערים. אזוי פאָדערן פלעגן זיי אויך פונעם פאפ אז ארום די פעלדער פונעם פּאָסעסאָר זאָל ער גיין מיט די צלמים און כארוגוועס: — וועט ביי אים די גערעטעניש זיין א גוטע וועלן מיר דאָך פארדינען דערביי. צומאָל האָט א פאפ גע־מאָנט פונעם פּאָסעסאָר שכר פאר דער עובדא. דער פּאָסעסאָר פלעגט דעפּעשירן צום רבין "רחמים גשם", און דער רבי האָט געענטפערט "אם ירצה השם". דער טעלעגראפיסט האָט שוין געקאָנט די מאגישע ווערטער. טון דאָס פלעג מען בהיתר, ניט געווען קיין פארבאָט אויף שפּראך אין טעלעגראמעס. האָט געטראָפן אז דעם פאפס תפלה האָט ניט מצליח געווען, זיינען די פויערים א וואָך שפּעטער געקומען צום פּאָסעסאָר פרעגן וועגן ראבינס ענטפער. דער פּאָסעסאָר האָט אי־בערגעגעבן דעם רבינס תשובה. די פויערים זיינען געוואָרן צופרידן: — דיין ראבין איז געוויס א גרעסערער "טשודאטווארעץ" (בעל מופת) פאר אונדזער פאפ, דער טרינקט דאָך ניט ווייניקער פאר אונדז...

רעגן אינעם רבינס זכות האָט געזיכערט פריינטשאפט צו יידן אויף לאנגע חדשים: — "דו זעסט דאָך, זיי זיינען א פארשאָלטן פאָלק און זייער גאָט האלט זיי אויף אזוי לאנג". א פאל ווען די פויערים האָבן געבעטן ביי מיין פאָטער ער זאָל דעפּעשירן דעם רבין אין זייער נאָמען, אויסדריקלעך אין זייערן: — זעסט דאָך, אויף דיינע פעל־דער איז פאָרט געווען רעגן, און פון אונדזערע האָט ער פארכאפט בלויז א קליינע פלעסע...

געווען נאָך איז דער פּאָסעסאָר א שותף צו צרות ביי די פויערים: — מיר, פריץ, גלויבן ניט אין דעם דאָקטאָרס פאפירלעך, וואָס קאָן

דאָס העלפֿן צו אַ קרענק? ביי דיר איז דאָס אַנדערש, דו נעמסט די רפואה פון דיינע דאָרט אין דעם שראַנק וואו דו אַליין האַלסט זיי...

עס פלעגט טרעפן אַ קוריאָז, מ׳האָט מיין פאָטער גערופן צו אַ שווער געווינערין. געגאַנגען אַהין איז מיין מוטער, אָבער איר מע־דיצינישער וויסן האָט ניט געגרייכט צום ציל. דער מאַן פון דער יולדת פלעגט זיך באַווייזן צום צווייטן מאָל: — גוטער פריץ, האָב רחמנות, קום דו אויך, דו וועסט שטיין הינטער דער טיר, מיין ווייב גלויבט אַז דאָס וועט איר ליכט מאַכן די געבורט...

אַ פּאָסעסאָר פלעגט באַקומען אַ שם פון אַ גרויסן מומחה. צו אים פלעגן קומען קראַנקע פון שכנישע דערפער. ער און זיין פרוי האָבן באַקומען מתנות צופּאַסיק צום געשלעכט; אים האָט מען גע־בראַכט אַ האָן, איר אַ הון...

אַלס אָנדייט אויף דער מדרגה פונעם קראַנקן האָבן געדינט שנאַפּס און ווייסע חלה. האָט דער קראַנקער ניט פאַרטראָגן מער אַ שטיקל חלה: האָט דאָס געמיינט "דוזשע קעפּסקאַ", זייער שלעכט, האָט ער אָוועקגערדייט דאָס מויל פונעם קעלישאַק בראָנפן האָבן אַלע באַ־שלאָסן: — "ווימקאַ קינעץ", דער סוף...

אַלץ דאָס האָט אָבער ניט פאַריכט דעם פויערישן נוסח פון רעדן וועגן יידן: — "ווי גוט ער זאָל ניט זיין באַווייזט זיך צומאָל דער זשיד אין אים"...

— אַז די אינקוויזיציע האָט ניט געקאָנט דאָס אויסברענען פון יי, בלייבט שוין גאָרניט צום זאָגן. עס פעלט די קריסטלעכע נשמה...

איז דער דיאַק, דער מחבר פונעם דאָזיקן קלוגן אויספיר, באַלד אָפּגעגאַנגען, האָט דער פויער אים באַגלייט שטילערהייט מיט דעם פאַרוואורף אַז "אַ זשידיוווסקי נשמה האָט דער דיאַק אַליין אויך, ער רייסט די הויט פונעם פויער ווי אַ קאַם די האָר פונעם פערד"...

---

# קאפיטל זעכצן

אינעם שטעטל איז די יידישע באפעלקערונג אלעמאָל געווען אין איבערפלוס לגבי דער קריסטלעכער. אויסנאמען דערפון פלעגן טרעפן זייער זעלטן. די באזע פון יידישן האנדל צו מאכן חיונה איז לויט א שפּאסיקער אָפּשאצונג געווען "לופט", געמיינט באַדנלאָזע צופעליקע אונטערנעמונגען. על פּי רוב האָט דער ייד געיארידעוועט, האָט געסעזאנעוועט, האָט ארויסגעקוקט אויף א מציאה און א "גוטן סלור־משאי" (צופאל). דער פּאָזיטיווסטער איז געווען אינעם רוב דער קרעמערשער שיכט. געווען יידן מיט "פּאַרטיקע" פּרנסה'ס ווי, למשל, א ירושהדיקער איינפאַר, אזא שענק, אן ארענדע פון א ראַ־נאטקע וואו אזעלכע אָפּצאָלונגען האָבן עקזיסטירט. אינעם לעצטן סך הכל איז דער פּרצוף פונעם קליינעם יידישן שטעטל געווען א דלותדיקער. אָרעמקייט האָט זיך אָנגעזען אויף די בגדים פון דער מאסע, נאָך בולטער אויף אירע שיך. האָט מען דערבליקט א קליינ־הענדלער אינמיטן וואָך אָנגעטון אין א פיינערן אנצוג האָט דאָס געהייסן אז ער האָט "גענומען דעם שבת אויף אינדערוואָכן", דאָס האָט ביי לייט ארויסגעגריבלט א קרעכץ...

זיבעציק פּראָצענט פון דער יידישער באפעלקערונג אינעם שטעטל האָבן פארמאָגט "פּארכמורעטע" געזיכטער. אויגן מערסטנס מידע, שטערנס אין זאָרג־פאלטן, דער רוקן געהארבעט, בערד פון גאָטס באַ־

ראט און העלדזוער ווילד פארוואקסענע. אלץ האט זיך געענדערט בלויז צו א יום־טוב, א חתונה און צום באגעגענען דעם רבין. אין די אויסגערעכנטע פאלן זיינען ארויסגעקומען צו ווערן געזען קאפאטעס פון פאר פערציק יאר, די דאטע פון חתונה.

אלץ און אלע האבן געווארט אויף א נס, אויב נישט — נאכן 82־סטן יאר, — אויף אן אמעריקאנער דאלאר. דער אפטסטער טער־מין פארן נס איז ביי דעם מאסנמענטשן געווען דער דאנערשטיק צוליבן שבת. ווענן וואך האט מען געזאגט "פארדינען אויפן טאג", וועגן שבת — ארייגברייינגען אים. שבת איז געווען דערוואַרט ווי א רייכער קרוב. שבת האט דערמאנט אינעם רבונו של עולמס "כי טוב", עס קאן אויך א וואכנטאג זיין א גוטער טאג, אבער שבת מוז דאס זיין. גאט האט אין אים גערוט נאך א וואך ארבעט, זיין יידל נאך א וואך פון צרות און אנטוישונגען...

צי זיינען אין יידישע שטעטלעך געווען נגידים? — די בעסטע תשובה דערויף האט געגעבן דאס פאלק. "דער בעל שם הקדוש האט געפועלט ביי גאט ער זאל אים איבערגעבן אלע געלטער פונעם יידן. ווען ער האט געמאכט דעם חשבון פון כל ישראל און זיין פארמעגן איז אויסגעקומען צו פינף גילדן אויף א משפחה. דער בעל שם טוב האט אומגעקערט דעם רבונו של עולם זיין גאנצן גרויסן סכום: — טייל אויס, גאטעניו, ווי דו פארשטייסט...

א שטעטל ביי דער באן, אדער נאענט, מיט א סביבה פון פריי־צים, פאפעס, קסיאנדזעס, רייכצאליקע דערפער מיט א היבשן סכום "בעלי־גוף" (פארמעגלעכע) האט געשמט, געוועקט קנאה ביי די שלי־מערע לגבי פאזיציע. אזא שטעטל האט פארמאגט מער קוואלן צו היונה, געווען, למשל, קאמיסיאנערן צום פארלאדן סחורות און תבו־אות און צום אויסלאדן אנגעקומענע. א קאמיסיאנער האט געמוזט קענען שרייבן רוסיש, א ניט אפטע דערשיינונג. אזא שטעטל האט נעהאט אין שכנות א שנאפסרויעריי, גרעסערע מילן, צומאל א פאר גראבארניעס, א פאר אינדוסטריעס פרימיטיווע צום מאכן רעדער, פעסער, וכדומה. ווען יידן דאן ווייסן וועגן דער גרויסער וועלט וואלטן זיי אזוינע שטעטלעך גערופן "קליין מאנטשעסטער". נאר באזונדער ווען נאענט איז געווען א צוקערניע. יידן האבן געמסחרט

מיט איר, געזוכט באקאנטשאפט מיט א דירעקטאָר אירן, געקויפט דאָרטן זשאם, דאָס הייסט די אויסגעפרעסטע מאסע פון די צוקער־בוראקעס, און געהאָדעוועט בהמות צו דער שחיטה. געקויפט גרע־סערע פארטיעס צוקער צום איבערפארקויפן פאר שטעטלדיקן באקאַ־ליי־קרעמער און בכלל "געדרייט זיך ארום דער צוקערניע", פון דרייען זיך ארום אזא "גמאך" האָט זיך אויסגעדרייט א ביסל פרנסה...

אָרעמע שטעטלעך האָבן געשפּירט זיך ממש יחוס־לאז, פאר־ווינקלט, אָדער "פארוואָרפן". אזא שטעטל האָט געהאט גליק פון באקאנט ווערן אין דער וועלט נאָר ווען דאָס האָט געהייסן נאָכן רבין וועלכער איז דאָרטן גרויס געוואָרן, למשל — רוזשין, שפּאָלע, ראכ־מיסטריווקע, אלץ צוליב זייערע "גוטע יידן". בית המדרש יידן האָבן געשפּאסט: — ווען אברהם גייט ניט קיין חרן נאָר קיין זלוד־ניעווקע, שטייט זלודניעווקע אין דער תורה...

איין מעלה האָט געהאט דאָס פּיצעלע שטעטל אָן בארימטער שב־נהשאפט: דאָרט האָט א ייד מיט א טויזנט רובל דערגרייכט די שטו־פע פון גביר, ער האָט געמוזט בלויז זיין עטוואָס רייכער פאר אלע אנדערע און די קרוין האָט געקוט אויף זיינקאָפּ...

— האָט איר ביי זיך אינעם שטעטל עפּעס א גביר?

— אוודאי יאָ, ווי דען?

— וויפל פארמאָגט ער?

— קיין ראָטשילד איז ער ניט, נאָר דער רייכסטער ייד אויף גע־ווים...

— האָט פון אים דאָס שטעטל טובת הנאה?

— נא דיר א פראגע! ווען ניט ער וואָלטן מיר קיין וואוכערער ניט געהאט...

— האָט ער א סך הייזער?

— הייזער דארף ער האָבן? גענוג וואָס ער גייט איבער אלע הייז־זער איינמאָנען די וואוכערעס. יענער האלט דאָס גאנצע שטעטל אין דער זשמעניע...

— וויפל, א שטייגער, פאר א ציקאווועסט, פארמאָגט ער?

— גייט ציילט איבער. מע שאצט אים אין אריבער דרייטויזנט קערבלעך...

— דאָס איז אינגאנצן? נונו, אויך מיר א גביר!

דער אויסגעפּרעגטער פלעגט טון א זיפץ. ניט קלאָר געווען צי זיפצט ער אויף דער אָרעמקייט פון זיין גביר, אָדער דערויף וואָס ער נופא וואָלט זיך צופרידנגעשטעלט מיט אזא נגידישאפט.

דער ייד פלעגט זיך דערמונטערן אין א צוואנציק רגע'ס ארום.

— פונדעסטוועגן ליגן ביי אים אלע טייערע חפצים פונעם שטעטל, ניטאָ א זילבערנער לעפל וואָס זאָל בלייבן אין שופלאָד ביי זיין אייגנטימער...

ביי דעם וואוכערער, אגב, פלעגט א חומש זיין פארשריבן ביי די ברעגעם פון אלע סדרה'ס. דאָרט האָט ער פארצייכנט די טערמינען פון די וואוכערעס און דאָרט געמאכט סימנים פאר שלעכטע צאָלערס.

— דו האָסט שוין א סימן ביי מיר אין סדרה פנחס. היט זיך פאר וויטערדיקע סדרה'ס, זאָלסט ניט ארויספאלן, חלילה, פון דער תורה...

על פי רוב איז דער בעל־טאקסע געווען פון די וואוכערערס, דאָס האָט אים געגעבן די דעה אין אלע קהלשע ענינים און באוואָרנט מיט "גאלקעס" — שטימעס, — בעת וואלן פאר א בכבודיקער פאָזיציע. ער אויך איז געווען דער בעל־טובה אינעם שטעטל, זיינס א וואָרט ביי א פאָליצייאישן באאמטן האָט געראטעוועט פון א דריי רובל שטראָף פאר א "חטא"...

יידן פלעגן גיין אין דאָרף אָפּקויפן ביים פויער וואָס נאָר ער האָט געהאט צום פארקויפן. דאָך איבערפאָרן אין דאָרף צום וואוינען — דאָס האָט א ייד ניט געטון: "א דאָרף פארגרעבט", רייסט אָפּ פונעם בית המדרש, פון אן עליה, פון גיין פרייטיק אין מרחץ, פון אריבערכאפּן זיך צו א קבר פון א נאָענטן קרוב, מאלע וואָס? — א שטעטל איז א יידישער ענין.

דער גביר אינעם דאָרף, איבערהויפּט מיט א גוטן הארץ, איז אוו־דאי א זכות, אָבער פארבייטן אים אויף א יידן אין שטעטל וואָס פארגעסט ניט אָפּזאָגן יעדן טאָג א ספר תהלים קאָן מען ניט, בשום אופן ניט...

אינטערעסאנט איז דערביי דערמאנען אז דאָך האָבן יידן באקומען פאמיליען־נעמען דווקא דאָרפישע וואָס מוזן דינען פאר א סימן אז זיי האָבן געהאט צו טון ווענס מיט באָדן און פלאנץ. שווער ממש

זאָגן וועגן א בית־המדרש־יידן אז ער האָט געגאַרט צו הייסן רעמש־קעבלים, עפּלבוים, אקערמאַן, גאָרטנמאַכער, קרעטשמער, מעלניק און ענלעכע נעמען.

די באַפרייאונג פון פּויערים אין די זעכציקסטע יאָרן האָט "באַ־פרייט" אויך דעם יידן פונעם פויליש־פּריצישן יאָך און פון שענד־לעכער באהאנדלונג ווי שמייסן, ווערן געצוואונגען קריכן אויף אַלע פיר, נאָכמאַכן א שווים איבערן וואַסער, זינגען "מה יפית" און זיך לאָזן שלעפּן פאַר די פּאות. עס ווערט מעגלעך דערמיט צו דאַטירן דעם מאָמענט ווען יידן פאַנגען אָן באַזעצן זיך אין דאָרף ניט האָבנ־דיק מער מורא פארן פּריצ׳ם איזדיעקעווען זיך איבער אים, ניט צי־טערן פארן פּריצס לײַדנשאַפטלעכן בליק צו זיין פרוי און טעכטערל. דעמאָלט אויך איז געווים דערשינען דער יידישער פּאָסעסאָר. ביז דאַן האָט מיט מאַיאַנטקעס געוואַלטעט דער זשאַנצע. דער פּריץ גור־פּא איז געזעסן אין פאַרשידענע גרויסע שטעט און אָנגעפירט א "הוליאַשטשע" לעבן פון גרויסוועלט־תענוגים און זנות. פּירן אליין די באַלעבאַטישקייט איז גאָר געווען א דערנידערונג פאַרן גוטבאַזי־צער. זשאַנצעס האָבן געהאַט די ממשלה פונעם פּריץ איבערן פּויער און דעם סאַדיזם לגבי דעם יידן. זיי פלעגן שיקן דעם פּריץ כך וכך און אַלץ געפּרעטעט פאַר זיך, געגנבעט ווי ווייט מעגלעך ביי די רעכ־נונגען וואָס פלעגן געשיקט ווערן לפנים צום פּאַן. אפילו נעבעכ־דיקע פּריצים פלעגן פאַרברייגגען דעם רוב פונעם יאָר כאָטשבי אין זשיטאָמיערזש, אין לוואָוו (לעמבערג) אָדער קראַקאָוו. עס האָט געעקלט דעם "יאַסני פּאַן" צו האָבן דירעקטן קאָנטאַקט מיט זיין שקלאָוו, דער פּויער. און מיט באָדן בכלל: — "א צו שמוציקע אַר־בעט".

די פרייהייט פארן פּויער האָט געבראַכט צו נאָענטער באַרירונג צווישן אים און דעם יידן:

— מאָשקאַ, פּאַני מאָשקאַ, דו ווייסט דאָך אז פאַר מיר איז ניט קיין ענין צו פאַרנעמען זיך מיט ווירטשאַפט און האָבן צו טון מיטן מוזשיק וואָס דער צאַר האָט אים געמאַכט פאַר א פּריץ. דו האָסט דאָך געהאַנדלט מיט מיין זשאַנצע, פאַרשטייסט געווים דעם ענין פון באַלעבאַטעווען אין א מאַיאַנטעק, נעם אים אין פּאַכט, דו וועסט ניט

דארפן מיר שיקן פיל מער פארן זשאנצע. באררזא פראשע פאני מאָשקא...

ובכן האָבן יידן גענומען אין פאכט די גיטער ביי די פריצים. בעל־ניב פּאָליאקן זיינען כמעט ניט געווען. דעם פארמעגלעכן פויל איז דער פאך ניט אָנגעשטאנען, ניט געקומען צום אנשטויסן זיך וואָס קאָן דערפון ארויס. אָנגעשטויסן זיך דערויף האָבן יידן. דער פאכט־סכום איז, נאטירלעך, געווען רעלאטיוו קליין. די ערשטע פּאָסעסאָרן האָבן ניט חרטה געהאט אויף זייער נייער אונטערנעמונג, זיי האָבן קודם כל, אויסגערעכנט אז די שפּארזאמקייט אין שפּעזן, אויפמערק־זאמקייט צו ארבעט און באוואָרענען פון גנבה איז ווערט דעם סכום פון דער גנבה וואָס דער זשאנצע האָט געמאכט. דער חשבון האָט אויסגעטראָגן אין דער פראקטיק פיל מער. דער נייער פּאָסעסאָר האָט איינגעלאדן "נאמנים" (ערלעכע לייט) פון יידן צו דער ווירטשאפט, ער האָט באדונגען א גוטן פעלד־וויסער פון פּאָליאקן, גענומען אַן "עקאָנאָם" צום צוגרייטן דאָס פעלד, פארזייען און אָנפירן מיט אלע ארבעטן אין וועלכע דער ייד איז ניט געווען באקאנט. דער פּאָסעסאָר האָט פונעם עקאָנאָם געלינט, דער לעצטער האָט ארויסגעוויזן פאַ־ראכטונג צו די יידישע "עם הארצים" אין באדן־ווירטשאפט, אָבער די צייט און דער ציקל פון פארשידענע ארבעטן דורך די יאָר־סעזאָנען האָט דעם יידן שנעל אויסגעלערנט וואָס עס איז נויטיק, און נאָך מער, וואָס עס איז אומנויטיק. אינעם משך פונעם צווייטן יאָר איז דעו׳ עקאָנאָם שוין געווען מיט א קאָפּ נידעריקער פארן באלעבאָס, און אינעם דריטן יאָר גלייך מיט די יידישע נאמנים און שוין בלויז אויס־פירער פונעם פּאָסעסאָרס פּלאנען און פארמעסטן.

דער יידישער פּאָסעסאָר האָט קיין גדלות ניט באוויזן לגבי דעם פויער, דער לעצטער האָט דאָס געשעצט, און האָט אין חשבון גע־האלטן די פריינטשאפט פונעם זשיד וואָס האָט זיך אָפט מאניפעס־טירט אין דעם אינטערעס פארן פויערס שטיקל פעלד, און אינעם קליינעם פּיצוכט ביי אים. דער פּאָסעסאָר האָט געקויפט א ביק צום אויסבעסערן די ראסע פון זיינע בהמות, דער פויער האָט געשיקט זיינע קי אין הויף אריין צום זעלביקן צוועק. די נוצן פאר אים

האָבן זיך באלד ארויסגעצייגט, די פרישגעבוירענע ביקלעך און יאלו־אווקעס זיינען געװען גרעסער, קרעפטיקער און מער ווערט.

פון אָנפאנג האָבן יידן אין שטעטל ניט געהאט קיין חשק צו דינ־נען אין א פּאָסעסיע. די מורא פאר ווערן־פארגויאישט אינעם דאָרף האָט איבערגעוואויגן די מעלות טובות פון באזעצן אזא שטעלע. גע־גאנגען דינען אין פּאָסעסיע זיינען ארעמעלייט ממש וואָס האָבן גע־טויגט בלויז צו שווערער ארבעט. שפּעטער, ווען דער אָרעמער ייד פון שטעטל האָט דערזען דעם זאטן נאמן, זיין אויסזען "ווי א מענטש", דערוואוסט זיך אז דער נאמן באהעלפט אן אָרעמער שוועס־טער אין שטעטל מיט קארטאָפל, גארטנווארג, שמאלץ אויף פסח, פּאסליעד צום האָדעווען א הינדל ביי דער שטוב, האָט ער, דער שטאָ־טישער, פארבויגן דעם יחוס פון קאָנען דאווענען א מעריב בצבור אין קלויז און אָנגעהויבן זוכן א פּלאץ ביים פּאָסעסאָר...

— זע נאָר ווי דער פּנים ביי אים איז אָפּגעברענט און ווי דער אויסזען איז ביי אים ווי, להבדיל, ביים פּויער...

— פאר וואָס זעסטו ניט — האָט די אשה געפרעגט, — ווי זיינע קינדערלעך זעען אויס, ממש א מחיה. און פאר וואָס הערסטו ניט ווי אונדזער שכנה בענטשט דעם ברודער אין דאָרף דערפאר וואָס ער האָט גענומען צו זיך אויף פּאָפּראווקע דאָס דעבעוויטשנע ייִנגעלע אירס?

זונטיק איז אין שטעטל געקומען אמאָל דער, אמאָל יענער נאמן זיך זען מיט קרובים. ער איז געוועז צו מנחה אין בית המדרש דער ראש המדברים, דערציילט נפלאות וואָס זיינען צום שטאָט־יידן ניט געווען באקאנט, גערעדט דערפון ווי די ארבעט ביי ערד מאכט קיי־נעמנים קיין קאָנקורענץ. צו שפּאס דערציילט ווי ער טוט נאָך יצחק אבינו, ער שטעלט זיך אוועק צווישן די סנאפּעס און דאווענט אָפּ א מנחה. און ער פילט אזא טייערן טעם אין די ווערטער "ברך עלינו את השנה הזאת ואת כל מיני תבואתה", בענטש אונדז דאָס יאָר מיט אלע אירע תבואות. "פון די תבואות שפּייזט זיך די גאנצע וועלט; איין קלייניקייט! א?"...

— הער נאָר, הער! — האָבן יידן איבערגעוואָרפן זיך מיט באמער־קונגען, — ער איז גאָר געוואָרן א למדן אין דאָרף...

— נו, יאָ, — האָט דער נאמן צוגעוואָרפן, — א יאָר מיט זאטע שבתים און ימים טובים. און ניט זייער זעלטן אן אורח, א פיינעם יידן פון די תבואה־סוחרים צום טיש שבת. ווען האָב איך דאָס גע־קאָנט באוויייזן אין שטאָט?...

אָרעמע יידן האָבן מקנא געווען. איין קלייניקייט! האָבן ביים טיש אן אורח אויף שבת, א ייד א קבצן מיט אן אורח ביים טיש!...

— און יאקאש באגעגנט מען זיך מיט אן אוריאדניק, א סטארשינא, און מע טרינקט מיט אים א ביר, מע טרינקט און מע פועלט אוים א טובה פאר אן ארעמער קרובה וואָס ליידט פון א פראָטאָקאָל פאר א ווייס איך וואָס. א רובל שטראָף! דאָס איז דאָך אן אומגליק...

— אָבער פארן ביר ווער צאָלט? ניט דער יון...

ביזט א קליינשטעטלדיקער פלאכט, ביזטו! דורך דעם גלאָז ביר ווער איך דאָך גוטברודער מיט אים, עס קאָן דאָך א יידן צונוץ קומען...

די שכירות אין געלט וואָס דער "מענטש" האָט באקומען ביים פּאָסעסאָר זיינען געווען לעבערלעך קליין. דאָס מערסטע פלעגט בא־קומען דער עקאָנאָם (פארגרייזט אוקאמאן), ביז 130 רובל יערלעך. אלע אנדערע קוים נאָענט צו הונדערט. אָבער די צוגאבן האָבן אָרי־בערגעשטיגן אלע געלטער. אין פארשידענע תבואות האָט דער נאמן באקומען יערלעך איבער פינפהונדערט קילאָ. ביי 150 קילאָ אפּפאל פון דער גערייניקטער תבואה. דאָס האָט אים דערמעגלעכט האָדע־ווען, צום עסן און פארקויף, גענדז און עופות. הינטער דער שטוב א גאָרטן מיט גרינצייג אויפן יאָר פארן געזינט, אין פעלד א גרויסער שטח באָדן צום פלאנצן קארטאָפל, בוראקעס, קרויט, בעבלעך, ארבעס, און אוגערקעס צום זייערן, סיי פאר זיך, סיי פאר קרובים אינעם שטעטל. אלץ דאָס האָט געהאלטן די פאמיליע פונעם נאמן אין גו־טער זעט און דערמעגלעכט צו העלפן אייגענע און אפילו מנדב זיין פאר אָרעמעלייט אינעם שטעטל...

פון די פּאָר קי צום מעלקן וואָס א נאמן האָט געמעגט האָבן אי־נעם הויף האָט ער געהאט פּוטער, סמעטענע און קעז די והותר. די קינדער האָבן אויסגעזען געזונט און רייצנדיק פארביק. דאָס דאָרף האָט דעם נאמן געגעבן הרחבה.

דעם "גן עדן" אויף דער וועלט האָט דער "מענטש" ביים פאַ־סעסאָר ניט געהאט, דער באַלעבאָס האָט געוויינלעך אָפט געשריען אויפן מענטשן, צומאָל פאר א געמאכטן פעלער, און צומאָל ווייל אויף א "מענטשן" קאָן מען שרייען. א באַלעבאָס באדארף דאָס טון כדי דער "מענטש" זאָל זיך ניט "פארגעסן". די נאמנ'טע האָט געהאט פארדרוס: — פאר וואָס שווייגסטו ווי א פארדנאַעוועטער פאס? האָסט דען קיין פּיסק ניט?...

— נארישע יידענע, — האָט דער מאַן על פּי רוב געענטפערט, — ער איז דאָך א באַלעבאָס, שרייט ער. ווער דען זאָל שרייען, איך אויף אים?...

—ער וועט דאָך מיינען אז דו ביזט אַן אייזל, ביזטו!...

— ער וועט ניט מיינען, ער האָט דערפון, מן הסתם, א קאָפּ נחת, נו זאָל איך אים ניט פארגונען?...

דער צופרידענער צד איז געווען אימער דער מאַן, ער האָט אין דארף אויף זיין פּאָסטן דערשפּירט זיך שטארק. זיין יידענע האָט אונ־טערגעביינקט אין שטעטל אריין נאָך פריזבע־שמועסן, נאָכן מארק, נאָכן באַגעגענען פרייטיק־צו־נאכט דעם מאַן קומענדיק פון שיל, מיטן ברייטן "שלום עליכם"...

צו גוטן דערמאַן איך א טיפּיש שטעטלדיקן יידן, בונים, וועלכער איז געווען א נאמן ביי מיין פאָטער, ער האָט ארויסגעוואויגן תבואות און אויסגעצאָלט ארבעטערס. ער פלעגט איינטייטשן דעם "הארץ נתן לבני אדם", די ערד האָט גאָט געגעבן צום מענטשן, צו סטעפּאַ־נען, הייסט עס, צו איוואַנען, און בונימען ניט, בונים — קומט אויס, — דארף נאָר האנדלען מיט איוואַנס פלאַקס און איוואַנס געגנדז, און וואָס נאָך מעג בונים? זאָגן קינות תשעה באב...

---

# קאפיטל זיבעצן

ווי שוין געזאָגט זיינען יידישע פּאָסעסאָרן געווען גינסטיק פאַרן דאָרף און פאַרן שטעטל. דער רב, שוחט, דיין, למדן אָן פּרנסה, מיוחסדיקע קצבה־נעמערס, אויסגעוואַקסענע שדכנים און מעקלערס, גבאיטעס, חברה־נושאי־לייט און אַלע ענלעכע — אַלע זיי האָבן לייכ־טער געאָטעמט אין א סביבה פון יידישע פּאָסעסיעס. א גוטפאַכטער וואָס האָט געקאָרגט די טובה פאַרן נויטבאַדערפטיקן איז פּשוט ניט צו געדענקען. איז זיין האַנט געווען צוגעמאַכט לגבי נדבות, איז דאָך זיין טיר געשטאַנען אָפן פאַר וואַנדער־סוחרים און דורכפאָרערס. איינ־צייטיק מיטן מאַן האָט פילאַנטראָפּיש אַקטואירט אויף די פּאָסע־סאַרקע, זי האָט בכלל געהאַט מער אַמביציע צו זיין "פּריצה" און האָבן א נאָמען פון א צדקניות. אויך דעם פּאָסעסאָר האָט דאָס שטעטל ניט געקאָרגט שבחים, אָבער זיין אשה פלעגט מען פּשוט דערהויבן. די קרוינונג פון שבחים פאַר א פּאָסעסאָר פלעגט קומען "פון אויבן", פונעם רבין וואָס האָט "געקיניגט" אין יענעם קרייז פון שטעט. האָט דער רבי א זאָג געטון "א וואַזשנער ייד" איז די פּאָזיציע געוואָרן געזיכערט אויף לאַנגע צייטן. צו אַזא האָט דער רבי צוגעשיקט א חסיד א יורד און ער איז געהאָלפן געוואָרן. דער "וואַזשנער" האָט גערופן צו הילף אַנדערע פּאָסעסאָרן, קאַנדידאַטן אויפן רבינס לויב און זיי האָבן דעם ענין דורכגעפירט — שטיל,

בצניעות, כדי ניט פארשעמען דעם רבינס א מקורב. אזוי אויך פלעגט א רבי אקטואירן צום אויפקלערן א שקר־בלבול, ראטעווען פון פּאַניעס העננט א חשובן בחור ווען עס האָט געדראָט "דער טריפהנער קעסל אינעם פולק". א פארזעסענע מיידל אין א בכבודיקער משפחה איז אויך אזוי געהאָלפן געווען.

עס איז ליב צו דערמאנען דעם פּעריאָד פון יידישע פּאַסעסאָרן, דאָס איז געווען א ליכטיקער פּאַס אינעם גלות־לעבן. געווען, אפשר, דער היסטאָריש־באשערטער צוגרייט פון יידן פאר באָדן־באארבע־טונג, פאר אויסלעבן דעם לאנג אויסגעלאָשענעם אופן פון פּאָלקס עקזיסטענץ — עבודת אדמה...

געווען פּאַסעסאָרן וואָס האָבן איינגעפירט מילכעקרייען צו מסחר, ביי זיי האָט זיך די תרומה פארן נויטבאדערפטיקן ניט אָנגעזען. גע־ווען אָבער איז דער מנהג צו היטן זיך פון געגעזן ווערן אין עשירות דורך פארקויפן פּוטער, קעז און אלץ פונעם געמעלק, מחוץ פון אן איבערפּראָדוקציע לגבי דעם פארברויך. דעם שדה האָבן גענעבן קי. פון זיי האָט זיך געשעפּטלעך געפּאָדערט א צוואוואוקס פון קעלבער און א פארמערונג פון מיסט פאר די פעלדער. דער עודף איז אוועק אויף משפחה, אויף כלי־קודש אין די סביבה־שטעטלעך, פאר חשובע ארעמעלייט, און בכלל פאר נויטבאדערפטי־קע. אזא אויך איז געווען די כונה פון פרעגלען א סאך איינגעמאכטס. אויפשטעלן פיל ווישניאק, דרעניאק און ענלעכע פרוכט־סאָקן. דער־מיט האָט מען געהאט אין זינען קראנקע און קינפּעטאָרנס. בכלל איז מילכיקס געווען פארן נויטבאדערפטיקן די זומער ברכה, און פלייש די ווינטער־ברכה. גענדז געהאדעוועטע זיינען פאר משפחה געווען דער יומטוב "איגמיטנדרינען", גענדז אין "אפדירקעס", געמיינט א נעם שמאלץ, פאר אָרעמע געזינדן. די האָרעוואניע ביים מאכן און פרעגלען איז געווען גרוים, אָבער זי האָט דער פּאַסעסארקע און דער דאָרף־יידינע געמאכט דעם שיינעם שם. עס פלעגט דארויף אָנגיין א קאָנקורענץ צווישן די אמביציעזע נשים. פארקויפן הינער, גענדז, קאטשקעס און ענדיקעס האָט ניט געפּאסט, ניט אָנגעשטאנען, אויב עס איז ניט געווען א כוונה פון מאכן דערפון געשעפט לשם רייך ווערן. אין א גוטן יאָר פלעגן די שטעטלדיקע יידן באמת האנדלען

מציאות ביים פּאַסעסאָר אינעם אָפּפאַל פון גערייניקטער תבואה, אין קאַרטאָפל און בעבלעך, אין שטרוי און פּלעווע. אפילו אין פּרובטן אויב נאָר דער גאָרטן איז ניט פאַרקויפט געווען.

— דאָס אַלץ קומט דאָך אָן איבעריקער טרחה, רק צו מאַכן ליבער דאָס לעבן פון א יידן אין דאָרף. מ׳איז דאָך אָפּגעריסן פון גוטער יידישקייט מיט א שול, מיט א יידישער סביבה; — אזוי האָבן דאָס דאָרף־יידן מפרש געווען.

אויך די אָרעמע פרוי אין דאָרף האָט געשטרעבט צו מעשים טובים. דער דאָרפישער שפּרוך פון אזעלכע ווייבער זאָל ניט פאַרפאַלן גיין פאַר אונדזער פאָלקלאָר. איך געדענק אים ביז היינט מיט ליבע: —

— א קליינער מזל מיט גרויסע השגות. אין א קליין הייזעלע לויפן איך ארום מייזעלעך. אינעם זכות פון א קליין עפּעלע ווערט אביסל איינגעמאַכטס אין טעפּעלע, און דער זכות פון מחיה זיין אן אָרעמאַן מיט א ביסעלע יושקע איז גלייך מיט די פּאָר גראָשנדלעך אין רב מאיר בעל הנס׳ם פּושקע...

איך ציטיר דאָס נאָך דער יידענע פון אונדזערן א נאָמען. זי האָט געהאַט א שם אין צען דערפער: — אשלאָק פון גאָט, נאָר א גרויסע גראַמען־זאָגערקע...

הלוואי וואָלטן געווען פאַרצייכנט די ווערטלעך פון די דאָרף־יידן. זיי זיינען, ליידער, פאַרשוואונדן געוואָרן מיטן לעצטן יידן וואָס האָט געמעגט וואוינען אין דאָרף נאָר ניט געקאָנט דאָס מער צוליב אויפ־גערייצטן אנטיסעמיטיזם...

— אז א דעכעוויטשנער טרינקט מילך פון דער ״דיקע״ (קו־ברוסט) קריכט ער ארויס פון דער מיקע (מאַטערניש, אין אוקראַיניש ״מוקא״).

יאַדושליווע (אזמאַטיקער) האָבן געהאַט חזקה אויפן דאָרף, ווען אנאנדערער קראַנקער האָט זיך געבעטן אהין האָט דער יאַדושליווער געכאָדערט: — דאָס דאָרף איז דאָך באַשאַפן געוואָרן פאַר מיר, און גאָט האָט געהאָלפן צו האָבן יידישע פּאַסעסאָרעס האָט ער דאָס געטון פאַר אונדזערטוועגן...

דער רוב פון יאַדושליווע פּלעגט זיינצווישן כלי־קודש,זיי פּלעגן ניט אויסשטיין אפילו א שמונה־עשרה אָן פאַרהוסטן זיך אינמיטן ביז צום קייכן. דאָקטוירים פּלעגן דאָס דערקלערן דערמיט וואָס דער

שיכט יידן האָט געוואוינט על פי רוב אין דער „שיל־גאס", אָדער ארום די קלויזן וואו דער אויר איז געווען פארפעסטעט דורך די ארומגענעצטע מזרח־ווענט פון די דאָזיקע בתי־תפלה. די נשים פון א דארף צוגלייך מיט דער פּאָסעסארקע האָבן „וועלטן איינגעלייגט" צו מאכן דעם קראנקן עולם פאר „מענטשן". פּוטער, סמעטענע, וואַרעניקעס מיט קעז, שווימענדיקע (אין פּוטער), מילך פונעם געמעלק, טאקע ממש פון דער קו אין גלאָז אריין, — אלץ רעטונג־מיטלען פאר „די לייט, משטיינגעזאָגט"...

— און פארן מאָגן אויך, — האָט צוגעגעבן א הוסטנדיקער משכיל. ער האָט אויסגעלייענט אויפן בלאָט צייטונג אז אלץ וואָס קימט ארויס פונעם אייטער מאכט פונעם שלימסטן מאָגן „א וואלצאווע מיל", און וועלכער וואָס מע שיט אהין אריין ווערט דערפון גאָלד...

די כלי קודש גופא האָבן געפסקנט אז זומער טאָר מען „על פּי דין" ניט לייגן גריוון אין וואַרעניקעס, דער זמן איז א מילכיקער, והכל לפי הזמן. עס איז ווי מע וואָלט אין ספירה־טעג געדונגען קלעזמער און געגאַנגען טאנצן. משמעות, אז ווינטער איז דערזעלביקער דין מיט וואַרעניקעס לגבי קעז. דער אסור דערויף איז אויך לפי הזמן.

ווינטערדיקע אורחים זיינען געווען גאָר אנדערע, ווי גלייך זיי וואָלטן ווערן אָנגעטראָגן פון זאַווערוכעס. אויף זיי האָט געוואַרט דער פּאָסעסאָר. געקומען דער מעמדות־ייד פונעם רבין, דער שדכן צו רעדן שדוכים, ווייל זומער האָט מען דערצו ניט די צייט. ווינטער זיינען געקומען „יורדים" צום אויסרוען די ביינער און האָט אָנגעוויטיקטע הארץ. ווינטער האָט געבראכט נשרפים פון א שטאָט וואָס „האָט א טבע" צו ברענען יעדן דריטן יאָר. דאָס איז געקומען פון א רבינס קללה. ווינטער פלעגן ארומפאָרן „אייניקלעך" פון אויסגעלאָשענע רבישע דינאסטיעס. ווינטער — ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאטן, זינגערס פון מענער וואָס האָבן איבערגעלאָזט עגונות, די „בריגאדע" פון רב מאיר בעל־הנס'ס שליחים, פארקויפערס פון זעקעלעך מיט ארץ־ישראל־ערד. אלץ ווינטער.

אלע די אויסגערעכנטע אורחים זיינען געווען דערציילערס פון באַרשידענע מעשות, אינטערעסאַנטע און לאַנגע. גוט פאר ווינטערנעכט. עס פלעגן צום פּאָסעסאָר קומען, כמעט, אלע יידן פונעם דארף

טרינקען טיי מיט שטיקעלעך צוקער אין מויל. מתחלה האָבן די ייִדן, ערשט פון דער קעלט אריינגעקומענע, געהאלטן די הייסע גלאָז טיי צווישן די דלאָניעס פוןביידע הענט און געבריט זיך, געקאַטשעט דאָס גלאָז אהער און אהין. דער אורח האָט דערציילט און עטלעכע אזוינע טיי־זופּערס האָבן געלאָזט הערן דעם אריינצי פונעם אָטעם דורך דער פּליסיקייט, אָפּשטעלנדיק זיך אויף רגעלעך, מאכנדיק "א־א־א", ניט אוועקנעמענדיק די אויגן פונעם אורחס ליפּן...

אַלע אויסגערעכנטע אורחים האָבן זיך "געצויגן אויף שבת" אין דאָרף אריין. א "לכו נרננה" אין יענע ווינטערדיקע פרייטיק־צו־נאכטסן האָט געטון א ווארעם דעם עולם ווי א שאָפּענער פּעלץ. די זמירות צווישן די פאַרפרוירענע שויבן אונטערן צוברום פונעם דרויסנ־דיקן ווינט — יו־או־ו, זיינען געווען אַן אָרקעסטער וואָס א קיסר אפילו האָט קיינמאָל ניט געהערט...

דער אויסלייזדיקער פון רב מאיר בעל הנס׳ם פּושקעס, אימער אי־נעם אויסזען א בייכיקער ייד, פלעגט זאָגן: — איך האָב אים ליב, דעם ווינטערדיקן שבת אין דאָרף, ער איז מיר א וואַטאַווער שבת און טראָגט מיט זיך יענע נשמה יתירה, א לאַקשענע, א שווימענדיקע אין שמאַלץ, אַן אויסגעפּרעגלטע אינעם טשאָלנט וואָס איז מרמז אויף דער ערשטער סעודה לעתיד לבוא ווען מע וועט מכבד זיין משיחן און אים זינגען — אָף על פּי! אַף על פּי! כאָטש אזוי, דווקא אזוי...

עס איז ניט אַלעמאָל געווען דער ייד פון רב מאירן. געקאָנט האָט ער זיין פון די זעקעלעך ארץ־ישראל־ערד, אָבער געפעלט האָט ער קיינמאָל ניט צום טיש, אין דאָרף, ביים פּאָסעסאָר, אין א ברומענ־דיקער ווינטערנאַכט וואָס האָט זיך געטוליעט צו דער הרובע און געזונגען "רזא דשבת"...

זונטיק אינעם פרימאָרגן זיינען אַלע אורחים אויפגעשטאַנען שפּעט, אַלעמאָל שפּעט: — דער מאָגן האָט ניט פאַרטראָגן דעם דאָזיקן שבת, דער דאָזיקער מאָגן האָט געהאט רגילות צו אנדערע שבתים, מאָגע־רימשקע, אויך וואוילינקע, אָבער עדל־געפּאַטשקעטע ווי אין שטעטל כפי מנהג ישראל...

— ווייַ איז די יידישע שונאים! — האָט אויסגערופן די באַלעבאָס־טע; — ווער טרייבט אייך דען? איר זענט דאָך אין א יידישער

שטוב, איר וועט קומען צו זיך, מערטשאשעם, וועט איר פאָרן ווײ־טער...

— טאקע אזוי, — האָט צוגעחתמעט דער פּאָסעסאָר. און איינער פון די אורחים, געווים א סטיליסטיקער, ער האָט פארשטאנען וואָס צו ענטפערן דערויף.

— חלילה! ווער איז דען וועמען חושד אז מע טרייבט? אדרבא, דער חשד איז אז מע וויל אונדז ברצון גדול. "סערו לבכם ואחר תעבורו", עסט זיך אן קודם, האָט אברהם אבינו געזאָגט צו די מלא־כים. און נאָכדעם וועט איר פאָרן...

עולם איז פארבליבן מער מיט א פּאָר טעג, די טעג אליין פלעגן האָבן זייער חשבון צו ציען זיך אזוי אז אָנקומען זאָל מען צום שכנהשן פּאָסעסאָר טאקע ווידער א פּאָר טעג קודם שבת און... וואָס דער־ווארט איר דערפון מער? שבת, און ווינטער, און ביי א יידישן פּאָ־סעסאָר, עס איז געווען באמת מנוחה ושמחה...

א באזונדערן שטריך האָב איך פארגעסן צו פארצייכענען: — "דער דאָקטאָר" האָט אלעמען געהייסן טרונקען רק "ניינציקער"... רק! און טאָמער פארהוסט זיך עמיצער דערפון זיינען ביידע זאכן "א רגילות", אי דער טרונק, אי דער הוסט...

— אפשר אייך געבן "פערציקער", פאראן ביי אונדז...

— ניין, באלעבאָסטע טייערע, פערציקער איז א גויאישער עסק; ניינציקער שאדט ניט און ער היילט...

מיינע אן עלטערמוטער, א מלומדת אין אלע "זשארגאָנישע פרומע ספרים" האָט ממציא געווען א מימרא אז אָט אזוינע יידן ליינען ציגל אין פונדאמענט אריין, ניט נאָר פאר דער שטול אין גן עדן פון איר מאנס וועגן, נאָר אויך פאר איר פוסביינקעלע אויף וועלכן זי וועט, מיט גאָטס זיינער הילף, זיצן איבער הונדערט יאָר...

דער טאָג ווי דער טאָג, ער האָט געדינט צום דאווענען, צו טון א קרעכץ אויף צרות ישראל, אויף אייגענע, נאָר דער אָוונט איז גע־ווען די בעסערע העלפט פונעם מעת לעת. דער סאמאָוואר האָט אין קיך נאָך אָנגעזשליאקעט זיך מיט "היים בלוט" און שפעטער, שטייענ־דיק אויפן טיש אין דער גרויסער שטוב, געזאָדן אויף "שפיכות דמים" וואָס אלע דערלויבן זיך לגבי אים. אָבער — פלעגט א ייד א שפּאַסער

איב פארענטפערן, — ער לאָזט זיך צאפּן. די הרובע מיטן אָנגע־בלאָזענעם בויך אירן האָט מען ניט געלאָזט א קוק טון וואָס אין שטוב טוט זיך, אלע ווייל האָט זי געגלעט אנאנדערע פּלייצע און גע־מאכט — א־א־א...

די לאָמפּן, די העסעדיקע, אויף דער וואנט און דער, נעבעך, הענ־גענדיקער האָבן באפוילן "יהי אור!" עס האָט געבליאסקעט ממש כאור החמה, ווי א זומער־זון. און "געשעכטעס" האָבן געיאָגט איי־נע די אנדערע, איינע די אנדערע, א שפע צום באוואונדערן. די מע־שות זיינען געווען פול מיט נסים, מיט אומדערוואַרטע גליקן, פול מיט פּלוצימס אזעלכע וואָס פירן ארויס דעם ערלעכן יידן אויפן גע־פלאסטערטן טראקט וואו קיין שום סכנה טרעפט אים ניט...

גאָר באזונדערע חשיבות האָט אין דאָרף געהאט דער שדכן. אין שטעטל האָט א טאטע פון קינדער טאָגטעגלעך באגעגנט דעם מלאך שדכניאלס אגענט, מיט זיין ביכעלע פון חתן־כלה־נעמען, אין דאָרף איז דער שדכן געווען א זעלטענער גאסט. איך וועל דאָ אים שילדערן פאר אייך.

פארן פּאסעסאָרס הויף האָט זיך באוויזן א גויאיש פורל מיט א יידן און זיין צעריסענעם רענצל, געבונדן מכל הצדדים. ווער עס האָט אויפן פענסטער ארויסגעקוקט האָט געמוזט באמערקן אז דער ייד איז אָנגעטאָן אין צוויי סעקלעך, איינס איבערן אנדערן, אז דער קאשקעט אויפן קאָפּ איז זייער אָפּגעטראָגן, און די פּלייצע איז באַ־דעקט מיט א אָפּגעבליאקעוועטן גרינגעווארענעם שאַל. א פּראקטי־שער מענטש האָט אויסגעשריען: — א שדכן!...

—קומט אריין רב ייד, קומט אריין, — דאָס האָט אין א צופרידע־נעם טאָן גערופן די ווירטין.

— יאָ, א גוט העלף אייך, איך בין דאָ, נאָר מע מוז באצאָלן דעם פויער פארן ווענ...

עמיצער האָט זיך צעצאָלט, דער שדכן האָט געוואָרפן אויגן אויף די כלי־בית, דערזען א פּאָר שיינע יידן אין ראמען איבער דער וואנט, געבליבן שטיין ווי זוכנדיק עפּעס...

— זעצט, רב ייד, איר ווילט דאָך געווים א גלאָז טיי מיט א צוביים?

— יאָ, אוודאי, אָבער וואו זיינען אייערע קינדער, זאָלן מאריך ימים זיין?

— איך האָב אָבער פארשטאנען אז איר מוזט זיין א שדכן...

— מוזן מוז איך ניט, פריצה, נאָר מיך האָט א רבי געמאכט פאר א שדכן: — וואָס דרייסטו זיך, פרעגט ער, דו ווערסט זיך דען אויס־דרייען? דיך וויל דער מלאך פאר זיין שליח. זאָג איך — רבי, אויב איר זעט דאָס נעם איך דאָס אָן נאָר איין תנאי, מיינע שדוכים זאָלן געבענטשט זיין מיט אריכות ימים און עשירות. דער רבי האָט דאָס מיר צוגעזאָגט, פון דעמאָלט אָן בין איך שדכן...

די באַלעבאָסטע האָט געהערט אויפמערקזאם און דערווייל גע־שפרייט דעם טישטוך, אויסגעשטעלט די טעלער מיט דעם געשיר...

דער שדכן האָט געגעסן און גערעדט. מער געגעסן און אלץ מער גע־רעדט. דער יידל איז בכלל געווען פון יענע וואָס אייביק קלעמט זיי "אונטערן לעפעלע". אייביק מוזן זיי "קודם באנעצן דעם גאָרגל מיט א שנאפס" כדי דאָס עסן זאָל האָבן א "גלאַטן שליטוועג"...

מיטן ענדיקן פונעם עסן איז די מערכה געווען אויסגעשטעלט ביז נאָך שבת, אָדער נאָך א צוויי דריי טעג כדי ער זאָל קאָנען אויסשמועסן זיך מיטן בחורל, אָדער מיט דער בתולה, און מיט דער באַלעבאָסטע גופא צו וויסן וואָס וויל זי, און מיט דעם פּאָסעסאָר גופא כדי וויסן וואָס ער וויל...

א וואָך שפעטער איז דער שדכן געווען "א גאנצער באַלעבאָס" אין שטוב ביים פּאָסעסאָר, געפאָרן יעדן טאָג צו דער באַן, אָדער אלץ אין אנאנדערן שטעטל צו זען לייט און געוואָר ווערן וועמען, נעבעך, דארט דער קאָפּ וייגן א שדוך מיט א קינד. צו די אכט טעג האָט ער געליען ביים באַלעבאָס א דרייפירדובל און אָפּגעשיקט דער פלו־נית: — זאָל זי וויסן אז איך האַלט זי אין דער מחשבה. געווּט האָט א שדכן אין אזא מקום פיין, און געזוכט צו פּאפּראָווען דאָס געזונט, אָבער געאַרבעט אויך, ער האָט בכל יום אָפּגעשיקט דורך פּאָסט א דריי פיר בריוו, מארקעס צו זיי האָט ער גענומען ביים קינפּטיקן מחותן. ביז ער איז באמת "רעכטיק" באַקאַנט געוואָרן מיט דעם בן, אָדער בת, און דערוואוסט זיך דעם ווילן פון ביידע, פאָטער און מו־טער, און אלע תנאים וועגן נדן, קעסט, וועגן יחוס. צו די צוויי וואָכן

פלעגט א שדכן על פי רוב אפפארן אין איילעניש, כאפנדיק ביים פּאַ־כעסאַר א שטיקל גמילות חסד, אלץ צו צייגן זיינער אז ער פאַר־געסט ניט אָן איר, און דערצו נעמען אויף הוצאות...

— איך קאָן דאָך ניט אוועקזעצן זיך ביי אייך אויף קעסט פון נאָך פּסח ביז פאַר פּסח...

האָט א שדכן אָנגעטראָפן צו א קינדערלאָזן איז די ארבעט זיינע געווען א הארבערע. זי, מערסטנס, האָט געוואָלט חתונה מאכן א פּאָר פּלימעניצעס פון א שוועסטער, א ברודער, און דער מאן האָט דערפון ווייניק געטראכט. דער שדכן האָט דערציילט א ים מיט מע־שות וועגן אזעלכע שדוכים וואָס ער האָט אויסגעפירט און עס איז אלץ געקומען צו ברכה און צו גרעסערער עשירות ביי דעם קינדער־לאָזן...

אָפּגעפאָרן איז א שדכן צו דער סטאַציע, אָדער אין א ווייטערן שטעטל פיל באקוועמער און שענער איידער ער איז אָנגעקומען. דעם פּאַסעסאַרם בריטשקע האָט אים געפירט און אויף דער בריטשקע איז מיטגעפאָרן א פּעקל, א מין מתנה פון דער פּאַסעסאַרקע. באזונדער האָט דאָס בחורל, אָדער מיידל, מיטגעגעבן פּאַפּיר מיט קאָנווערטן א סך, עטלעכע פענעס און א פּאָר שרייבפענדלעך...

לאָזט מיך איצטער שילדערן צו ביסעלעך אנדערע לייט אין מיין צעטל צו זכרונם לברכה. למשל דעם רבינס משולח נאָך מעמדות (שמייערן). ס'רוב זיינען זיי געווען קלוגע יידן וואָס זאָלן קאָנען אויסקומען מיט פאַרשידענע סאָרטן חסידים און גלאט צאָלערס, מחמת אָפּזאָגן זיך פון אזא פּאָדערונג האָט אין יענע צייטן ניט געפּאסט. די מעמדותניקעס האָבן געקענט לערנען, געווען באהאוונט אין א לשון־קודשדיקער ציימונג, געוואוסט וואָס איז השכלה און ביי עפּעס א וכוח'ל מיט אזא מין צאָלער "נאָכגעגעבן" צוביסלעך, אָבער אָנ־געשטאנען דערויף אז דער רבי איז א פּראַקטישער בעל־יועץ.

— זאָגט, רב פּלוני, איר זיינע דאָך דאָרט ביים סאמע צאפּן, איז טאקע פאראנען עפּעס נסימדיקס, אָדער נסתרדיקס אין זיי?...

דער ייד פלעגט א שמייכל טון און ענטפערן מיט, כמעט, א סטע־רעאָטיפּ: — משרתיו שואלים זה לזה איה (פון "קדושה"), די משרתים פונעם רבין, זאָל לעבן, פרעגן דערויף פּונקט אזוי ווי איר...

א באזונדערע צדקות לגבי מצות באקן האָבן געהאט אין זיך דאָר־פישע פרויען. באלד נאָך פורים פלעגן זיי פאָרן, מערסטנס, מיט דער פאָסעסארקע צוזאמען, און פירן פאר די ארבעטערס בײַ די מצות כל טוב. דייזשקעס מיט פוטער, קעז און טעפּ מיט סמעטענע. אלע מעגלעכע אָפּשפּארונגען אין בגדים און וועש. צוביסלעך געלט פאר אן אומגליקלעכער וואָס האט א שטוב מיט קליינוואַרג, א פארזעסענע מיידל אָן האָפענונג אָדער האָט ניט צו צאָלן שׂכר למוד פאר א פּאָר יינגעלעך. די מעשׂים־טובים פון דאָרפישע פרויען אין דער צייט פון מצות באקן איז געווען א וואונדערבארער קאפיטל אין דער כל־ישׂראל־דיקער מיזעריע...

דאָרפישע פרויען פלעגן פאָרן אין שטעטל מיט זייערע פאמיליעס צו פארברענגען דאָרט די פאָרכטיקע טעג. זיי פלעגן, מערסטנס, פארבלייבן אינעם שטעטל איבער אלע עשׂרת ימי תשובה. פאר די אביונים דאָרט איז דאָס געווען א "סעזאָן" פון געהאָלפן ווערן מיט עופות צו יום־טוב און צו כפּרות, מיט וואקס צום ליכטגיסן פאר דעם יום הדין־וועגן. און מיט קליידעלעך און שיכעלעך און מייטקעלעך פאר אָרעמע משהלעך, שלמהלעך, פערעלעך אָן ציופקעלעך...

בענטשט, לייענערס, דעם זכרון פון אייערע לאנגפארשטאָרבענע באבעס...

אָרעמעלייט האָבן געבענקט: — ווען פסח און ימים נוראים זײַ־נען; כאָטש צוויימאָל אין יאָר...

אין די ערשטע אכציקסטע יאָרן האָט מען אָנגעפאנגען מאכן מנין צו ימים נוראים אין די דערפער, עס זיינען שוין געווען דאן בערך צאָליקע ישובים אין זיי. אלעמאָל האָט א ניי דאָרף, צוליבן חשי־בות פונעם פּאָסעסאָר, דערדינט זיך צו ווערן דער צענטער אין א סביבה. דאָרט האָט געוואוינט דער שוחט, דאָרט געווען א ספר תורה, א לערער פאר קינדער, א צימער ביים פאָסעסאָר ספּעציעל געווידמעט דעם דאווענען אין שבתים און ימים טובים. אהין פלעגן משפחות פון ווייטערע דערפער אריבערקומען און באזעצן זיך אין פויערשע דירות איבער עשׂרת ימי תשובה. דער פויער מיט זיין געזינד האָבן איבערגעוואוינט אין דער "סטאדאלע", אָדער ענלעכעס געביידעס פאר תבואה. א בעל תפלה, א בעל תוקע, א בעל קורא זיינען געבראכט

געווען פון שטעטל ווען אפילו אין די דערפער איז אזא עלעמענט אויך שוין געווען. די דאָזיקע כלי־קודש פלעגן קומען א פּאָר טעג קודם ראש השנה מיט זייערע משפּחות און איבערזיצן אויפן חשבון פון נדיבותדיקע פּאָסעסאָרן ביז נאָך שמחת תורה. די דערשיינונג איז געווען א זייער אָפּטע.

האָבן מנין אָן א דערלויבעניש פון פּאָליציי איז געווען פארבאָטן. דער פּריסטאַוו און דער אוריאדניק האָבן שוין געגוי געקענט דעם יידישן לוח פאר יענע טעג און באמת הנאה געהאַט וואָס יידן הימן אָפּ אזוי שטארק דעם יומטוב מיט זיין צערעמאָניאַל. א תפלה־שטייער פאר ימי נוראים צו די אדונים האָט אָנגעטראָפן ביי פּופּציק, זעבציק רובל.

עס איז געקומען אמאָל א נייער אוריאדניק און גערדאכט אז אן איר־בערפאל אויפן מנין וועט אים אריינברייגגען א מטמון. ער איז שוין אינעם ערשטן טאָג ראש השנה צוגעפאָרן צו אונדזער הייפל, גראָד אנטקעגן דער צייטווייליקער שול. עמיצער האָט אים דערבליקט. געווען ביי הוצאה, ווען מע נעמט ארויס די תורה פונעם ארון קודש. דער "גבאי" פון דער שול האָט מיר אין די הענט אריינגעלייגט דעם ספר און א זאָג געטון שנעל: — מנשהלע, דו פארשטייסט דאָך די סכנה, זיי מקדש השם און אנטלויף מיטן ספר. איך בין ארויסגע־שפּרונגען דורכן פענסטער אין דער הינטערוואנט, געכאַפּט דעם ספר תורה און אוועק אין וויינשלגארטן, דאָרט איז אויך א קאשטנבוים געווען, אין זיינע צווייגן האָב איך מיך באזעצט און געווארט. מיט מינוטן שפּעטער האָב איך דערהערט דעם פאַרזיכטיקן אָנרוף פון מיין נאָמען. באלד בין איך געווען צוריק און אריינדערלאנגט די תורה דורכן פענסטער. אריינגייענדיק בין איך באגעגנט געוואָרן מיט א געוויין צווישן די פרויען. דער גבאי האָט געמאָלדן אז איך האָב מקדש השם געווען און בין זיכער מיט עולם־הבא. מענער האָבן מיך געגלעט און ווייבער געקושט. איינע, אן אלטינקע, זייער א מיאוסע, האָב איך ניט דערלאָזט דערצו. זי האָט גערופן מיין מוטער צו הילף. די מאמע האָט געהאַט טרערן אין די אויגן, איך בין געצוואונגען גע־ווען צום צווייטן מאָל מקדש השם זיין און געלאָזט זיך א קוש טון...

---

## קאַפּיטל אכצן

די געענדערטע צייט אינעם לעבן פון דער יידישער מאסע, באַ־זונדער פון איר יוגנט, האָט זיך אנטוויקלט אינטענסיוו און באוויזן שטריכן פון נייקייט וואָס פארוואנדלט זיך באלד אין שטייגער. יונג־ווארג האָט אויפגעכאפּט די מאָדע פון ״פעריען״ ביי פּריצים, גערופן האָט מען דעם סעזאָן דערפון וואקאציע. אין יידישן האָט דאָס שוין זינט לאנגע צייטן געהייסן ״כאפּן לופט״. אין אנאנדערער שפּראך וואָלט דאָס געקלונגען קאָמיש; ווער ״כאפּט״ דאָס לופט? ביי אונדז האָט מען זי טאקע געכאפּט, מ׳האָט אָפּגעאָטעמט פון שווערע צייטן, פון ביטערן לעבן, מ׳האָט אפילו דעם עיקר אופן פון פארדינען אויף חיונה גערופן ״לעבן פון לופט״, וואָס מיינט באָדנלאָז...

אין שטעטל האָט מען כאפּן לופט ניט געקאָנט, די ענגשאפט אין די געהלעך, אין די שטיבער, אין די צימערן האָט געמאכט די לופט צום ״טאפּן״ זי, ריכטיקער צום ״קייען״ זי ווי מע פלעגט זיך אויס־דריקן צומאָל. און האָט דער נס געטראָפן צו קאָנען פריי באזוכן דעם פּריצ׳ס גאָרטן, האָט מען דאָרט לופט טאקע געכאפּט, געצויגן זי אין די לונגען אריין ווי מע ציט אין דער נאָז אריין א פיינעם פארפום...

שטעטלדיקע פאטיקעס, אָדער מענדעליש ״טינטורס״, האָבן אויס־געטרוקנט זעלטן. יעדע אבארע (הויף) האָט פארמאָגט, קודם כל,

"יענעם מקום" פארוקט אין הויף אריין און מיט זיין שארפן ריח געלאָזט וויסן אזש אין גאס וואו ער געפינט זיך. דער הינטערטייל פון אן אכסניא האָט אויך געהאַט א "מקום" פאר כל העולם. און מחמת פאָליציע האָט טיילוויז געלעבט פון דעם יידישן מיסט באַקומענדיק לאפקעגעלט צום פארשווייגן מיסט פאר דער שטוב, כלומר פאר דער טיר פונעם הויז, האָט יעדער הויז געהאַט א היבשן בארג מיט מיסט, אינצווישן אויך דאָס נאסע, און אויך דאָס האָט פורוויטנס מודיע געווען — אָט פון דאנען שמעק איך...

לופט האָט אין שטעטל ניט געפעלט, זי איז נאָר געווען צו שטארק אָנגעזאפט מיט שלעכטע ריחות. פיל האָט בייגעשטייערט דערצו דער אמאָליקער מנהג צום "אָפּלאָזן וואסער" אויף די ווענט פון אלע בתי־תפלה, עס איז דעריבער געווען א סימן פון דלות צו וואוינען אויף דער "שיל־גאס". אומריין פלעגן זיין אויך די גאסן גופא, די זונטיקדיקע מארקטעג האָבן דאָרט געלאָזט מיסט וואָס האָט גע־פוילט און פלעגט זעלטן ווערן אויסגעקערט פון דאָרט.

יידן האָבן געזאָגט — גאָטעניו, ווען ניט דער פסח און א ביסל די מוראדיקע טעג (הארבסט) וואָלט מען איינגעזונקען געוואָרן אין מיסט און בלאָטעס. די בלאָטע אויפן ווינטער־ראק האָט בפירוש געוואָרט אויף ערב־פסח צו ווערן אָפּגעקראַצט און אָפּגעוואשן...

די ערשטע וועלכע האָבן מגלה געווען אז פריצים "מאכן זיך" וואקאציעס און פאָרן אוועק פון זייערע היימען אויף לופט, זיינען געווען די שניידערס און קלעזמערס, זיי האָבן דעם זמן פון וואקאַציעס ביי פריצים "געפילט אין די ביינער" ווייל דעמאָלט האָט אזא באַלמעלאָכע ניט געהאַט וואָס צו טון אינעם פריצישן הויף...

ביי יידן איז דער פּראָטאָטיפּ פון וואקאציע געווען דער מלמדי־שער בין־הזמנים. ער האָט זיך געצויגן אין הארבסט פון ראש השנה אָן ביז נאָך שבת בראשית, כמעט א חודש צייט, דאן פון פסח אָן ביז א פּאָר טעג נאָך זיין ענדע. פאַרן מלמד זיינען דאָס געווען וואָכן ווען מ'האָט גאָרניט פארדינט, און אדרבא פארלעבט באדייטנד מער איידער אין געוויינלעכע טעג. ניט דער קרעמער, ניט דער הענד־לער פון אלע געביטן האָט זיך געמאכט וואקאציע צום פאָרן וואוהין אויף לופט און אויסרו. לופט "געכאַפּט" און פון "לופט" געלעבט

האָבן וואנדער־סוחרימלעך, מערסטנס איבער דערפער. זייערע דאגות אָבער און אומזיכערקייט פון היינט אויף מאָרגן האָבן ניט דערלאָזט די הנאה וואָס וואקאציעס געבן אין רואיקן געמיט. "רוען — האָט א ייד געזאָגט, — וועט מען שוין אויף יענערוועלט"...

טאקע האָט די דערשיינונג פון א פּאַסעסאָר ביי יידן אָנגעפאנגען איינפירן "לופט", ריכטיקע לופט פאר זייערטוועגן. יצר־הרע צו איר האָט ביי יידישער יוגנט ניט געפעלט. פרייע לופט האָט באפרייט פון שטעטלדיקע דלת אמות, פון טויזנטאויגיקן קאָנטראָל איבער יעדן טריט און פינטל מיטן אויג. און פונעם שרעק צו ווערן געטריבן פו־נעם פּריצ׳ס גאָרטן דורך זיינע אָנגערייצטע הינט. פאָן פּאָליאק פלעגט אָפט זאָגן — "א וואונדער ווי אייערע חברים פון מצרים האָבן אייך פיינט", אָנוואונקנדיק דערמיט אויפן "לא יחרץ כלב לשונו"...

אין שטעטל האָט יעדער מיטגעטראָגן זיינע דלת אמות וואָס ער האָט פארנומען אין געזעלשאפט, אלץ איז אימער געבליבן אומגעענ־דערט. זאָל א שוסטער אריבערנעמען דעם טלית איבערן קאָפּ און שאָקלען זיך האסטיק ביים דאווענען — ווער וואָלט נישט געמאכט חוזק פון אים? איבערראשונגען האָבן ניט געטאָרט זיין געמאכט אינעם שטעטל ווי אינעם חדר פון א מסוכנעם חולה. דאָס דאָרף דעריבער, האָט פארן בחור און מיידל אינסצענירט נייע וועלטן, נייע דערשיינונגען, קרילעקלעך, וועווריקלעך, הינער וואָס יידן טאָרן זיי ניט עסן, געזאנגען פון שיקסעס, רייטקונצן פון שגצים — אלץ אין דאָרף. א פיר־יאָריקער שגצל אויפן שפיץ פון א טאפאָל צום ארויס־נעמען א פּאָרל אייערלעך אוים דער פויגלנעסט — אין דאָרף. און פילדער פארשידנפארביקע, שווארץ־אקער, גרין־טעפּיך, געלבלומיק און אין רעטשקע־צוויט, ווי זעט מען דאָס אינעם שטעטל! ווי הערט מען דאָרט פּלוצים א קאָנצערט פון א קאָאָרעדיקן געזאנג, אָדער א מאָרנע מאָנאָטאָן־זמרל פונעם פיקפויגל, פּיק־פּיק, איבער דער קאָרע פונעם בוים. "אז ירננו עצי יער!" דעמאָלט וועלן זינגען די בוימער אינעם וואלד; "נהרות ימחאו כף", טייכן וועלן פּאטשן "בראוואָ"; ווען וועט דאָס זיין, רבי? "ווען משיח וועט קומען". פארן שטעטל האָט אלץ קונצן באדאָרפט ווייזן משיח, און אינעם דאָרף איז דאָס

געוואָרן אזוי נאטירלעך. זומער אין וואלד האָט יעדער בוים געהאט זיין קאפעליע, ווינטער האָט דאָרט געגעבן קאָנצערטן יעדער שטורם, א שטורם א קאָנטער־אלט, אנאנדערער א באס, א דריטער אן אָפּע־רעטא מיט משוגענע שטיק און קונצן.

— טעכטערל מיינע, וועסט אין דאָרף, חלילה, פארגרעבט ווערן, געדענק!...

— מאמעלע מיינע, אין דאָרף ווערט מען אויסגעסוויטשעט (וועלט־לעך). מע ווערט גאָר אנדערש ווי אין שטעטל. דאָרט איז דאָך גוט „א ביקעלע און א מיקעלע", אלע האָבן וואָס צו עסן, און פאר אלע־מען סטייעט פּלאץ...

— רבי, וואָס איז טייטש פּרח?...

— א בלום, מיין קינד, אזא מין צאצקע...

— פּרח, רבי, כּאַכאַ, אזוי ווי פּאַריך...

— מע טאָר אזוי ניט זאָגן, פּרח איז א לשון קודש־וואָרט, און א פּאַריך איז אויף צו באפרייען זיך פון צו זיין א סאָלדאט...

איך רעד דאָס נאָך דעם בית־המדרש־שפּאס, ווען זיי — די בית־מדרש בחורים — האָבן נאָך ריכטיק ניט געהאט באטראכט א בלום...

— רבי, עשב איז טייטש גראָז און דשא איז טייטש גראָז, וואָס איז דער חילוק פון איין גראָז צו אנאנדערן גראָז?...

— פרעג ניט קיין נארישקייטן, יונגעלע. אזוינע זאכן וויסט א פויער...

מיט א פערד פלעגט א יידיש יינגעלע זיין באקאנט רק פונהינטן, ער האָט מן הצד א כאַפּ געטון און אויסגעצופּט ביי אים אויסן עק א האָר; „פון א סך האָר קאָן מען מאכן א סמיטשעק". פונפאָרנט האָט ער ניט געוואגט, פונפאָרנט „קאָן א פערד ארויף אויף דיר און מאכן פון דיר א קנוש"...

אויפן בארג פונעם דאָרף וואו איך בין געוואקסן זיינען בחורים און מיידלעך פון שטעטל געזעסן און געגאפט אויפן בין השמשות פוניעגערזייט טייך, „סאר א געלעגער די זון בעט זיך אויס צום שלאָפן, סאר א בלוטיקע פאסן און זוימנען זי ברעמט ארום דעם, סאר א יופי דאָס איז"...

— זאָג נאָר, חיים, פארגייט די זון אין שטעטל ביי אונדז אויך אזוי אָט?...

— פונוואנען זאָל איך וויסן, פארנעמט זיך עמיץ אין שטעטל מיט אזוינע נארישקייטן?...

— דו רופסט דאָס אַן נארישקייטן, און ביי שמר"ן אין זיינע ראָ־מאנען הייסט דאָס דעמערונג...

— איז דאָך ביי שמר"ן, ניט ביי אונדז אינעם שטעטל. האָסט געהערט א פארגלייך?...

יוגנט ארום האָט זיך געבאָפּט — "דעמערונג! אָט דאָס טאקע איז הפנים דעמערונג...

אויפגעשטאנען זיינען אלע אינעם גרויסן פארטאָג ווי צום ערשטן מנין. דווקא פארטאָג, נאָר אלץ שפּעטער פאר די פויערים, שפּעטער אפילו פארן פּאָסעסאָר און זיינע נאמנים. אלע זיינען געזעסן שוין אויף די פערד און גענומען רייטן אלץ אין אנדערע ריכטונגען. או־מעטום פעלדער, אלץ דיזעלביקע זאך, א מעשה מיט זומערדיקע עני־נים. און אלץ האָט דאָרט א נאָמען, ניט אינעם שטעטל וואו אלץ "א מין גראָז, א מין תבואה, א מין פויגל, א מין צוויט, א מין אזא וואָס ס'איז שווער צו געדענקען דעםנאָמען דערפון". — דאָרף!...

אָבער די "וואקאציע־פּיאָנערן" זיינען צוגעוואוינט געוואָרן, האָבן באַקומען חשק צום באטייליקן זיך אין אלץ וואָס נאָר דער פּאָסעסאָר האָט דערלויבט. דער גרעסטער נחת איז געוועזן שווימען, רק שווי־מען רייטן, גיין איבער די סטעזשקעס צווישן די תבואות אויף די פעלדער, רק גיין. "נעמט א ריסקאַל (רידל) אין האנט און לערנט זיך א גראָב טון די ערד" — האָט דער פּאָסעסאָר געשפּאַסט. האָט עולם גענומען בעטן ריסקאלעס, האָט מען אויסגעבעטן האָט מען שוין געגראָבן, געלאכט און געגראָבן; "אזוי גראָבן, נעבעך, די בילוצעס אין ארץ ישראל"...

— איז וואָס איז דער נעבעך? זיי גראָבן דאָך די ערד פון אבות אבותינו...

-- מיינסטו אז דאָס איז לייכט?...

— אַי־אַי, אז מע ווערט געוואוינט גראָבט מען לייכט. דו זעסט דאָך ווי דער פויער גראָבט און זינגט...

און מיידלעך האָבן זיך געבעטן ביי דער מעלקערן — כאָטש איין צי די "דיקע", איין שפּריץ מילך זאָל ארויס פון איר האנט...

די מעלקערן האָט געלאכט. קיינמאָל האָט זי זיך ניט פאַרגע־שטעלט א פּאַציענטקע, טאקע א זשעדיוווסקע, זאָל וועלן טון אזא ארבעט...

— אונדזערע בחורים טוען די זאכן אין פּאַלעסטינע, דו ווייסט דאָך אז פּאַלעסטינע איז געווען אונדזער לאנד אמאָל, פּאַלעסטינע, "סוויַ־אטא זיעמליא", די הייליקע ערד...

די פּויערטע האָט זיך איבערגעצלמט: — די הייליקע ערד, אזוי? אוי, ווען איך קאָן מעלקן א קו דאָרט אויף דער הייליקער ערד און געבן טרינקען יענע הייליקע וואָס זיינען דאָרט ביים הייליקן קבר...

יידישע קינדער האָבן געשמויכט: — הער נאָר וואָס סע גייט ארויס פון א גויאיש מויל! מוז דאָך טאקע זיין א גליק פאַר יענע שטודענטן וואָס אקערן דאָרט די ערד! הער נאָר, הער...

מ'איז פאַרטאָג געלאָפן צום געמעלק טרינקען מילך פון אונטער די דיקעס, אָנגעמאָלקן גלייך אין גלאָז אריין, עס איז דאָך אזא גע־זונטע זאך. ניט אומזיסט זיינען די פּויערים אזוי געזונט און קאָנען טון אזעלכע שווערע ארבעטן...

אויף דעם פּאָסעסאָר, א ברכה צו זיין לאנג פאַרגאנגענעם זכר, האָט די שטעטלדיקע יוגנט געקוקט מיט פאַרליבטע אויגן און דער־ווארטונג צו דערבליקן זיין גוטן שמייכל, צו דערהערן זיין זיסן רוף צו זיך אין דאָרף אריין.

— קומט, קינדער! פאַר קעסט וועט איר ניט צאָלן, אויפן היי וועלן שלאָפן די בחורים, אָבער מיט גוטע געלעגערס, און אין די חדרים די מיידלעך. איר וועט זיך אנאָטעמען מיט גוטער לופט, אָנעסן מיט גומע פּוטערן און קעזן און עופות, און מילכיקע בארשטשעס מיט וואַ־רעניקעס, עס וועט אייך, מיט גאָטס זיינער הילף, גיין גוט, אם ירצה השם. און פעלדער וועט איר זען וואָס א וועלט שפּייזט זיך פון זיי. קומט, דער זומער שטייט ניט...

דער פּאָסעסאָר האָט זיך פריער אָפּגערעדט מיט זיינער, זי האָט מסכים געווען. איר אליין וועט דאָך פריילעכער ווערן. אי, די אר־

בעט? נו, מילא. אָנהאָדעווען יידישע קינדער, מאכן זיי פארגעניגן, דאָס איז דאָך עפּעס ווערט!...

די איינגעלאדענע זיינען געקומען. אפילו א ביסל איבער דער דערוואַרטער צאָל, און זיינען זיי שוין געקומען, האָט די פּאָסעסאַרקע איבערגעחזרט דאָס וואָרט פון יידישער מרוצהדיקייט — דאָרט וואו עס שפּייזן זיך זעקס וועלן זיך שפּייזן אכט. געקומען איז מען אויף א שבת. דער פּאָסעסאָר האָט ניט געקאָנט אוועקרייטן אין פעלד אריין, די נאמנים זיינען אהין, יעדער צו זיין פּאָסטן, געגאַנגען צו־פוס. די פּאָסעסאַרקע האָט גערעדט צו אירע געסט ווי צו נייע איי־דעמס און שנורן. די שמועסן האָבן זיך געפלאָכטן און דורכגערוקט זיך איינער דורכן אנדערן, עס זיינען פארבליבן מעשות אָן א סוף, און אנדערע זיינען ארויפגעשוואומען ווי פון אינדערמיטן. אָבער צופרידן זיינען געווען ביזן הימלביידע צדדים...

— דו ווייסט, מיין מאן, איך שעם מיך צו זאָגן דיר; היינט האָבן די מיידלעך מיט די ייִנגלעך געכאַפּט א טאַנץ אין גאָרטן און האָבן מיך ארייַנגעכאַפּט אינמיטן. איך האָב ביים סוף אָנגעהויבן וויינען גלייך מיט די מיידלעך ווי גלייך איך דאַרף מיך, חלילה, די שעה זאָל ניט זיין, גאָטעניו, צעזעגענען זיך מיט אייגענע קינדער. נו, האָסטו שוין אזוינס געזען?...

דער מאן פלעגט ערנסט שווייגן, ער גופא האָט געפילט א בענ־קעניש נאָך די שטונדן ווען ער האָט זיך געמאַכט צייט און פארבראַכט מיט דער חברה...

— אפשר דאַרף דאָס ניט זיין אזוי, אָ?...

— פאר וואָס, א שטייגער? אין די צייטן פון דעם בית המקדש פלעגן ניט יידישע טעכטער ארויסגיין מיט פייקלעך און געזאַנג און טענץ? און די בחורים האָבן ניט געשפּילט אין זייערע שפּילן, די בחורישע שפּילן?...

— יאָ, אינעם שטעטל, מיר וויסן דאָך, איז דאָס לעבן אזוי צוגע־טשאַדעט ווי א... א פארויכערטע יויך...

צי האָט די פּאָסעסאַרקע באַגריפן וואָס איר "פריץ" מיינט מיט זיין פארגלייך? זי איז געווען צופרידן מיטן הכשר.

— אָבער זאָג מיר, מיין מאַן, אַט אַזוי אַלע די יינגלעך מיט מיידלעך אינאיינעם? אין שטעטל זעט מען דען אַזעלכע זאַכן?

— אין שטעטל ניט, אוודאי ניט. אָבער אַז יונגע קינדער קומען אַריבער אין דאָרף אַריין אַ ביסל פאַרברענגען טאָ׳ זאָלן זיי ניט פילן זיך אַ קאַפּעלע פרייער? נו, און דו, אויב דו באַמערקסט עפּעס אַ... אַזאַ ניט פּאַסיקע זאַך, נו, איך מיין אַ זאַך וואָס איז, חלילה, צופיל מוזטו אַ זאָג טון דאָס הארבע וואָרט. און אויב דיר איז שווער בין איך דאָך דאָ, מע קאָן ניט דערלאָזן קיין זאַכן...

— חלילה! חלילה! — האָט די פּאָסעסאַרקע זיך אָפּגעטרייסלט, — מיט דיר טאָר מען דאָך אַ וואָרט ניט רעדן, באַלד מיינסטו אַז איך בין אַ בלינדע קו און וועל ניט דערזען וואָס מע דאַרף. אַ לאַך, אַ שפּרונג, אַ לויף, אַפילו אַ טאַנץ איז דאָך ניט קיין הפקרות...

די יוגנט פלעגט אַרויסוויזן חשק צו ערד־אַרבעט, בעטן זיך ביים פּאָסעסאָר ער זאָל אָפּטיילן פאַר זיי אַ שטיקל באָדן ערגעצוואו. ער האָט געלאַכט, געוואוסט פאַרפריער אַז דער רייץ דערצו וועט שנעל איבערגיין, די מידקייט האָט פאַרטריבן די שפּיל פון די פעריען, אָבער אַלע יוגנטלעכע געסט פלעגן דורכמאַכן דעם פּרואוו און זיינען געקומען צום אויספיר אַז "קיין סכנה איז דאָס ניט, נאָר מע מוז דערצו לאַנגזאַם געוואוינט ווערן".

צוריק אין שטעטל זיינען געקומען פונעם דאָרף אַנדערע פאַרשוינען, אַפילו עטל־קאַפּעטל, משה בער דער פאַרוואַליער, חנה לאַהלע "וואָס מאַכסטו גוטס" וואָס פלעגט צונייען אַ קנעפּל מיט פרעמדע הענט, און מאַטיע וואָס האָט אין שטעטל זיך געוואַלגערט ביז פּופּצן אַ זייגער אין בעט, אַלע, אַלע זיינען אַהיימגעקומען אַנדערע מענטשן. פּונקט ווי שפּעטער מיט אַ סך יאָרן פלעגט מען זאָגן — זע נאָר וואָס אַן אָרעם מאַכט פון אַ זלודניעוועקער יונג, אַזוי האָט מען דעמאָלט געזאָגט — זע נאָר וואָס פון אַ קליינשטעטלדיקן בחורל ווערט אינעם דאָרף, אַ גאַנצער וויסער, אַ "יאַ טאַבי דאַם". דאָס מיידל אין איר קרייז, דער בחור אינעם בית המדרש, זיי האָבן געהאַט צו דערציילן נסים ונפלאות, אַלץ אַזעלכע זאַכן וואָס דאָס שטעטלדיקע לעבן איז דערפון געווען ווייט און פרעמד. געוואָרן גרעסערע מבינים אויף שמר"ס ראָמאַנען, געשמועסט איבער ליבע און וועגן דעם ווי אַ

מענטש מוז אמאָל אויפהערן זיצן אויפן טאטנס קאָפּ. און דאָס שטעטל האָט געגומען לאכן פון די "אויפגעיוירענע" בחורים.

יעקב משה איז אוועקגעריטן אין פעלד אריין, געריטן לאנג. די גראָבע פליישן האָבן גענומען ווייטאָן, ער איז ארונטער, די צוים איז ארויס פון זיין האנט, דער סוס איז פלוצים נעלם געוואָרן, אוועק פון אים. יעקב משה האָט זיך געדרייט אהער, אהין, פארלוירן די ריכ־טונג און איז אוועק מיטן וועג גאָר צו אנאנדערן דאָרף. דער סוס איז געקומען צו זיין שטאָל, איז געוואָרן א רעש: ניטאָ יעקב משה. אפשר געהרגעט געוואָרן? — שגצים זיינען צעשיקט געוועז זוכן זיין קערפער. לסוף האָט אים געבראכט דער פּאָסעסאָר פון א ווייטערן דאָרף.

האָט געטראָפן במשך די פעריען צו האָבן צווישן זיך, אָדער אינעם דאָרף א לערער, א משכיל, האָט דער ענין איינגאנצן באקומען מעטאָ־דישקייט. די יוגנט האָט אים געקוקט אין מויל, געגאשט השכלה און אוועק אָן א זייט צו אפקורסות. אין אזעלכע דערפער האָט א פּאָסע־סאָר, א פּאָסעסארקע "געהאלטן אויג" אויפן לערער, ער זאָל ניט אָנארבעטן עפּעס אן אומגליק. די יוגנט פלעגט שוין דאָ זיין גע־שטערט אין איר פרייהייט, צומאָל האָט מען די בחורים אָפּגעשיקט אין שטעטל אריין "פאר דער צייט". מיט מיידלעך האָט דאָס כמעט ניט געטראָפן, "מע קען מאכן א מיידל א שלעכטן שם" און שפּעטער ניט אויסקויפן זיך מיט טויזנט תרוצים...

די חובבי ציון האָבן אימער געכאַפּט "פיש" צווישן די צוריקגע־קומענע יינגלעך, וועלכע זיינען געוואָרן אדעפּטן פון חבת ציון, גע־רעדט פון עבודת אדמה און געזונגען צונזערס "סאָכע".

די פּראָפּאגאנדע פאר ערד־ארבעט וועלכע האָט געוועקט אינטע־רעס, האָט, דאָך, די פרומערע לייט ניט איבעראשט, — "מיר וויסן מער ווייל די לשון קודשדיקע בלעטער באשרייבן דאָס". געלעקט די פינגער האָבן די גאָר פרומע נשים.

— הער, יאנקעלע, דו וועסט'ך אפשר פאָרן אהין צו די שטודענט־לעך אקערן די ערד ביי רחלס קבר, זאָג מיר צו אז ווען דו וועסט אָנאקערן גענוג וועסטו מיר שיקן א זעקעלע ערד צום לייגן צוקאָפּנס איבער הונדערט יאָר...

א שפּאָן פּאָרויס האָט דאָס דארף דערמיגעלעכט אויך אין ליבע. אָנגעלייענט האָט מען זיך דאָרט מיט שמר״ס ביכער ווי אָנגעגעסן מיט פרישן קעז. א פּאָסעסארקע האָט די אלע ביכער געהאט און איבערגעלייענט. געהאָלפן דערצו האָבן אפשר אויך די בלומען; מ׳-האָט זיך אויסגעלערנט מאכן בוקעטן און דער׳לאנגען, טאקע על פּי רוב דער פּאָסעסארקע גופא, אָבער זי האָט זיי אזויפיל באקומען אז דעם עודף האָט זי אדרעסירט צו די מיידלעך...

— וואָס עפּעס אלץ מיר? איך בין דאָך א חתונה געהאטע. דער־לאנגט די מיידלעך, פּאר זיי פּאסט דאָס...

---

# קאפיטל ניינצן

דער רבי, גערופן אין פאָלק "גוטער ייד", איז פאַר מיין קינדער־בליק געווען א ריזיקע פיגור אָפּגעזען דערפון וואָס משכילים האָבן געקעמפט קעגן אים און געפירט א מלחמה צו מינערן ביים פאָלק זיין ווערט. דאָס שטעטל פלעגט אינעם "תחום" פון יידישער באזע־צונג זיין א מין פעסטונג פאַר חסידישן רבין. געווען קליינע שטע־טעלעך וואָס האָבן "געהאלטן" פון איין רבין, אזא שטעטל האָט דער רבי גערופן "מיין מאָסקווע", געציילטע אָנהענגערס — חסידים, — פון אַנאַנדערן צדיק האָבן געהאט דעם אָנזען פון "אויסלענדער"...

באלמעלאָכעס האָבן ניט גענאָסן פון דעם כבוד און נחת וואָס די אָנהענגערשאפט פון א רבין האָט געגעבן צום באלעבאָס. דער באל־מעלאָכע האָט געקאָנט זיין — יורידיש גערעדט, — "אונטערן שויץ" פונעם רבין, געבן צו אים "קוויטלעך" (נאָמען און געבעט וועגן הילף ביים הימל) מיט "פדיונות" (געלט), געפינען זיך ביים רבינס "טיש" פרייטיק־צו־נאכטס, אָבער זיין אלץ אָנגעזען ווי א באלמעלאָכע וואָס "קאָן זיך ניט גלייכן צו א באלעבאָס". די דאָזיקע לאגע האָט גע־בראכט דערצו אז רבים זאָלן זיין "שניידערשע" ווי אויך "וועבער־שע" (באזוכט מערסטנס פון פרויען). שניידערשע, און ניט אנדערע באלמעלאָכעס ווייל דער שניידער איז געווען דער פארמעגלעכסטער און "פאַרט א ביסל באלעבאטישער".

אן אָפּענעם צוטריט צו חסידישע קרייזן האָט דער באַלמעלאָכע ניט געהאַט. זיצן ביי א חסידישן שלש־סעודות מיט האָפנונג צו בענטשן דאָרט "מזומן" האָט א פאילגע ניט געקאָנט. זעלטן ווענס האָט דאָס דערגרייכט א רייכער קצב פון וועמען אָרעמע באַלעבאַטים זיינען געווען עקאָנאָמיש אָפּהענגיק. געמאַכט זיך פאַר רבי האָט א פּיאַיקער "איניקל" (אָפּשטאַמלינג) אינדערפרעמד. דערצו האָט ער געמוזט האָבן אויסלאַג אין געלט. א ביסל האָט איינגעשטעלט דער צוקונפטיקער גבאי זיינער וואָס האָט דאַרין פאַרגעזען א מקור צו חיונה. זיי ביידע האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין צו א ווייטן מקום, פון מיינע געגנטן זייער אָפּט קיין בעסאַראַביע. דאָרט אינעם ערשטן "פּאַסיקן" שטעטל איז דאָס פּאָרל צוגעפאָרן צו דער בעסטער אכס־ניא. דער גבאי איז אריין און געמאָלדן דעם באַלעבאָס דאָס צו אים פּאָרט אריין דער באַרימטער רבי פון א גאָר ווייטער געגנט, דער נאָענטסטער איניקל פונעם בעל־שם הקדוש, וואָס פאַרמאָגט כתבים פון זיין גרויסן זיידן און ווייסט אַלע שמות און צרופים צום באַוויזן וואונדער. דער בעל אכסניא האָט מודיע געווען א פּאָר פּשוטע יידן פון צווישן די מאַרקהענדלערס, גערופן על פּי רוב דעם "הויפּט"־שניידער. צו דעם לעצטן איז מיטן משמש מיטגעגאַנגען דער גבאי און זיך מתאמץ געווען צו מאַכן ערגעץ ביי וועמען א "טיש" פאַרן רבין צו פּראָווען "רבישאַפט" און באַווירקן דעם עולם צום קומען אָנזאַמלען די ערשטע פּאָר מנינים און — ווען דער ענין האָט זיך איינגעגעבן, — באַפעסטיקן זיך אין יענעם שטעטל. איז דער הויפּט־שניידער געוואָרן פאַראינטערעסירט צו האָבן "זיינעם" א רבין, פלעגט די זאַך ווערן א גערעטענער עסק, ווען ניט האָט מען "דורכ־גערוקט" א שבת־זונטיק און געפאָרן ווייטער. א שטעטל סוף סוף האָט זיך אָפּגעזוכט פאַר דער התחלה וועגן. פון אזא שטעטל איז שוין ווער מיטגעפאָרן און "געטאַראַראַמט", יאַקאַש האָבן זיך יידן אָנגעכאַפּט און געגנאָסן א ביסל כבוד "דורך דרינען"...

איך געדענק א שניידער, אזא גרינדער פון א רבישער דינאַסטיע. ער איז געווען "א שטעלער פון קשיאָס ביי א רבין" און געפרעגט ביי זיינעם "ווען ער איז נאָך ניט געווען גאָרניט": — פאַרוואָס,

רבי, דערציילט די גמרא פון א תנא א שוסטער, א תנא א שמיד, און א וואָרט ניט וועגן שניידערס?

— איך וועל דיר דערקלערן, מיין קינד. דיין קשיא איז א קשיא פון מענטשן מיט מוח. דער תרוץ איז אז צווישן שוסטערס איז געווען אזוי ווייניק פיינע לייט אז דעם איינעם וואָס איז דאָס יאָ געווען האָט מען געמאכט פאר א תנא. דאָסזעלביקע האָט געטראָפן מיט א שמיד, אויך ער איז געוואָרן א תנא. שניידערס אָבער זיינען אין יענע צייטן צווישן יידן געווען א סך פיינע לייט, טאקע וועגן זיי האָט די גמרא געזאָגט — "מלאכה המחיה את בעליה", די מלאכה וואָס איז א מחיה פאר א באלעבאטישן מענטשן, פון אזעלכע זיינען באַשטאַנען כמעט אלע תנאים, נו, האָט מען באדארפט זאָגן דער און דער תנא א שניידער?

דער פרעגער איז געווען אנטציקט פון דער תשובה און אוועקגעלייגט יענע ארבעט צו "טוועדרעווען" (באשטעטיקן) דעם רבין פארן הויפּט־רבי פונעם שניידערשן צעך...

דער עסק פון די זעלבסטגעמאכטע רביים איז ניט געווען פון די פויגלדיקע. עס האָט געמוזט צושפּילן עפּעס א מופת'ל טאקע אינעם שטעטל, דערפון האָט דאָס פאָלק געפלאָכטן א פאָדים און געצויגן געשיכטעס, איינע פאר דער אנדערער מופת'דיקער, מיט די מעשות איז דער שם געוואקסן און עס האָט זיך אויך אויסגעברייטערט די "פּאָליטישע פאנטאזיע". דער רבי פלעגט אין גאָר ווייטערן שטעטל איבערגיין פון איין דינאסטיע צו א צווייטער, מער פּאָפּולערער די־נאסטיע, אלץ פאר אן "איינקל". אזא רבי איז אימער געווען א רייזנדער, צו אים אהיים איז מען ניט געפאָרן, זיין ווירקלעכע היים איז געבליבן א מיסטישע געהיימניש...

די ווירקלעכע רביים פון גרויסן פארנעם מיט אן אדרעס צו זייי אהיים, זיי פלעגן די קרוין באקומען בירושה, פון עטלעכע יורשים פלעגט ווערן עטלעכע נייע אדרעסן. שטעטלעך האָבן זיך "געשלאָגן" צו האָבן אזא רבין, דורך אים האָט דער מקום באקומען לייכטערע חיונה, חסידים זיינען געקומען אין די הונדערטער, אין די טויזנטער, און געגעבן דעם שטעטל פּדיון...

פאקטיש איז דעם רבינס "הויף" געווען א צענטערפונקט פאר גרויסער סביבה, געווען דער מקום וואוהין יידן זיינען געפארן "אויף" חשובע שבתים, ימים טובים (מחוץ פון פסח, ווען יעדער ייד האט געמוזט זיין מיט זיין בני בית אינדערהיים) און ימים נוראים, דער עיקר יום כפור. עס האט פארביטן דעם אמאליקן "עולה רגל" זיין. ביים רבין האט א ייד "אפגעלייגט" זיין פעקל, געבעטן דורך אים הילף ביי גאט, געראטן זיך מיט אים וועגן מסחרים און שדוכים, גע־זוכט רעקאמענדאציעס וואו נאר עס האט זיך געפאדערט, איבער־הויפט צו באפרייען קינדער פון פאניעס הענט, ניט אזוי צוליב פריי זיין פון מיליטער־דינסט ווי פון צו עסן טריפות אויסן "קעסל" און ווערן אפגעפרעמדט פון יידישקייט.

געווען אויך איז דעם רבינס הויף דער פלאץ צום פארברענגען און האבן נחת דורך באקאנטשאפטן מיט אלערליי לייט, מיט פאך־און האנדל־גענאסן. ווערן "מפורסם" צווישן א וועלט מיט מענטשן, באקאנט מיט לומדים, רבנים, חזנים און — שדכנים. א ייד האט באדארפט טון שדוכים, אנעם שדכן איז מען זיך ניט באגאנגען. דער רבי גופא האט צוגעצויגן דעם יידן מיט זיין נאבעלער התנהגות, זיין געהיים פון אומפאסיקע רייד און באהאנדלען דעמאקראטיש יעדן איינעם. פיל האט א רבין צוגעגעבן חכמה און שארפזין, פייאיקייט צו זאגן א גלייכווערטל און זיין פראקטיק אין פארשידענע ענינים, געשעענישן, מסחרים און סכסוכים, סוחרישע ווי ירושהדיקע. לומדות האט א רבי ניט באדארפט בחיוב, אבער אונטערצוהאלטן פרעסטיזש איז אים געווען געגוג א פאר מימרא׳ס פון חז״ל, א טייטש אין א פסוק אינעם מיסטישן באנעם, קאנען "זאגן תורה" ביים טיש פרייר־טיק־צו־נאכט און מאכן די מינע פון פארשטייט ווען א למדן רעדט צו אים...

געווען זיינען נאטירלעך גוטע גמרא־לערנערס צווישן די רביים. דאך זייער א סך זעלטענער. געווען געגוג אטריבוטן ביי אים צו האלטן זיין שם בכבוד. די תורה ביים "טיש" האט אפט ניט געהאט קיין לומדישע ווערט. געווען געגוג צום ביישפיל אפשטעלן זיך אויפן פסוק "וילך איש מבית לוי ויקח את בת לוי", איז געגאנגען א מענטש פון דעם געזינט פון לוי און האט גענומען (פאר א פרוי)

די טאַכטער פון לוי. פאַר וואָס איז איבערגעחזרט דער "בית לוי" צווײמאָל? דערויף האָבן געענטפערט עטלעכע פלאַכע, פאַרדרײטע סבראָס און צוגעשמאַלצן מיט מדרש וואָס האָט געקאָנט קומען "אויף א דעליקאַטן אופן" פון א גבאי א לערנער. אינמיטן האָט דער רבי געקרעכצט, צוגעבאָמקעט, פאַרקנויטשט און אָפּט געריבן דעם שטערן א. א. וו. ביי רבים פּייאיקערע און טאַקע מיט א ביסל לומדות, איז דער נוסח און כאַראַקטער ניט געענדערט געוואָרן אין דער "תורה", אָבער אינהאַלט איז אַרײַנגעפּירט געוואָרן: א זוהר, א מדרש, א וואָרט "פונעם אַלטן רבין", אָדער "פון אונדזערע אבות", געמיינט די אבות פונעם רבין...

מיין יונגנטלעכער שיכט פון די אַכציקער, ניינציקער יאָרן, דער בכלל דורכאָוים משכּילישער, האָט געקוקט שלעכט אויף די רבישע "שטיק", אויסגענוצט אַלע געלעגנהייטן און קאַריקאַטורן צו שפּאַסן איבער דעם. שפּעטער איז אונדזער רוב געקומען צום באַגרײַפן די נוצן פון א רבין, די פאַראַנטוואָרטונג זײַנע דורך חסידים וואָס האָבן אים באַדאַרפט און פאַר זייערע אַמביציעס אויסגענוצט. זיי האָבן בלי שום ספק געהאַט א שטאַרק מאַראַליזירנדיקע השפּעה אויף זייערע אָנ־הענגערס. דאָס חסידות האָט געשאַפן אַן אינהאַלט פאַרן לעבן וואָס האָט אין אָרעמקייט, אין שווערן קאַמף פאַר חיונה בוכשטעבלעך, ניט געהאַט קיין שאַנסן צו ווערן באַפרידיקט אין וועלכן ס'איז שטייגער־דיקן אופן מחוץ פון חסידות. לומדות, מיט איר קאַסטישער טרוקנ־קייט, איז דאַן געווען פאַרן פשוטן בן אדם א פאַרהוילענע וועלט, א חשובע טראַדיציאָנעל, דאָך א געהאַסטע ווי א יחוסדיקע איבערן קאָפּ פונעם פאָלק.

אויב ניט אַלס רעגל, אָבער אַלס אָנזיכטיקע דערשיינונג, קאָן דערמאָנט ווערן דעם רבינס השפּעה און צוהילף אין שידוכים טון ביי אָרעמע מענטשן. א מחלוקה אין א שטעטל האָט צומאָל אויפגע־הערט צוליבן באַפעל פונעם רבין, אויב די מחלוקה איז געווען אַן אָרטיקע, געזעלשאַפטלעכע. א מחלוקה צווישן חסידים פון פאַרשי־דענע רבים איז געשפּייזט געווען פונעם רבינס דיפּלאָמאַטישע אָנרייצן און; אַלעמאָל הרוב געמאַכט שטעלעך געזעלשאַפטלעך און עקאָנאָמיש. ביי קריג אין פאַמיליען־לעבן פלעגט דער רבי זיין דער מאַגישער מיטל.

געוועז געניג זיין ווארנונג דאס די קעגנזייטיקע קללות "קאנען, חלי-לה, פאלן אויף די קינדערס קעפ" און שלום בית האט צוריקגעבראכט ברכה אין געזינדל אריין...

"מופתים" (וואונדערלעכע דערשיינונגען) האט דאס פאלק גופא אויסגעטראכט און צוגעשריבן דעם רבין. דער שלימזלדיקער האט זיך דערמיט געטרייסט, דער דורכגעפאלענער האט זיך ריינגעוואשן פון אומפעאיקייט זאגנדיק אז "גאט האט אזוי געוואלט" און אויך דער רבי האט ניט איינגעשטעלט זיך קעגן גאטס ווילן. חלומות. יינען אויסגעקלערט געווארן "פאסט-פאקטום" צו בארעכטיקט השג-חה, באשערטקייט...

גרויסע הילף פלעגט אפט באוויזן די רבישאפט לגבי יורדים וואס האבן ניט געקאנט אויפקומען מער. דער קלוגער רבי האט אויס-גענוצט שעת הכושר ווען ארום אים אין זיין צימער צום "פראוועז" יינען געוועז רייכע חסידים. ער פלעגט ארויספירן דעם שמועס אויף א באוואוסטן מקורב, א יורד. דער רבי פלעגט דערציילן וועגן ענ-לעכע פאלן און ווי יידן מיט גוטע הערצער האבן געהאלפן א חבר "בצר לו". ווען יענער האט זיך גענויטיקט. זייער אפט איז פאר-טייטשט געוועז דער פסוק "מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", ווי גוט איז דער זיצן פון ברידער ווען אפילו מ'האט צוליב דעם גע-מוזט מאכן זיך ענגער. עס האט געטראגן דעם כאראקטער פונעם פאלקלאריסטישן "לאמיר אלע אינאיינעם"...

רבים האבן אין זייער "פאך" דורכגעמאכט "קורסן" און גע-וואוסט ווי מעטאדיש צו פירן אזא שמועס. עפעס א באמערקונג האט ווער פון די ארומיקע געמוזט, ריכטיקער געגארט צו מאכן, און דורך דעם האט דער רבי אריינגעווארפן דעם "טאקע"...

— טאקע, טאקע, ווי קאן מען דען מסכים זיין אז א ברודער, א חבר זאל פאלן מיט די טרעפ ארונטער און גארניט אונטערכאפן אים?

— א רבי ווייסט ווי אווארט ארייננשטעלן אזוי אז דאס זאל פאר-נעמען דעם מקום פונעם ברילאנט...

א פעטער מיינער איז געקומען צום רבין פרעגן צי זאל ער נעמען אין פאכט יענע פאסעסיע. "אבער, רבי לעבן, אויף זיכער"...

— הער אוים, ווען איך ווייס דאָס אויף זיכער שטעל איך צו פאר א שותף מיינעם א ידיד, זאָל דאָס קלעקן אויף ביידן...

— אָבער, רבי, ווי דאָך באַקומט מען אמונה אז דער מסחר וועט זיין מיט ברכה?...

— אמונה אין מסחר? וואָס רעדסטו! וועסטו, הייסט עס, אינ־גאַנצן פארלאָזן זיך אויף גאָט? און דו וואו ביזט? טו, און ער, ברוך הוא, וועט דיר העלפן...

— אָבער, רבי...

— עקשן זיך ניט, מיין קינד. ווען דער רצון איז גרויס באַקומט מען אמונה, ווען מ'האָט אמונה באַקומט מען בטחון, און בטחון איז א דבר גדול, בטחון מאַכט צום ארבעטן אזוי אז דער אויבערשטער מוז העלפן...

אָט דער שמועס פלעגט דערמאַנט ווערן אַלעמאָל ווען א ספק האָט אָפּגעשוואַכט דעם אונטערנעמער אין אונדזער משפחה פון פּאַ־סעסאָרן.

צווישן חסידים אין שטעטל פלעגן פאָרקומען מחלוקה'ס ווען זיי זיינען געווען אָנהענגערס פון דעם, אָדער פון אַנאַנדערן רבין. רבים האָבן געפירט "שטילע" פּאָליטיק פון באַהערשן די פּאָזיציעס אין די שטעטלעך. ענינים צו חלוקי דעה זיינען געוויינלעך פאָרגעקומען. צווישן פּאָסעסאָרקע חסידים פלעגן מחלוקה'ס ניט געשען, דער פאַך זייערער האָט זיי געהאַלטן צוזאַמען און אימער פאַרחברט. קריגן זיך, צומאָל, צווישן זיך פלעגן זייערע פורמאַנעס, אַלעמאָל קריסט־לעכע. זייער "חסידות" פלעגט קומען צוליב די "טרונקגעלטער" וואָס זיי פלעגן באַקומען פונעם רבין, כלומר פון דעם וואָס דער רבי האָט געגעבן צום גבאי פאַרן פורמאַנס ווען דערפאַר וואָס ער האָט אים בשלום איבערגעפירט פון שטעטל צו שטעטל.

— איך גלויב ניט אינעם רבין פון דיין פּאָסעסאָר...

— וואָס מיינסטו, אז דער הוסיאַטינער איז גרעסער? ער איז דאָך אַן אויסטריאַצקער, ווי קאָן ער העלפן פון אַוסטריא צו אונדז?...

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן, סטעפּאַן? מיין רבי האָט יידן פון ביידע זייטן גרענעץ; וואָס ער דאַרף טון פאַר אונדזערע, וואָס ער

דאַרף טון פאַר אוקראַינער זשידעס ווענן מאַכט ער דאָס דורך זיינע מלאכים, זיי האָבן ניט פאַר זיך קיין גרענעצן...

— מיר איינרעדן, סטעפּאַן, — האָט מיכאל שטאָלץ געענטפערט; — ווערסטו נים. וואָלסט באַדאַרפט א קוק טון אינעם פּנים פון מיי־נעם וואָלסטו זיך איבערצייגט, ווי דער ארכאַנגעל מיכאַאיל, אַט ווי דער מלאך מיכאל....

א "למדנות" האָט ביי חסידים און זייערע רבים אָפּט אויסגע־דריקט זיך אין גימטריאות און נוטריקין; דער מקור און שטויסער דערצו איז געווען דער פירוש "בעל הטורים" אויף חומש. נאָך היינט באַגעגנט מען צווישן די מאַהיקאַנער פון מיין דור איגנאָראַנטן לגבי יידישער חכמה, אָבער קונצענמאַכערס אין נוטריקין: — אמן — מיינט — איך מאַן נאָך. "ברכו" מאַכט בשמחה רבה ואמרו כולם, וכדומה.

פון א רבין האָט מען זיך אָפּגעלערנט איידעלע התנהגות, אָפּגע־היטקייט פון גראָבע תנועות, הילכיקן געלעכטער און שמחה, שמחה איבער אַלץ. א זיץ צוזאַמען, אַן אָרעמער ביסן מיט א קאָפּ שנאַפּס און א האַרציקער לחיים מיט ברכה פאַר כל ישראל, ברכה און ישועות ונחמות. די נחמה־ברכה האָט זיך באַצויגן אויף נחמת ציון וירושלים...

אין יענעם טייל פון דער מאַסע וואָס לויפט ניט צו שפּרעכער־קעס, "בעל־שם׳ען", קאַרטנוואַרפערקעס און ענלעכע קוואַלן פון גע־וואָר ווערן וואָס וועט מאָרגן זיין, פלעגט דער רבי געשעצט זיין ווי דער ייד וואָס האָט זוכה געווען צו "קאָנען זיין אָפּגעהיט פון זינד" אז מענטשן זאָלן אים מאַכן פאַר זייער ראַטגעבער; — "אין א רבינס חכמה דאַרף מען גלויבן, נאָר ניט מאַכן אים פאַר א שותף צו גאָט". דיזעלביקע אורטיילערס האָבן אָפּגעלאַכט פון חסידים, געהאַלטן זיי פאַר "שאַרלאַטאַנעס" פון א פרומען מין, לאָזן הונגערן ווייב און קינדער און ברענגען זיך אוים אויפן רבינס טיש און דעם רבינס קינדער...

די פּאַסעסאַרקע פון בעסערן שיכט פלעגט זיין אין קאָנטאַקט מיט דער רביצין; זעלטענער ,אָבער פאָרט האָט דאָס געטראָפן אויך

מיט א קלענערער מיוחסת אין דאָרף. פון אזעלכע פלעגן קומען מת־נות צום רבינס הויף, גאָרטנוואַרג, אויב דער מהלך איז ניט געווען גרויס, שמאַלץ, איינגעמאַכטסן, איינגעשטעלטע פרוכט־געטראַנקען, מערכטנס לעקעכער און פלאָדנס. פרוכטן אין גרעסערע קוואַנטי־טעטן האָט געשיקט דער פּאַסעסאָר.

מיט בקשות צו דער פּאַסעסאַרקע האָט א רביצן קיינמאָל ניט געווענדעט זיך, דאָס וואָלט „אָנגערירט דעם רבינס כבוד", דעם מאַנס אויך. צו א פּאַסעסאָר אין דאָרף זיינען „גוט־יידישע" **קינדער** אויסערגעוויינלעך זעלטן געפאָרן אין גאַסט. דעם רבינס הויף האָט געפירט „מלכות". צום רבין איז א פּאַסעסאָר און בכלל א חסיד זעלטן געפאָרן מיט דער פרוי, כיבע נאָר א פאַמיליען־צרה האָט דאָס ארויפגעצוואונגען. אינעם הויף איז די געקומענע „חשובע יידינע" געווען דער רביצנס גאַסט. זוכה זיין דערצו האָט געהייסן א „טרעפע".

נאָך זעלטענער פלעגט א פּאַסעסאַרקע באַקומען א מתנה פון א גרעסערער רביצן. אזא מתנה איז געווען דעם רבינס אַן אתרוג צו אַן עקרה וועלכע האָט אָפּגעביסן דעם פטום פון אים און דערוואַרט געהאָלפן צו ווערן מיט א קדיש...

„איר" האָט מען אין רבינס געזינדל געזאָגט צום רבין. גע„אירצט" האָבן דעם רבין זיינע אייגענע קינדער, און די רביצן גופא. „איר" האָט אים געזאָגט זיין מוטער, די אַלטע רביצן, אין דער אָנוועזנהייט פון „פרעמדע אויערן" און אויך פונעם רבינס קינדער...

אין די לעצטע פּאָר יאָרן פון די זיבעציקער איז געוואָרן מאָדע אויך אין דערפער איינלאָדן דעם רבין אויף א שבת, געוויינלעך איז בראש פון אזא אונטערנעמונג געשטאַנען דער פּאַסעסאָר. די איינ־לאַדונג איז געווען געבונדן מיט א בריוולעכן פאַרשפּרוך אויף א גע־וויסער סומע געלט, אָדער בכלל איז עס וועט ווערן געזען אז דעם רבינס קומען זאָל דעם הויף ברענגען שיינע הכנסה. א רבי האָט ניט געטאָרט ארומפאָרן איבערן לאַנד אָן א באַזונדערער דערלויבעניש פון פּאָליציי. עס פלעגט דערפאַר אָנקומען שווער און אונטערן תי־ריץ פון הייכן זיך, פון פאָרן צו א חתונה פון אַן אייגענעם און געווים נאָך אנדערע ענלעכע „וויכטיקע" סבות. צווישן די פּאַסע־סאָרן וואָס האָבן זוכה געווען דערצו איז געווען אין 1882־טן יאָר

מיין פאַטער. ער און זיין רייכער שוואָגער האָבן דאָס "אויסגעפּועלט" און גאַראַנטירט אַ גרויסן עולם, דאָס האָט געמיינט גרויסן איינקום. געווען איז ער, דער "זינקאָווער" רבי דאָן אין דעם וואָלינער שטעטעלע קופּעל. געזאָלט האָט ער קומען צו אונדז פּריוואַטיק ווייל אויף דעם טאָג איז אויסגעפאַלן דער ברית פון מיינעם אַ ברודערל; דער רבי האָט געזאָלט זיין סנדק. דאָס שטעטל האָט ניט מסכים געווען, מ'האָט דעם רבין געוואָלט אויף שבת. ווען דער רבי מיט אַ סוויטע זיינען שוין געווען אין די קאַרעטעס ביי דער מיל, האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז דאָרט איז דער וועג געווען פאַרשפּאַרט מיט מענטשן. דער ראש פון זיי האָט דערקלערט אַז דעם רבין אָפּלאָזן פון שבת ווילן זיי ניט, עס וואָלט געווען אַ סקאַנדאַל פאַרן שטעטל אָפּשיקן דעם רבין גראָד ערב שבת. געקומען איז דאָס צו דעם אַז דער רבי האָט אימפּראָוויזירט אַ בית־דין מיטן אָרטיקן רב בראש, דער בית־דין האָט געפונען דעם זכות פון אַ יידישער עדה גרעסער און דער רבי איז צו אונדז געבראַכט געוואָרן ערשט נאָך שבת...

אינטערעסאַנט צו דערמאַנען די באַציאונג פון אונדזערע פּויערים צום רבינס באַזוך. זיי האָבן דאָס אָפּגעשאַצט "ניבע נאַש בים־קופּ" אַ גלייכן ווי אונדזער יעפּיסקאָפּ. אַ פּאָר צענדליק פון זיי זיינען געקומען בעטן פונעם רבין "טאַליסמאַנען" קעגן קינדער־שלאָפקייטן. דער רבי איז צו זיי אַרויסגעגאַנגען, געהאַלטן זיך אָפּגעטיילט דורך אַ עגול פון חסידים אַרום אים, ער האָט זיי דערקלערט אַז זיי פאַרמאָגן גרויסע "סוויאַשטשעניקעס" וואָס בעטן פאַר זיי שטענדיק; עס וואָלט געווען אַן אומכבוד פאַר די דערמאַנטע הייליקע ווען זייערע גלויבנסגענאָסן וועגדן זיך צו אַ ראַבינאָ פון יידן: — "גאָט האָט ניט ליב אַז פּירערס פון איין רעליגיע זאָלן זיך אַריינמישן אין די נויטן פון אַ צווייטער רעליגיע". ער האָט יעדן פּויער אַריינגעלייגט אַ זילבערנע מטבע צום אָנדענק...

דעם רבינס וויזיט צו אונדז וועלכער האָט געדויערט אַ דריי מעתלעת האָט אַרויסגערופן רעספּעקט צו מיין פאַטער אין אַ גרויסער סביבה דערפאַר צווישן די יידן, גאָר באַזונדער צווישן די פּויערים. די דערגרייכטע גוטע גערעטענישן אין אונדזער ווירטשאַפט צוליבן

פּאַסעסאָרס טיכטיקער מי, פּלעגן באַטראַכט זײַן ווי אַ רעזולטאַט פון דעם רבינס ברכות...

---

צו פאַרענדיקן די זכרונות און שילדערונגען מײַנע פון יענער צײַט קער איך מיך אום צו די שטעטלדיקע געסט אינעם דאָרף בײַם פּאַ־סעסאָר.

אַן אַלטער חזן, — למשל סאַני גרײַדונגער; אַן אָפּגעפּאָרענער אַרטיסט ווי, אַ שטײַגער, שלמה גאָלדפאַדן (אַברהם׳ס ברודער); אַ בדחן פון אַ געוועזענעם אַקטיאָר, צום בײַשפּיל הערש בראַדער (פרײד־מאַן); אַ הײַזעריק געוואָרענער עסטראַדן־דערצײלער וועמעס נאָמען איך האָב פאַרגעסן; אַלע די און זײער גלײַכן האָבן זיך געצויגן אין דאָרף אַרײַן צום ״אויסגלײַכן די בײנער״, צום דורכלופטערן די פאַר־קאַטערטע אָטעמרערן און אַרײַנפּרעסן אַ מילכיקע סעודה...

אויף סאַני חזן, אַ שטאַרק פאַרעלטערטער, וואָס זײַן באַרימטער ״לאַל עורך דין״ איז שוין געווען אַ ווײַטער עבר, פלעגט מען, נאָך זײַן שבתדיק דאַווענען אין דאָרף זאָגן: — אַ שאָד, נעבעך, זעט אויס געווען אַמאָל אַ כלי, אַן אַנטיקל פון אַ חזן, נאָר די עלטער האָט אים אײַנגעגנאַשט, דאָך...

סאַני חזן האָט בײַם טיש דערצײלט ווי אַזוי ער פלעגט ״צו דאַווענען״ באַטעמט, און דערבײַ פירגעשטעלט אַלע גרויסע חז־נים פון זײַן דור...

שלמה גאָלדפאַדן האָט אין מײַנע ייִנגל־יאָרן נאָך ״געלעבט״ אין דאָרף אין די שבתים, איבערהויפּט. שבת־צו־נאַכט (גערופן, אַגב, שפּײַסענאַכטס) אין דער סביבה פון אַ סך צוהערער און ממש באַ־גײַסטערטע פאַרערערס. אַ קלײניקײט שלמה גאָלדפאַדן, דער ברו־דער פון יענעם, דער גרויסער גאָלדפאַדן, און אַלײן נאָך אויך ״ניט צום אַרויסוואַרפן״. ער האָט באַוויזן דעם עולם וואָס אַזוינס איז אַ ייִדישער אַקטיאָרטשיק, געגעבן מוסטערן פון דעם וואָס האָט גע־הײסן ״טריאַטער״. ״האַצמעך״ איז דורך אים ממש געוואָרן אַ קרוב צו יעדן ייִדן אין דאָרף. שולמית — די בת יחידה — אין יעדן ייִדישן געזינד. קוני לעמל — אַ שמענדריק וועמען יעדער האָט נאָכ־

געמאַכט. שלמה גאָלדפאַדן האָט אין דאָרף געטון אַן אויפקלערונגס־אַרבעט און פאַרשפּרייט גרויסשטעטישקייט...

הערש בראַדער איז געווען אַ מין בעל־הטורים, נאָר אַ לצ׳עדיקער, וואָס האָט אויסגערעכנט במספר קטן ווי אַזוי וחלקלקות באַטרעפט "אין אַ מזלדיקער שעה", אָדער "מיטן קאָפּ אין דר׳ערד אַריין"...

געווען איז הערש אַ פּאַראָמגליקטער, אַ מין גאון וואָס צוליבן "פאַרפוילט ווערן" אינעם קליינעם שטעטל איז ער ניט נתגלה געוואָרן "מיט זיינע גרויסע ספּאָסאָבנעסטיען (פעאיקייטן) אין די גרעסטע חשבונות"; הערש איז געווען פון אברהם גאָלדפאַדנס ערשטע מיט־שפּילערס און איז — הייזעריק געוואָרן...

— מיט הערש בראַדער לאַכט מען, וויינט מען, באַווײַנט מען אַ רב אין אַ קליין שטעטל, אַ יולדת וואָס גייט שווער צו קינד, אַ שוס־טער וואָס צערייסט די שיך איידער ער נייט זיי אויף, אַ חזן וואָס פאַרקריכט אינמיטן כל־נדרי אין חד גדיא, הערש "איז דיר אַ מין כל־יכול פון הכל, בכל מכל, לכל (לייען: — האקל, באקל, מיקל, לאקל) און מאַכט דיך אויסצודרייען מיט אַלע מחותנים אינאיינעם". טאַקע איז ער געווען פעאיק אויף אַ סך געביטן, און בעיקר אין נוטריקן (אי־ניציאַלן פון וועלכע מע מאַכט ווערטער)...

דער אַרטיקער בדחן איז ביי דער גבירישער חתונה געווען גע־קריוודעט צוליב הערש׳ס פּאָפּולאַריטעט. גבירים האָבן רק אים גע־וואָלט צו זייערע חתונות, דעם אַרטיקן האָט מען "פאַרשטאָפּט דעם פּיסק" מיט דריי קאַרבאַטשן (דריי רובלס). רוקט אַריין אַזאַ גע־קריוודעטער בדחן הערשן אינמיטן פון די נוטריקן — "ר׳ הערש, בדחן מאַכט: — ברוב דברים חכמה נחסרת", אויב מע פּלאַפּלט אַ סך זאָגט מען נארישקייטן. ענטפערט דערויף הערש גלייך: דאָס מאַכט אין גויאיש — "ברעשעש, דורניו, כאָטש נעזנאַיעש", דו בילסט, שוטה, כאָטש דו קאָנסט ניט...

דער באַרימטער רוסישער שרייבער איוואַן קופּרין האָט אים באַ־געגנט אין אַן אכסניא, באַקאַנט זיך נאָענטער און שפּעטער געמאָלט אים אין אַן עסיי אונטערן נאָמען "זשאַלקי באַלאַגור", דער נעבעכ־דיקער בדחן; דער רוסישער "קאָפּ" האָט ניט באַגריפן דעם אויס־געצייכנטן יידישן בדחן אין וועמען עס איז צוליב הייזעריקייט פאַר־

לוירן געגאנגען א גאַר גרויסער קאָמיקער פונעם בית־המדרשדיקן טיפּ.

— רב הערש, ווי אזוי מאכט שבת?...

— שבת מאכט: — שבת בשר תאכל (שבת זאָלסטו עסן פלייש). מאכט דאָס צוריקוועגס — טאָמער וועט שאטן? מאכט דאָס ווי־דער — שבת בראָנפן טרונקען. מאכט דאָס איבערגעקערט — טאָ־מער וועט שלייפערן? מאכט דאָס דאך — שנה בשבת תענוג (שלאָפן אום שבת איז א פארגעניגן)...

אין הערש בדחנס צייטן האָט עולם געקוויקט זיך אויך מיט די "חכמה׳ס" פון מאני דלוגאטש׳ס דינעם ביכל "וועלט־מסורה" וואָס האָט פארמאָגט דעם סטיל פון גמרא.

ביי א פּאָרפאָלק פלעגט אויף לאנג־לאנגע צייטן פארבלייבן דער נחתדיקער שטאָלץ פון האָבן צו דער חופה־וועטשערע הערש בראדער אלס בדחן. די גרויסע פּאָפּולאריטעט אָבער האָט ניט געשטערט דעם הייזעריקן קאָמיקער אָפטמאָל ליידן הונגער...

— רב הערש, ווי אזוי מאכן די ראשי־תיבות (איניציאלן) פון רעב (הונגער)?...

—מאכן שלעכט, ברודערקע. מאכן ווייטיקן אין בויך, אין קאָפּ, אין די קריזשעס און אינעם ביכעלע ביים בעקער...

---

# קאפיטל צוואנציק

"פּלוצים"...

א וואָרט וואָס דאַרף ניט געזאָגט זיין אין "א שלעכטער שעה". אויך צום גוטן ניט. עס טוט א ריס דאָס האַרץ, א טרייסל די נערוון, אזוי ווי א שטורם די בלעטער אויפן בוים...

בימי אלעקסאנדר, דער צווייטער, איז דער יידישער "ברוך השם" געהאט געוואָרן שוין שטייגער פון לעבן. דער וואָרים אין כריין האָט ניט געטראכט אפילו פון ארויסקריכן. די באפרייאונג פונעם פויער האָט דעם יידן פארלייכטערט די חיונה און די גלות־פּלאָגן בכלל.

— אז מלכות האָט שוין דערזען די עוולה פון "פּאנשטשענע" וועט זי בודאי א קוק טון מיט רחמים צו יידן...

טאקע האָט דער ייד געאָטעמט פרייער און א ביסל בהרחבה'דיקער, געזוכט נייע מקורים און דרכים צו זיכערן זיין עקזיסטענץ.

פּאָליציי איז מיטגעגאנגען. זי האָט באוויזן א סבר פּנים יפות צוליב פאראָפּטערטע מעגלעכקייטן פון "לאפּקעגעלט". די דערוואר־טונגען אירע האָבן זיך באזירט אויף נייע יידישע איניציאַטיוועס, אויף נייע אונטערנעמונגען מחוץ דעם געזעץ...

געלערנט האָט מען שוין. דערזען שוין אפילו צומאָל א גימנאזיע־מונדיר מיט זילבערנע קנעפּ. משכילים האָבן געקוואלן, פּשוטע יידן האָבן נאָך מורא געהאט טאָמער "טויג דאָס ניט", טאָמער וועט דאָס

שאַטן צו יידישקייט. יוגנט האָט שוין געשפּירט עפּעס אין איר באַ־
זיץ כלל ישראל האָט זיך שוין געוואונטשן ישועות "במהרה בימי־
נו". געוואַרט מיטן פויער צוזאַמען.

דעם "מזרח" ביי יידן האָט פאַרנומען דער רבי, ווירקלעכער די
סיסטעם פון חסידות, די דעמאָקראַטישקייט פון "לאָמיר אַלע אײנ־
איינעם". אַרונטער פון כסא הכבוד איז דער למדן מיט זיינע איינ־
געפּרוּירענע פּוסקים־געזעצן אין דעם גייסט פון "יקוב הדין את ההר",
— ווער געהרגעט און פאַלג. דעמאָקראַטישער איז אין פאָלק געוואָרן
אויך די באַציאונג צו אים, ברוך הוא. פיל דערצו האָט בייגעטראָגן
די אויסגעוואַקסענע פאָפּולאַריטעט פון דעם "גרויסן באַרדיטשעווער
דעמאָקראַט", רב לוי יצחק דורך שילדערונגען פון זיין היימישקייט
מיט גאָט. עולם האָט שוין געקאָנט מענדעלעס "בעל טאַקסע", אַליין
דערזען די "קליינע מענטשעלעך" אין דער שטעטלדיקער געזעלשאַפט
און הנאה'דיק געכאַפּט די "חטאות נעורים" פון ליליענבלומען. די
יידן פון "דריבנע אותיותלעך" האָבן צונויפגעלייגט העברעאישע צייַ־
טונגען ווי נוצלעכע דאָקומענטן.

א פּעולה דערביי האָט געהאַט די רוסיש־טערקישע מלחמה. פון
איר זייענען צוריקגעקומען מענטשן "וואָס האָבן געשמעקט פּולווער",
געענדערטע מענטשן. זיי האָבן געוועקט נייגער און — באַגער. אין
זייערע מעשיות איז אַלץ געווען חדושימדיק.

פאָדראַטשיקעס — אונטערנעמערס, — האָבן געבראַכט מיט זיך
געלט און איניציאַטיוו. זיי האָבן געזען אַנדערע און אַנדערשדיקע
התנהגותן אין אַנדערע לענדער.

דער פאָדריאַדטשיק און דער היימגעקומענער סאָלדאַט, האָבן
געוואוסט וועגן וואָס אַנדערע וויסן ניט, האָבן פאַרמאָגט צו ביסלעך
געלט. עס האָבן זיך באַוויזן אַקטיאָרן מיט אָפּלאַך פון פאַרעלטערטע
אופנים אינעם יידישן לעבן, מיט געשטאַלטונג פון נייע מענטשן.
שמ"רס ביכער זיינען געווען אין רעכטן גאַנג און "פאַרטשעפּעט"
אויך פאַרשוינען פון פרומען שיכט. דער שומר פון לשון קודש, דער
משכיל, האָט גענומען שוין אין האַנט א זשאַרגאָנישן בוך. גאָלד־
פאַדנס לידער האָבן זיך פאַרשפּרייט שנעל. ליבע־לידער זיינען גע־
זונגען געוואָרן אָן שיעור. דער "קונה הכל" אויף אַלץ דעם איז געווען

באלמעלאָכעשער צעך, ער האָט אויפגעכאַפּט די ציוויליזאַציע מיט חסידישער התלהבות, דערגענצט זיין באַגאַזש מיט מלחמה־געשיכ־טעס און אַנעקדאָטן, און געזוכט קאָנטאַקט מיטן באַלעבאַטישן בחור וועלכער האָט געענטפערט דערויף בסבר פנים יפות. פאַרשטייט זיך די משכילישע צווישן זיי.

עס מוז אָבער ניט מאַכן דעם איינדרוק פון אַ קאָאָרדינירטן צוג מיט ענדערונגען און אימער נייע אַנטוויקלונגען אינעם גאַנג פון יידישן לעבן אונטער דעם, אָדער יענעם איינפלוס. דאָס זיינען גע־ווען "ווינטלעך" וואָס האָבן געבלאָזן פון פאַרשידענע זייטן. געקומען איז אַלץ לאַנגזאַם, אַפילו מיט איבערשלאָגן אינעם צוג. געווען איז דאָס אַלץ אין דער צייט פון היסטאָרישער באַשערטקייט וואָס האָט געבראַכט ענדערונגען ביי אַלע גרעסערע אייראָפּעאישע פעלקער. אייך ביי ניט־יידן איז אָנגעגאַנגען אַזאַ אומבייטונג. איך דערמאָן מיינע בני־דור, אָדער די באַלדיקע נאָכקומערס אונדזערע, סאַראַ רעוואָלוציע עס האָט געמאַכט אינעם רוסישן לעבן דער "פאָטערס און קינדער" פון טורגעניעוון, זיין "רודין", און "אַבלאָמאָוו" פון גאָנטשאַראָוון. איך געדענק אַן איבעראַשנדן אַרטיקל אינעם "המליץ" וועגן דעם לויף פון דער צייט, וועגן וואָלקנדלעך, וועלכע זיינען אָן אָנזאָג אויף אָנ־קום פון דעם גרויסן רעגן וואָס שווענקט אָפּ און פרוכפּערט דעם באָדן צו ברכהדיקער געוועטעניש...

בטבע מידע לייט, גערופענע "פאַרשלאָפענע", האָבן זיך פלוצימ־דיק אויפגעכאַפּט אויסגעשלאָפענע, מונטערע, מיט וואַכע שטימונגען און געדאַנקען. דאָס פלעגט באַוועגן די באָאַבאַכטערס אינעם המון צו זאָגן — זע נאָר סאַראַ קנאַקער ער איז דאָס געוואָרן זינט... זינט ער חברט זיך מיט די פּאָדריאַדטשיקעס, זינט ער האָט גענומען לייענען ביכלעך, זינט ער האָט אָנגעהויבן פאָרן קיין קרעמענעץ, זינט ער איז געוואָרן "זאַ פאַניבראַטאַ" מיטן אַפּטעקער...

אין דאַרף האָבן די ראָל געשפּילט קוים צעניאָריקע יינגעלעך. איי־נעם אַ "תלמיד" מיינעם, בעת איך בין געווען אין יענעם עלטער, וויל איך דאָ פאָרשטעלן, מיכל האָט ער געהייסן, דער רויטער האָט מען אים גערופן. אַ ייד אַ דעמיב מיט ברייטע פּלייצעס און שווערע לאַ־פּעס. אַ שמיד געווען, געמוזט אָוועקוואָרפן די מלאכה ווייל די

אַדערן האָבן ביי אים געקראַמט זיך פונעם קאָוואַלסקען האַמער. איז ער געוואָרן אַ "מענטש" ביי מיין פאָטער אין אַ מאַיאָנטעק, געוואָרן אַ מין יידישער מוזשיק. משכילים פון שכנהשן שטעטל האָבן אים גערופן "ספּעקטאָרס מוזשיק". אָט דער מיכל פלעגט צו אונדז קומען יעדן זונטיק איבערשמועסן מיט מיין פאָטער וועגן ווייטערדיקע אַר־בעטן אין דער "פּאָסעסיע". אָנגעטראָפן האָט ער אַמאָל ווען איך האָב פאַרגעלייענט, מן הסתם, ספּעקטאָרס אַ ראָמאַן, אָדער גאָר אפשר דעם "שוואַרצן יונגערמאַנטשיק", דינעזאָנס. "אַ דונער האָט אים גע־טראָפן", לויט זיין אייגענער אָפּשאַצונג פון דער איבעראַשונג. ער איז אין אַ ווינקעלע געזעסן אויף מיין מוטערס פּיסבענקעלע און גע־הערט "וואָס די ביכלעך שרייבן". ער האָט מיר אינעם זעלביקן טאָג פאַרטרויט בסוד סודות, אַז ער וואָלט אַ בעלן זיין הערן אַנדערע ביכ־לעך וואָס זיי שרייבן און צי אַלע שרייבן אַנדערש. און נאָך אַ זאַך:
— וויפל קאָן דאָס געדויערן ביי אַזאַ פויער ווי ער גופא צו לערנען זיך לייענען די דריבנע אותיותלעך און קאָנען אַמאָל אין לעבן קומען צום לייענען אַליין, — פאַרשטייסטו דאָס, מאָססיעלע (מיין קינדער־שער נאָמען)?...

איך האָב דאָס פאַרשטאַנען. מיין השגה איז געווען אַ בריה'שע. איך האָב אים געגעבן דערויף "סטראָק" עטלעכע חדשים דורכאַנאַנד און איין שעה יעדן אָוונט, און אַ דריי שעה יעדן זונטיק, און קומען צו מיר עקזאַמינירן זיך צי קאָן ער שוין אַליין לייענען אַ בוך.

— אַן 'אַרימאַן", יאָ?...

— אַ ראָמאַן, רב מיכל, האָב איך אים אויסגעבעסערט.

ער האָט זייער געוואָלט קאָנען אַליין לייענען. אויך איך האָב זייער געוואָלט ער זאָל דאָס דערגרייכן. זיין דינסט־פּלאַץ איז געווען אָפּגעטיילט פון מיין וואָינדאָרף מיט בלויז אַ דריי קילאָמעטער. ער פלעגט אַ פּאָר מאָל דורך דער וואָך קומען צו מיר, געהאַט צוליב אַ תירוץ וואָס צו פרעגן ביי מיין פאָטער, און געכאַפּט אַ "לייען" אונטער מיין קאָנטראָל. זען האָט מען באַדאַרפט דעם יינגלעשן פּנים וואָס דער "דעמב" האָט באַקומען ווען איך האָב אים אַלץ פאַרקירצט דעם סטראָק (טערמין) פון קאָנען דערגרייכן זיין אידעאַל...

— דו מיינסט אוודאי, מאַססיעלע טייערער, אז דאָס קומט מיר אָן ווי אויסלערנען א לאשעק גיין אין אקער? לא מיט א לאַפּעטע! שוויים רינט אויף יעדערן אות, און קאַטאָרגע מאַך איך דורך מיט יע־דערער שורה. דאָס איז ניט א הויב מיטן האמער איבער דער קאַ־וואדלע און א זעץ אין א צעגליטן אייזן; מיר פאַרדרייט זיך דער קאָפּ, צום שווארצן יאָר. אָבער איך רייס עס מיט די ציין...

מיכל האָט איינציייטיק געמאכט פארשריט אין שרייבן. געווען זיי־נען דאָס "קאָטשערעס מיט לאַפּעטעס", אָבער אַלץ ווייטער געוואָרן ענלעך צו אותיות. מיכל האָט אויף כח אויסגעלערנט זיך לייענען א יידיש ביכל, אָנשרייבן א יידיש בריוול, און — נאָך א שטארקער פּראָפּאַגאַנדע מיינער, מער איבער זיין קלייענדיקער יידענע, איידער איבער אים, איז ער געפאָרן קיין אמעריקע און געוואָרן דאָרט א פּרעסער.

אונדזער קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך אָפּגעשטעלט צום האלבן יאָר. ער האָט געשריבן — אמעריקע איז א לאנד פאר אזוינע בורלאקעס ווי איך, אָבער צייט פעלט, מע וויל דאָך ווערן א שטיקל מענטש אויך.

אויפגעזוכט האָב איך מיכלען אין ניו־יאָרק אין יאָר 1930. זיין פּראָלעטארישער אויסזען פון א שמיד אין אוקראַינע, האָט זיך שטארק געביטן. דער צילינדער־הוט וואָס האָט באצירט זיין קאָפּ אום שבת האָט אים געמאכט פיין אימפּאָנירנדיק. דער נוסח פון זיין רעדן איז געווען אַן אינטעליגענטער, ניט געקאָנט וואָלט ער אנדערש ווערן א פּירנדיקע פּערזאָן אין זיין פאריין. זיינע קינדער האָבן גענאָסן פיינע בילדונג, א טאָכטער האָט ארטיסטיש געשפּילט פּיאנאָ און אנאנדערע, אַלץ רויטינקע! איז געווען א לערערין אין א פאָלקשול...

— איך גופא, האָט מיר מיכל געזאָגט, בין וואָס מע רופט א "פּייפּער"־אינטעליגענט. איך ארבעט שוין ניט אזוי שווער, מאַך מיין לעבן פיין, לייען אויס דורכן טאָג און אינעם אָוונט אַלע פּיי־פּערס, די יידישע, און א ביסל פון די ענגלישע. געדענקסטו, מיין אמאָליקער פריינד מאַססיעלע, ווי דו מיט שמ"רן האָבן איבער מיר געשוויצט צו מאכן מיר פאר א למדן אין עברי זאָגן?...

יענע יאָרן זיינען טאקע דער פּעריאָד פון גרויסע ענדערונגען אי־נעם יידישן לעבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אנטוויקלען אויך די יידישע

שפּראַך און ליטעראַטור. עס איז דעמאָלט געוואָרן שמעלער דער צע־שיידונג־שטח צווישן יידישע סאָציאַלע שיכטן און צווישן ייד און קריסט. עס האָט אויפגעהערט דער ספּעציעלער זשאַרגאָן אינעם רעדן וועגן דעם ניט־ייד ווי, למשל, "גנזשליאָקעט" אנשטאָט געטרונקען, "פּרעסן" במקום עסן, "באָליען", במקום ליגן, "כאסליערע געהאט" פאַר חתונה געהאט, "משוגע'בערעם" פאַר מעוברת, אד"גל.

געכאַפּט דעם שלאַק ביי יידן האָבן דאַן אויך זאַבובאַנעס (דומע איינרעדענישן): — שדים, לצים מכל המינים, דער עיקר שטוב־לצים וואָס אין אָפּוועזנהייט פון די באַלעבאַטים קערן זיי איבער וועלטן, טוען אָן שאָדנס און שפּאַסיקע צולהכעיסן. חלומות פּאַסט פּאַקטום מיט געשטאָרבענע באַבעס און רביצנס האָבן אויך געליטן פון "יק־רות", געוואָרן שווער צו באַקומען גלויבערס. די "אפיקורסות" האָט אויך דערגרייכט פיל אומזיניקע מנהגים ווי אָפּהאַקן דער שוואַרצער קאַץ דעם האָריקן טייל פון איר עק כדי מאַכן זי "אומשעדלעך" פאַר די קליינע קינדער, וכדומה.

אָנגעהויבן האָט זיך קריטיק איבער "יידישע פּרנסות". קרעמער האָט פאַרלוירן א קווינט פון זיין יחוס, עולם האָט שוין געמורמלט — "א בריה אָנצוזאַמלען פאַרמעגנס צוליב דעם וואָס דער קונה איז בלינד אין מקחים פון סחורות". בכלל זיינען געקומען צו ירידה, געזעלשאַפטלעך, די אויסגעשפּראָכענע "לופטמענטשן", "שטעקל־דרייער", "קוימען אויפשטעלער" און אַנדערע מינים קליינשווינדלערס אין מסחרים. אָפּנאַרן, אויסנאַרן האָט געלאָזט זיך הערן אָפּטער אי־נעם וואָרט "אָפּכוימלען"...

---

צו דער געשילדערטער צייט האָט שוין אונטערערדיש געקאָכט דער פּראָטעסט קעגן דער צארישער ברוטאַליטעט און דעם זעלבסט־הערשנדיקן רעזשים. אויפן לעבן פון דעם צאַר, אלעקסאַנדר דער צוויי־טער, זיינען געמאַכט געוואָרן א פּאָר אַטענטאַטן. די זשאַנדאַרמעריע האָט שפּיאָנירט, פּראָוואָצירט, אריינגעכאַפּט קרבנות, געפּייניקט צום פאַראַטן חברים, פאַרשיקט אין סיביר, פאַרפּאַקט אין פּעטראָפּאָוו־לאַווסקי פעסטונג און באַנוצט זיך אויך מיט תליה. די אָנוואַקסנ־דיקע רעוואָלוציע איז ניט דערשטיקט געוואָרן. געהייסן האָבן אלע

רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסטן, אָדער — ביי דער רעגירונג און גוט־באַזיצערס — ניהיליסטן. זייער שלאָגוואָרט איז געווען — "קריוודע פונעם פויער" און "פּאַרלאַמענטאַרע רעגירונג" ווי אין עסטרייך, ענגלאַנד א. א. יידן, נאַטירלעך, האָבן מיטגעדענקט און מיטגע־האָפט...

— בשעת "הדותא", ווייל טאַקע מ'האָט באַפרייט כאַמען פון פאַנשטשיזנע וועט מען א קוק טון צו יידן מיט רחמנות...

מיין פאָטער פלעגט אָפט אהיימברענגען פון דער באַנסטאַציע ידי־עות וועגן דעם אַז די סטודענטן ווערן אַלץ געוואַגטער און רייצן בפומבי (עפנטלעך) צו רעוואָלוציע און אויפשטאַנד...

דאַן — פּלוצים...

צו אונדזער טראַדיציאָנאַלער פּורים־סעודה מיט יידן פונעם דאָרף, מיט געסט, שכנים און דעם פאָטער פון מיין מוטער, איז אומדערוואַרט געקומען פון דער סטאַציע אונדזערער א נאָענטער קרוב, דער "פּאָליטיקער" אין דער משפּחה, וואָלף לייב האַלפּערן, און באַלד עפּעס אַריינגעשושקעט מיין פאָטער אין אויער. דער פאָטער איז געוואָרן בלייך, האָט דאָס איבעראַשנדע איבערגעגעבן צו מיין זיידן, יענער האָט אויסגערופן "ברוך דין אמת" און שטיל געבליבן אויף א פּאָר מאָמענטן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געמאָלדן:

— יידן, א ביטערע בשורה. דער קיסר איז פון א באָמבע צעריסן געוואָרן...

אַלע זיינען פאַרשטיינערט געוואָרן...

— אויף א גאַס אין פּעטערבורג, — האָט מוסיף געווען וואָלף לייב.

נאָכן ערשטן שאָק האָט מען זיך אויסגעזעצט אַרום טיש צו הערן וואָס מיין זיידע האָט צו זאָגן דערויף. לויט שפּעטערע שילדערונגען זיינען אין מיין זיידנס אויגן און אויך ביי אַנדערע געווען טרערן.

— רבותי, פאַרנעמט מיינע רייד. ווי מיר האָבן בקבלה גייט דער סדר־הדורות ביי קיסרים אין רוסלאַנד אַזוי: — איין קיסר א שלעכטער, זיין יורש א גוטער פאַר יידן. דער קיסר וואָס האָט גע'מת'ט איז פאַר אונדז געווען דער גוטער. מי יודע וואָס עס קומט אויף אונדזער אומה אין דעם לאַנד...

דער שמועס האָט זיך אָנגעהויבן. וואָלף לייב האָט דערקלערט אַז דעם נייעם קיסרס (אַלעקסאַנדער דער דריטער) רבי איז געווען דער אויבערפּראָקוראָר פונעם „הייליקן" סענאַט. וואָס קאָנען מיר דער־וואַרטן פון פּאָפּעס?...

— לב מלכים ושרים ביד ה' — האָט א ייד געטרייסט, — אויך דאָס הארץ פון א קיסר איז ביי גאָט אין די הענט...

באַלד איז לויט רעקאָמענדאַציע פון פּאָביעדאָנאָסצעוון נאָמינירט געוואָרן דער גראַף איגנאַטיעוו פאַר אינערן מיניסטער. מיט אים זאָלן יידן האָבן געפּירט אונטערהאַנדלונגען ניט צו מאַכן גזרה'ס קעגן יידן. דער מיניסטער האָט געזאָלט באַקומען אין דער יד אריין דריי מיליאָן רובל. א קלאַנג איז געווען אַז עטלעכע שליחים פונעם באַראָן האָראַסיאָ (נפתלי הערץ) גינצבורג פאָרן ארום באַשמועסן דעם ענין מיט יידישע גבירים און רביים. אין א נאָענטן טערמין איז צו מיין פאָטער געקומען צוזאַמען מיט איינעם א פּאָסעסאָר, לייזער לאַפּאַטין פון פּעטראָקאָוויץ, און זיי האָבן זיך א שעה צייט פאַרהאַלטן אונטערן שלאָס אין דער „סאַליע" פאַר חשובע געסט וועגן. מיין מוטער האָט אהין געטראָגן כיבוד, דאָך געהיט דעם צוגאַנג כדי קיינער זאָל ניט קאָנען אונטערהערן. איך אויך ניט. באַלד זיינען אַלע אָפּגעפאָרן צו א ווייטערן פּאָסעסאָר...

אין יאָרן ארום בין איך געוואָר געוואָרן אַז דער ענין איז געווען „אויסגעשטעלט", נאָר אַן אומגליק איז געשען, פּאָבעדאָנאָסציעוו האָט זיך וועגן עפּעס דערוואוסט און צוגעאיילט די דערקלערונג וועגן פאַר־באָטן יידן באָדנפאַכט און באַזעצן זיך אין דערפער. וואָס דער באַ־ראָן האָט אויסגעפירט — די געזעצן זאָלן הייסן „צייטווייליקע רע־געלן". די צייטווייליקייט האָט זיך פאַרענדיקט מיט קערענסקים רע־וואָלוציע אנטקעגן דער דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָווס.

אין מיין געגנט האָט איגנאַטיעוו געהאַט א „שליסל" פון עטלעכע מאַיאָנטקעס, און א צוקערפאַבריק „לעוואַדא". אַלעמאָל קודם די גזרה'ס זיינען די מאַיאָנטקעס געווען אין פאַכט ביי יידן... ווען די קאָנטראַקטן האָבן זיך געענדיקט האָט איגנאַטיעוו באַפוילן זיין פאַר־וואַלטער פאָרצוזעצן די קאָנטראַקטן „אויפן וואָרט", דאָס הייסט אויפן געוויסן פון דעם גראַף. די פּאָסעסאָרן וועלכע האָבן דעם גראַף גע־

קאָנט פּערזענלעך האָבן צוגעשטימט. איגנאַטיעוו האָט זיינע פּאַ־סעסאָרן גערופן "מאַי יעוורעאַי" און דער פּאַרוואַלטער זיינער האָט מרמז געווען דער העכערער פּאָליציי, איינגעשלאָסן דער גובערנאַטאָר, אַז די יידן פון לעוואַדער "שליסל" ווערן פּראָטעזשירט פונעם גראַף גופא...

יידן האָבן געהיט די "תורה" פונעם נייעם בארג סיני אין גלות, זיי האָבן ניט עובר געווען אויף דער אַלטער טראַדיציע פון געבן כּאַ־באָר: — "זאָל אַ גוי ניט האָבן צו בילן אַז יידן זיינען מאַשעניקעס"...

אַזאַ דערשיינונג, אַגב, איז געווען בלחש'דיק געזעצלעך ביי פיל גרויסע אדונים פון אַלעקסאַנדערס קאַמאַריליאַ. יידן האָבן געפּאַכטעט מאַיאָנטקעס ביי די בענקענדאָרפס, שוואַוואַלאָוס, שפּעטער אפילו ביי פורישקעוויטשן. דער טעם איז געווען — "יידן היטן אָפּ דעם באָדן פון ווערן איסגעמאַגערט, אויך די בודינקעס פון ווערן חרוב"...

באָדנפּאַכט האָט אָנגעהאַלטן ביי יידן אַ סך יאָרן נאָכן "צייט־וויליקן פאַרבאָט" דערויף. עס זיינען דערשינען נייע, קיינמאָל ניט געוועזענע פּאַכטערס. איבער דער "פּאַפּירענער בריק" איז אַ ייד דערגאַנגען צום גרויסן אמת פון מענדעלען — "אַ ייד באַדאַרף אַ קערבל". פאַר דעם קערבל האָט ער באַקומען באַשטעטיקונגען אַז אין דעם מאַיאָנטעק וואוינט ער נאָך פון קודם דעם פאַרבאָט, ער איז פון דאָרט קיינמאָל ניט אַרויסגעפאָרן...

האָט מיר אַמאָל געזאָגט אַ גרויסער שונא ישראל פון צווישן די פּאָליצייאישע גדולים, אַז מיר יידן זיינען פּעאיק צו מאַכן פון יעדער אומלעגאַלער זאַך אַ געזעצלעך געשעענע...

— מיט דער הילף פון אייערע געזעץ־היטערס...

— ליידער יאָ, — האָט ער באַשטעטיקט, — מיר האָבן געמוזט צופּאַרדינען...

—און מיר — האָב איך געענטפערט, — האָבן געמוזט לעבן...

מיינע שוועסטער ראָזא בערנשטיין און
יהודית פרידמאן; מיינע ברידער
יחיאל און לייבוש.

ג.

# צארישער גלות און פּאגראָמען

# קאַפּיטל איינאונצוואַנציק

ביטערע געדעכענישן. שוואַרצע כמאַרעס רוקן זיך אָן אויף מיין געמיט בשעת איך הייב אָן פאַרצייכענען די רדיפות, פּייניקונגען, בלוט־בלבולים, אינסצענירטע משפּטים איבער אונדז, און די איבער־געחזרטע גרויסע בלוטבאָדן, ביז דעם אומקום פונעם לעצטן ראָמאַנאָוו.

אַלץ איז תמיד געשען צום באַדאַרף פון דער פינסטערער מאַכט, אַלעמאָל פּראָגראַמאַטיש אויסגעפירט, און צוגעגרייט. און דאָך — אַז וויי צו אונדזערע אין גלות! — באַשערט געווען די צאַרישע כאַ־דיסטן צו ווערן נישטיק לגבי דעם גרויס־טייוול פון אַלע באַרבאַרן, ימח שמו, וועלכער האָט אונדז גורם געווען זעקס מיליאָן קרבנות.

שוין אין 1881 האָט די אָפיציאַליזירטע רעאַקציע אָנגעהויבן אויפ־כנייען איר פּאָליטיק פון "אָנווענדן און אָפּווענדן": אָפּווענדן פון זיך און אָנווענדן אויף אונדז.

אַלעקסאַנדער, דער דריטער, לויטן נוסח פון דער רוסישער אינטע־ליגענץ, דער "פּאַפּ", לויטן נוסח פון יידן, דער שכור, לויטן נוסח פון פּעטערבורגער פּעבל, דער כאַם, האָט איבערגענומען די זעלבסט־הערשונג אַ צעשראָקענער. די שטענדיקע צערודערונג אַרום דעם "הויף" אין דער עפנטלעכער מאָרד פון זיין פאָטער האָבן אים געמאַכט גאָר־ניט ניחא די קרוין פון רוסלאַנד. טעראָר איז געווען די דערשיינונג

איבערן לאנד וואָס האָט יעדן צווייטן טאָג באוויזן זיך טא דאָ, טא דאָרט, און געשוועבט פאר די אויגן פון דער רעגירונג, ווי דער וואָפן סיי מצד די סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן, סיי מצד דער שווארצער קליקע אין אלע אירע ווינקעלעך.

דער אָפיציאַליזירטער אנטיסעמיטיזם איז ארויס פון זיין נארע מיט גאָל און גיפט. אין אלעקסאנדרס טויט זיינען באשולדיקט געווארן די יידישע "ניהיליסטן" וועלכע שלעפּן אריין דעם "אומגליקלעכן" קריסט אין זייער פארברעכערישער נעץ. דער געוואָרפענער לאָזונג איז געווען: "ראטעוועט זיך!". די סיבה איז געווארן אָנגעוויזן: — "די זשידעס פארכאַפּן". דער פויער, אָט ערשט א באפרייטער פון די פּאָליאקן ווערט "דערקוועטשט" אינעם יידישן קולאק. זיי זיינען דער פאראזיטארער פלאנץ וואָס כאַפּט ארום די "מאמע ראָסיעייא". דער זשיד שטייגט איבער דעם פּוילישן באַיאָכער. ער "שטרעבט" צו דער פּאָלאָניזאציע פון אוקראינע, רעדט רק פּויליש. רוסיש וויל ער ניט רעדן, "ער וויל ניט!"...

לאנג האָט מען דעם טראָפּ געשטעלט אויף דער "יידישער פּאָלאָניזאציע" פון אוקראינע, בעיקר דורך באַדנפאכט ביי די פּוילישע פּריצים, וועלכע באפעסטיקן דערמיט זייער פינאנציעלע לאגע.

באלד נאָך די ערשטע, מכלומרשט "צייטווייליקע", באגרעניצונגען פאר יידן לגבי באַדנפאכט און ניי־באזעצונג אין דערפער איז "אפיר פון אונטערן דנא" ניקאָלאַי'ס פארגעסענער גזעזץ וועגן די "פּופּציק וויארסט"־שטח פון די גרעניצן אין לאנד אריין. וועגן דער גזירה האָבן יידן געהאט לעגענדעס אז משה מאָנטעפיאָרע האָט זי, בשעתו, "אָפּגעשריען". מאָנטעפיאָרע האָט אויסגעפועלט אז יענע וועמען די גזירה האָט דאָרט געטראָפן זאָלן מעגן בלייבן, אָבער נייע, צוגעשריבענע (נכתבים) פון פּלעצער מחוץ פון די דערמאנטע פּופּציק ווערסט, טאָרן ניט באזעצן זיך דאָרט. די גזירה איז "ארונטערגעקראָכן אונטערן גרינעם פּאַפּיר (אָדער געוואנט)" און ערשט בימי דעם רשע, אלעקסאנדר, אפירגעקראָכן און אָנגעטון יידן גאָר גרויסע צרות.

די "פּופּציק ווערסט" זיינען געווען א קוואַל פון הכנסה פאר די פּריסטאַוועס און אוריאדניקעס. פון זיי שוין האָט דער איספּראַווניק

נעקראָגן "זיינס" פון וועלכן א חלק איז געווען פארן סעקרעטאר פו־נעם גובערנאטאָר, אא"וו.

די קריסטלעכע מאסע האָט די גזירה ניט באשטעטיקט, ווייל זי האָט דערין געזען בלויז נוצן פאר "נאטשאלסטווע".

אנטיסעמיטיזם אין דער פויערשער מאסע האָט גענומען וואקסן ווען דאָרט זיינען דערשינען די געשולטע אגיטאטאָרן, נעמלעך די פּאַ־פּעס, אויסגעדינטע סאָלדאטן וואָס האָבן געהאט א פּאָר "בענדלעך" פאר גוטער דינסט, קלויסטער־לערערס, זיצערס אין די מאָנאָפּאָל־קראמען פון שנאפּס און "פעלשערס" (רופאים) פון מיליטער־דינסט. די אלע האָבן געשפּירט "רעכט" אויף ווערן פּאָליציי־באאמטע אין געגנטן וואו "זשידעס" וואוינען כדי ריכטיק אויספירן די באגרעניצונ־גען קעגן יידן, אינדערמאמתן כדי צו געניסן פונעם קיסרס חסד און נעמען כאבאר פון זיינע "זשידעס".

צום אויסשולן פּראָפּאגאנדיסטן פאר יידנהאס און פּאָגראָם־טעב־ניקערס, האָט די רעגירונג גענומען זיך באלד נאָכן אויפקום פון דעם שכורן אלעקסאנדער. די גינסטיקע פּלעצער דערצו און גינסטיקער מענ־טשן־מאטעריאל זיינען געווען "דעפּא'ס" פון אייזנבאנען און רעמאנט־ווארשטאטן אויף די שליסל־סטאציעס, אין מיין געגענט זשמערינקע, קאזאטין, ראזדיעלנע און אנדערע. אויך וואלאטשיסק, א גרעניץ־שטאָט אויף דער ליניע אָדעס־ און קיעוו־לעמבערג, אין גאליציע. יענער מענטשן־מאטעריאל פלעגט זיין גערעכנט ביי דער רעגירונג פארן אינטעליגענטערן טייל פון ארבעטער. עס זיינען געווען א היבש ביסל טעכניקערס און מאשיניסטן, וועלכע האָבן געקאָנט לייענען און שרייבן, און זיינען געשפּייזט געוואָרן מיט אנטיסעמיטישער פּראָפּא־גאנדע. געווען זיינען צווישן זיי לייט פון דער "אכראנקע" (רעגי־רונגס־שפּיאָנאזש) מיט פעאיקייטן צום רעדן און אָרגאניזירן. צו פּאָ־גראָמען אויף יידן האָט מען דאָרט געגרייט אין געהיים ווי צו מלחמה. מיר , ד"ה מיין פאָטער, האָבן געהאט א "גוטן פריינט", דער זשאנ־דאר פון סטאציע וואיטאווצי. ער האָט פון מיין פאָטער געהאט "טובות" און פלעגט קומען צו אונדז פארברייננגען אין "שמועסן". פון אים האָב איך שפּעטער מיט יאָרן געשעפּט געהיימע ידיעות, וואָס

ער פלעגט זיי מיר פארטרויען באשווערנדיק מיך. די שבועה, איז באשטאנען אין זיין איבערצלמען מיך פונדערווייטנס און דערביי זאָגן "דאָס מוז פאר דיר הייליק זיין, אונדזער כריסטאָס שטאַמט דאָך פון אייך; איך באשווער דיך אין זיין נאָמען". אים האָב איך אמאָל געפרעגט צו וואָס דאַרף מען פּאָגראָמען. זיין דערקלערונג איז געווען אז "אויב מע מאכט זיי מוז דערין ליגן א מלוכה־ציל", חוץ לזה איז דאָס א זאך וואָס רק דער קיסר און זיינע מיניסטאָרן קאָנען דאָס וויסן...

די פּאָגראָמען, אין דער שפּראך פון דער רעגירונג "אומאָרדנונגען", זיינען פאָרגעקומען אין יאָר 1882 אונטער דער ממשלה פון גראף איגנאטיעוו. דאָס פאָלק האָט אויף זיי ניט געווארט, און די רעגירונג האָט דאָס געפונען פאר נוצלעך צום איינשטעלן פרידלעכע שטימונג דווקא ביים פאָלק...

נאטירלעך איז אויך מיין נאָענטע געגענט פארטשעפּעט געוואָרן. געערעדט האָט זיך וועגן מעגלעכע "אומאָרדנונגען" אין וואלאטשיסק און אנדערע גרעניץ־שטעטלעך. "פּאָליטיקערס" אינעם פאָלק, מער־סטנס יידן, האָבן געזען דעם מאָטיוו דערצו אין וועלן אָנשטעקן די גאליציאנער פּויערים און ארבעטערס מיט דעם ווילן צו רויבן יידן. דער קלאנג וועגן פּאָגראָמען איז פוןביידע זייטן גרעניץ באגלייט געווען מיט אן אומדירעקטן צוזאָג אז "הרגענען יידן וועט מען ניט"; א ייד איז ווי א פעלץ, איינמאָל דורכן יאָר מוז מען אים אויסקלאפּן...

— און די פּאָגראָמשטשיקעס, מיינסטו, וועט מען ניט באַשטראָפן?...

— אווודאי ניט. די רעגירונג — האָבן געדרונגען די פּאָליטיקער, — וועט ניט האָבן דעם אינטערעס צו באשטעטיקן דורך געריכטן, אז אין רוסלאנד זיינען געווען פּאָגראָמען, עס וואָלט געמיינט אז די רעגירונג איז ניט בכח אָנהאלטן אָרדנונג אינעם לאנד...

עפּעס וועגן פּאָגראָמען האָט שוין געוואוסט אויך מיין בעסטער חבר'ל וואסקע. ער האָט מיר געמאָלדן אז די קליינע חברה פונעם דאָרף וועט "הראבעווען" די קליינע זשידעניאטעס. אויך מיך וועלן

זיי ארײַננעמען אינמיטן אינמיטן ווײַל איך ווייס וואו די זשידעניאטעס האלטן זייערע שפּילעכצער...

— אָבער, וואסיעק, פאר וואָס זאָל מען ראבעווען יידן?...

— איך ווייס ניט. מײַן באטקא (פאָטער) זאָגט אז זיי האָבן א סך...

— און די יידן קאָנען דאָך דערציילן דעם אוריאדניק?...

— דאָס ווייס איך ניט...

איך וואסיעקס מאמונציע האָט עפּעס געוואוסט; מען האָט איר דערציילט אז ביים פּאָגראָם וועט ער נעמען א בעט און א קו, א מעלקעדיקע...

מיר איז ניט גוט געוואָרן. איך פלעג צומאָל צוהערן זיך צום טײַטש־חומש, און אנדערע ווייבערשע ספרים, ווען מײַן מוטער האָט אין זיי פאָרגעלייענט וועגן צרות וואָס בבל און יון און רוים האָבן אונדז אָנגעטון. מיר האָט זיך אַלץ דערמאָנט. לויפן דערציילן טאַטע־מאַמע האָב איך מורא געהאט. זיי פלעגן מיר פארזאָגן ניט ארײַנמישן זיך אין זאכן וואָס נאָר עלטערע מעגן ווייסן. דאָך האלטן אין זיך אזא שרעקלעכן סוד איז מיר געווען אוממעגלעך. איך האָב אַלץ אַנטפּלעקט צו מײַנע דערוואקסענע גוטע פרײַנט, מאקסים, דער פּאָסטוך, וואָס האָט מיר געלערנט ווי אומגיין מיט קי און ביקלעך; איוואן, דער נאכט־וועכטער, וועלכער איז געווען א גרויסער ידען אין פירן מלחמה מיט נאכט־שדים; און אפאניא, דער סטעלמאך, דער גרעסטער מענטש וועמען איך האָב געקאָנט אין מײַן קינדהייט. פון זיי בין איך באמת רײַך געוואָרן אין נוצלעכע ידיעות: — ווען מע פאכט מיט א שטעקן פאפערעק, קאָנען די שדים ניט צוקומען; מיט א היבעל קאָן מען מאכן גלאט די הארטסטע ברעטער; מיט א זעג, ווען אַלע ווילן דאָס טון, מאכט מען גאנצע וועלדער גלאט; מיט א שטריק וואָס האָט א צוגעפּאסטן שלייף ביים עק, קאָן מען כאפּן אפילו א לייב. געקאָכט האָבן מיך די לערערס ביליג: שטיקלעך צוקער, שטיקלעך לעקעך ווען עס איז ביי אונדז געווען א שמחה, אָדער רייפלעך קוילעטש, שבת.

ווען איך האָב דערציילט וועגן דער זאך אונדזער אַלטער דינסט, נעסין, האָט זי געזאָגט:

— מיר, יידן, האָבן א גרויסן גאָט, ער מיט זיין רעכטער האנט היט בעסער פאר אלע מאקסימס און איוואנעס...

— זאָלסט גאָר קיין מורא ניט האָבן, — האָט געטרייסט מיך אַפּראניא, — פאראן געגוג דערפער צום ראבעווען יידן, אין אונדזער בראניוּוקע וועט אזוינס ניט געשען...

אויף מאָרגן שוין זיינען צו אונדז געקומען פּאַסעסאָרן באשמועסן די לאגע. איינער פון די רוסיש־רעדערס האָט עפּעס אויף זיך גענו־מען. נעסי, א טייערע אונטערהערערקע, האָט געכאפּט רק דאָס, מער גאָרניט...

ביידע מיר, איך און נעסי, האָבן געשלעפּט פארשידענע עסנס בגנבה און געגעבן אלעמען וואר לויט אונדזער מיינונג האָט געקאָנט העלפן ראטעווען פון אומגליק...

אין א פּאָר טעג ארום איז דער דונער ארונטערגעפאלן אויף באלטע, אין פאדאליע. מ'האָט געראבעוועט, געבראָכן מעבלען און פענסטער אין די הייזער, באשנייט מיט פעדערן פון יידישן בעטגעוואנט די גאנצע שטאָט, געשלאָגן יידן, און אלטינקע יידישקע אראָפּגעווארפן פון א גאנעק, און זי איז דערהרגעט געוואָרן. מיידלעך און ווייבלעך האָבן זיך געראטעוועט פון שאנד בלויז צוליב דער איינשטעלעניש פון די יידישע העקערס, קאוואליעס און טרעגערס. די ידיעות וועגן דעם פּאָגראָם, און איינצייטיק אין אנדערע שטעט, האָבן אָנגעווארפן פּחד אויף אלע יידן און געמאכט זיי שפּירן די שוצלאָזיקייט. אונדזערע פּויערים האָבן געקוקט פארשעמט, געמורמלט — ״צע גיע״, דאָס ניט. יונגע שגצים האָבן זיך געשושקעט און האָפערדיק געלאכט. אין אָוונט האָבן זיך שכנים פּאָסעסאָרן פארשלאָסן אין א הינטערשטן צי־מער ביי סטעארין־ליכט און געסודעט זיך. עס זיינען אויף מאָרגן געקומען פּויערים באלעבאטים פונעם דאָרף און מחזק געווען מיין פּאָטער מיט גוטע רייד. סאפאָן, דער גרעסטער עזות־פּנים, האָט גע־לעגט א צלם און געשוואוירן אז איבער זיין קערפּער און פון זיינע פּאָר צענדליק חברים וועט מען ניט אריבערטרעטן, אויב נאָר מיין פּאָטער וועט ״אָפּקויפן״ דעם אוריאדניק מעלניקאָוו...

— אָבער היט אים פון שכורן, ער אליין ווערט דאן א רוצח. געב אים צו טרונקען מילך, דעם בלוטזויפער...

געשיקט געוואָרן איז אונדזער טויק־מענטש, מענדל, צו מעלניקאָוון מיט א "מטבע" פון די יידן אין "זיינע" דערפער...

לויט איבערדערציילונגען איז מעלניקאָוו איבעראשט געוואָרן: — אזויפיל מיט איין מאָל?...

מענדל האָט דערקלערט אז יעדן חודש, ווי לאנג ער וועט באדאַרפן הימן יידן פון פאָגראָמען, וועט ער אלץ באקומען אזויפיל...

— אַאַ! זיי זיינען דערשראָקן געוואָרן, די זשידקעס...

— ניט דערשראָקן, מיר ווייסן פשוט אז דו ביזט א מענטש מיט גרויסע פעאיקייטן, דו קאָנסט איינהאלטן די פויערים...

— איך פארשטיי. געקומען די ציג צום וואָגן ווייל מעלניקאָוו איז א מענטש, ניט אומזיסט האָט מיך דער קיסר געמאכט פאר אוריאדניק...

מענדל האָט רעפּאָרטירט: — דריי רובל א חודש פון יעדן פּאָסע־סאָר, איין רובל פון יעדן קרעטשמער, צוואנציק קאָפּיקעס פון יעדן יידן...

— בראוואָ! — האָט מעלניקאָוו געפּאטשט מיט די הענט, — ווען פון אלע מוזשיקעס ווערט יידן, איי, ווי גוט דאָס וואָלט געווען! העלף מיר, פאני מענדעל, העלף אויסרעכענען וויפל קאָן איך צוזאַ־מענקלייבן ווען מיט גאָטס הילף די פּאָגראָמען וואָלטן אָנגעהאלטן א יאָר, לכל הפחות...

מענדל האָט דערקלערט אז ער מוז זיך איילן אהיים אָפּגעבן ראפּאָרט...

— ניין, פאני מענדעל, א שנאַפּס קודם! איך א גלאָז, דו א גלאָז...

— ניין, האספּאָדין אוריאדניק, איך קאָן ניט אזויפיל, איך וועל טרונקען א גלעזעלע...

— מאכט ניט, פאני מענדעל, איך טו א סך גוטס פאר יידן וועל איך דאָס אויך טון, כ'וועל אויסטרינקען צוויי גלעזער, פאר אונדז ביידן. דו האלט זיך מיט דיין קעלישאקל...

— גוט.

— ליאכאאים, האספּאדין יעוורעי! וואָס וואָלטן מיר געטון אָן זשידעס אויף דער וועלט? א יומטוב, פאַני מענדעל, אן אמתער יום־טוב. א גרויס פאָלק, די זשידעס, דער טייוול זאָל זיי נעמען. איך טרינק צוויימאָל פאר דיין יעוורעיסקין נאראָד. ווען גאנץ דאסיעיא איז מיט זשידעס און איך איין אוריאדניק, עך! לעבן זאָלן זיי און די פּאָגראָמען...

מענדל פלעגט צו די "יאָרצייטן" אלץ ווידער איבערדערציילן...

---

## קאפיטל צווייאונצוואנציק

״יידישע האָב און גוטס קומען אויך צו קבר ישראל״ פלעגט מען זאָגן אין יענע צייטן. וואָס נאָר עס האָט געהאט ווערט אין חשבון פון פארמעגן איז באערדיקט געוואָרן אין יענע נעכט. אונדזער פאל־ווארק האָט זיך פארוואנדלט אין דעם מין בית־הקברות. צוליב מיין פאָטער, איז אונדזער דאָרף געוואָרן א יידישער צענטער פאר א גרע־סערער סביבה דערפער. די ווירקלעכע סיבה דערצו איז געווען מיין פאָטערס ״אָפענע האנט״ וואָס האָט אים געגעבן חן אין די אויגן פון באאמטע...

עס זיינען פאָרגעקומען בעראטונגען, און אויסגעארבעט פלענער, ווי צו קריגן גוטפריינטשאפט פון איינפלוסרייכע רוסן און דערמעג־לעכן קאָנטאקט מיט העכערער פאָליציי אין דער גובערנסקער שטאָט. מעגלעך אז אויך געלט איז געווען געזאמלט צו קאָנען ״אנזעטיקן״ די ברייטע גאָרגלס פון אָרטיקער פאָליציי. ווי מיין פאָטער האָט שפעטער דערציילט, האָט מען ביי די ״קלענערע יידן״ קיין געלט ניט געבעטן האָבנדיק מורא פאר זייער ״פלאפלען צוליב בארימעריי״. די פויערים, דערוויילּ, האָבן אָנגעהויבן צוגעוויינען זיך צו דער דערשיי־נונג פון פאָגראָמען אויף יידן...

— ווען איינער פארזינדיקט זיך ניט ווערט ער ניט געשמיסן...

יידן פון ארומיקע דערפער האָבן געהאט צוטרוי צו מיין פאָטער,

און. בלהש, געבראכט צו אים חפצים פון זילבער און צוביסלעך צירונג. מיין פאטער האט זיך עקשנותדיק אפגעשאקלט פון דעם קרעדיט, און עולם האט אים דערפאר שיר צוגערעכנט צו די שונאי ישראל וואס זיי ארט ניט יידישע האב. עס האט ניט געהאלפן, דער זכות פון זיין גוטהארציקייט איז זיי בייגעשטאנען. דער מקום פאר א באהעלטעניש איז געבליבן בסוד ביי עטלעכע מענטשן כדי "באם, חלילה", זאל מען קאנען אפזוכן. יעדער זילבערנער חפץ און יעדעס פיצעלע צירונג האט געהאט צו זיך א "געשיכטע" פון העט־העט ווען. טרערן האבן זיך דערביי געגאסן...

נערעדט האט מען וועגן דעם מעגלעכן פאגראם זייער איינגעהאלטן: געהיט זיך פאר מיר און מיין חבר מאטיע ווי פאר א וואסיעקן.

אפשיקן די פאמיליעס אין שטעטל אריין האט מען ניט געקאנט, דאס וואלט געווארן אויפפאלנדיק פאר די קריסטן אינעם דארף. דאן דאס אויסזינדערן דעם ראש־המשפחה צו בלייבן אין דארף, האט קיין פרוי ניט באוויליקט. מיין מלמד האט פאר מיר גערעדט בסוד ווי דער "געפיל פון טשערעדע" ביי יידן איז א גרויסער אומגליק, דורך דעם האלטן זיך צוזאמען איז תמיד דער מספר ההרוגים על קדוש השם געוואקסן אלץ גרעסער. יודקע, אונדזער עקאנאם, א פשוטער אבער פארשטאנדיקער ייד, האט פאר אלעמען געפריידיקט די נוצן פון האלטן זיך אינאיינעם: — יידן זיינען א כח בלויז אינאיינעם, צעשפליטערן זיי זיך, ווערט פון זיי גארנישט שבגארנישט. יודקע מיט מיין מלמד האבן זיך פיינט געהאט, דער מלמד יודקען פאר זיין מיינען אז פארן רייטנדיק איז א קונץ, און יודקע אים ווייל "פאר א מייזל "אנטלויפט עס" ווי פאר א קאזאק"...

ווען אונדזער קאמיסיאנער איז פון דער באן־סטאציע געקומען אנזאגן אז די פאגראמען צעשפרייטן זיך האט א פאניק באהערשט אלעמען. עס איז דאך קיין ספק אז יידן געבן געלט אן שעור צו ראטעווען זיך, און עס ווירקט ניט. דער מלמד האט אויסגענוצט דעם פסוק "אויב די צעדערבוימער ברענען וואס זאלן זאגן די גרעזעלעך ביי דער וואנט?"

מיין פאטער האט געשטארקט דעם עולם מיט גאטס חסד, אן על־טערער ייד האט געכאפט א תהלימל און אנגעהויבן זאגן, די נשים ווייר־

נען. מיין מוטער האָט גלייך צוזאמענגעבראכט די קינדער ארום זיך. יודקע איז ארויס פון די כלים: גזלנים! איר וועט אויף אונדז אָנ־ברייננען דאָס דאָרף; שטיל זאָל ווערן! מיין פאָטער האָט אויסגענוצט דעם איבעררייס און געהייסן צונויפזאמלען אלע געבראכטע זאכן, באַ־פוילן דער מוטער טון דאָס זעלביקע, — היינט מוז אלץ באהאלטן ווערן!...

א יאָמער האָט א שאָס געטון, און גלייך דערשטיקט געוואָרן. יודקע האָט געשריען — צו דער ארבעט! פאקט, בינדט צוזאמען, לייגט ניט אָן קיין שמאטעס, עס וועט קיין פּלאַץ ניט זיין...

אונדזער קאמער פאר שפּייז־ארטיקלען איז געווען איבערן פיר־הויז אנטקעגן דער קיך־טיר. עמיצער האָט געזאָגט מיט טרערן: — זי איז אויפגעריכט געוואָרן. זי האָט געזאָלט ווערן די פארהיטערין פון יידישן האָב. אין דער נאכט איז אלץ אריין אין קעסטלעך מיט אויפשריפטן איבער די דעקלעך. אונדזער פארמעגן האָט מען באַ־האלטן אינעם אייזערנעם קאסטן אויף רעדלעך וואָס פלעג זיין די שאצקאמער פון רייכע יידן. מיין מוטער האָט אויסגענוצט די פּרי־ווילעגיע און גערוקט אהין אלץ וואָס דער פאָטער האָט געוואָלט ארויסוואַרפן. עס זיינען געקומען צו קבורה זייגערלעך, גאָלדענע בראנזילעטן, קייטן, שפּילקעס, הערצלעך (בראָשן) מיט דיאמאנטן און פיל אנדערע זאכעלעך. אלץ האָט מיטגענומען שטילע טרערלעך...

צום דרויסן האָט די קאמער פארמאָגט בלויז איין לופטשיק, כמעט ביים באַלקאָן. אריינקוקן אין קאמער האָט מען ניט געקאָנט...

זי, די קאמער, איז געשטאנען גרייט צום אויפנעמען. נעמי האָט די ערשטע דערפון געליטן, זי האָט פארלוירן די באקוועמלעכקייט פון האָבן אלץ צו דער האנט. די קריסטלעכע דינערשאפט האָט געקוקט מיט פארוואונדערונג צו דער פארמאכטער טיר פון דער קאמער. איך האָב מיך געשפּירט ווי מיט א גנבה אין טאש, ניט געקאָנט דאָס אנט־פּלעקן אפילו צו מיינע דערוואקסענע פריינד.

געקומען די שעה. מיינע שוועסטערלעך רייזל און ריווקיע האָט מען אָפּגעשיקט צו גאסט אין א שכנהשן דאָרף אריין. מיר האָט מיין פאָטער איינגערעדט אז איך מעג שוין אָנהויבן ארומגיין אין די אוונטן מיטן נאָכטוועכטער און געווינען זיך צו "וואַרטעווען" די

שפייכלערס אויפן טויק, באזוכן די סטאניע מיט די פערד כדי דער גנב זאָל זען אז מע היט. מיך האָט דאָס דערהויבן אין מיינע אייגע־נע אויגן — איך ווער א ״פּאניטש״ ווי דאָס באדארף זיין. איך האָב אין דער פינסטערניש געשפּאנט מיט שטאָלץ כדי צו ווייזן איוואנען אז איך שאַץ אָפּ מיין ראָל. אים האָט הנאה געטון וואָס דער פּאן פארשטייט צו דערציען קינדער...

מיך האָט אָבער אָנגעהויבן ציען צו דער קאמער, און איך האָב מיך געלאָזט צוריק אהין.

ביים ארייגגאנג אין גערטנדל פאר דער שטוב האָט מיך באגעגנט א קרעטשמער פון דער סביבה און אומפּריינטלעך געפרעגט מיך וואַ־רום פאָלג איך ניט מיין פאָטער. באלד טאקע איז מיין פאָטער דער־שינען און האָט מיר געעפנט די טיר. גלייך האָט ער מיך באשעפטיקט ביים איבערקלויבן ארכיוון פון חשבונות, צעטלעך פון טאָגלוינערס, קבלה׳ס און קוויטונגען.

— ווילסטו מיר העלפן ווי א דערוואקסענער זון, סאָרטיר אוים לויט די דאטעס און לויט די... די זאכן וואָס ווערן דערמאנט, א זאך צו א זאך וואָס האָט א שייכות איינס צום אנדערן. האָסטו פאר־שטאנען? איך וועל דיר דערפאר קויפן אין שטאָט א פיינע נאהאיקע צום רייטן...

פארשטאנען דעם ענין האָב איך אנדערש ווי מיין טאטע האָט געוואָלט, אָבער די נאהאיקע האָט מיך געלאקט. רייטן אויפן פערד מיט א פריצישער נאהאיקע איז עפּעס ווערט...

איך בין טאקע פארשלונגען געוואָרן פון דער ארבעט און מן הסתם לענגער ווי דאָס האָט מתחלה געטראכט דער פאָטער מיינער. ער איז פּלוצים אריינגעקומען, געזאָגט מיר אז עס איז שפּעט פאר מיר צו ארבעטן אזוי לאנג אין דער נאכט, איבערגעווארט אלע נוי־טיקע צוגרייטונגען צו לעגן מיך אין בעט און מיך ליבלעך איינגע־דעקט. שפּעטער א פּאָר מינוט איז געקומען מיין קליין מאמעלע, איך האָב זיך געמאכט שלאָפנדיק, זי האָט מיך פארזיכטיק געקושט און געשעפּטשעט א ברכה...

אין דער פינסטער בין איך געלעגן און גאָט געבעטן ער זאָל מיך ניט לאָזן איינשלאָפן, אָבער גאָט האָט מיך פארלאָזט, איך בין אָפּ־

געשלאָפן א היבשלעכע צייט און מיט אמאָל אויפגעכאַפּט זיך און אָפּ־געבריטער. זיך דערמאַנט אין דער קאַמער...

א האַלב נאַקעטער האָב איך געקלעטערט איבערן סטויפ ארויף צום לופטשיק. אריינקוקנדיק האָב איך געזען ווי מיין פאָטערס האַנט האָט זיך מעטאָדיש באַוועגט ביים איינפּאַקן זאַכן. פּלוצים האָט זיך דערהערט: — ראָכל, וואָס איז עס?...

— מנשה׳לעם א זאַך...

— איך זאָג דיר אַז דאָס איז ניט נויטיק...

— יאָ נויטיק! — האָב איך אויסגעשריען האַסטיק.

עטלעכע פרויען האָבן אויסגעקווטשעט זייער שרעק, איך בין שוין געווען אויפן גליטש אַראָפּ. אונטן האָב איך דערהערט מיין מאַמעס קלינגענדיקן געלעכטער, אָבער די פיס זיינען ניט איינגעשטאַנען, א האַלבע מינוט שפּעטער בין איך געלעגן אין מיין בעט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און דערוואַרט די שטראָף. די קאָלדרע איז אַרונטערגע־שפּרונגען פונעם בעט, איך האָב דערזען מיינע עלטערן האַלב ברוגז׳ע, האַלב לאַכנדיקע. מיין מאַמע האָט פּרעווענטיוו א כאַפּ געטון מיין טאַטנס האַנט...

— שלאָג ניט, ס׳איז ניט קיין סמעטענע. דאָס קינד וועט שווערן ביי אונדזער געזונד אַז אויסזאָגן וועט ער קיינעם ניט...

— אָבער באַשטראָפן...

— זיי ניט דער שלעכטער מלאך, טו אויף עפּעס א שכלדיקערע זאַך...

— איך נעם אים אין קאַמער, ער וועט זיין דאָרט מיט אונדז, ער וועט זיינס באַקומען אַנאַנדערס מאָל...

איך בין געווען גליקלעך. איך האָב געשפּירט ממש ווי איך ווער א גרויסער.

אַרום דעם פענסטער האָבן זיך פּלוצים דערהערט קולות, האַס־טיקע טריט, א מעלדונג — זיי קומען!...

— דו הערסט?...

גלייך זיינען די צימערן אָנגעפּילט געוואָרן מיט פרויען, מיט קינ־דערלעך אויף די הענט. מיין פאָטער האָט א געשריי געטון — שטיל! איר וועט אַלעמען אומגליקלעך מאַכן. כאַפּט די קינדער, אַלע, אַלע,

און לויפט ארונטער מיט יודקען אין סאד, ער וועט אייך פירן צו דעם באהאלטענעם פלאץ. שנעל! אָבער שטיל, אָן געוויינען און אָן גע־וואלדעס...

— א וואָרט דאַרטן זאָלט איר ניט אויסרעדן! ניט שושקען זיך אפילו. — דאָס האָט יודקע צוגעגעבן. מיין מוטער האָט מיך פאר דער האנט גענומען...

— ראָכל, פארליר זיך ניט. היט איין דעם עולם פון געשרייען, זע אז זיי זאָלן ניט ברענגען דעם אומגליק אויף אונדז אלעמען. און טאָמער הערט איר גוואלדעס גייט אוועק מיטן ברעג צום וועג קיין ווידאווע, אלץ אונטערן שאָטן פון די בוימער. און אָן גוואלדעס...

עס איז געזאָגט געווען שנעלער ווי איך שרייב אויף א שורה. יודקע האָט זיך געשטעלט ביי דער זייט, אלע זיינען פול שרעק און אין טויט־שטילקייט אָפּגעגאנגען. איך האָב מיך געמאכט פארן וועג־ווייזער, און ביים קלענסטן שאָרך געלאָזט הערן א לאנגן שששששש...

אין א פּאָר מינוטן זיינען אלע געווען אונטן ביים פארוואקסענעם טייך וואו די פינסטערניש און דער שרעק האָבן געלויערט איבער אונד־זערע קעפּ. שטיל, שטיל האָבן א פּאָר פרויען געוויינט. א קינד האָט געפּרואווט א קוויטש טון און די מוטער האָט אים גלייך גערוקט די ברוסט אין מויל, אָדער פארמאכט דאָס מיט דער דלאָניע...

— שרעקט זיך ניט, קינדער מיינע טייערע, — האָט שטיל גע־זאָגט דער הונדערט און פינף־יאָריקער שמואל, יודקעס פאָטער, ווע־מען דער זון האָט צוגעבראַכט און איבערגעגעבן צו איטע רייזיען, זיין פרוי. דערהערט האָט זיך יודקעס קול...

— ששש! ניט גערעדט צווישן זיך, ניט א פּיפּס אפילו! דאָ, פונדאנען א פּאָר טריט גייט ארום יאָסקע, דער פּאליעוועי, און מאקסים, דער פּאסטוך, זיי האָבן פּיסטאלעטן אין די הענט, מיר פאר־לאָזן זיך אויף זיי. טאָמער הערט איר א שאָס גייט באלד אוועק מיטן ברעג איבער ווידאווער וועג, נאָר אָן רעש און אָן קריגעריי...

— זאָל עמיצער פון די מאנסבילן צוקומען אלעמאָל א קוק טון צו אונדז...

— גוט. דערצו איז געשטעלט יעשיקעלע, דער סארנאוועך. און אז איר וועט דארפן אוועקגיין פונדאנען וועט קומען אהער לאָזינסקי

און ער מיט יאָסקען און מאקסימען און יעשיקעלען וועלן אייך באַג־לייטן איבערן גראָז. נאָר ניט מורא האָבן. מיר, בראַניוווקער, ווייסן אז אויף די דריי קריסטן קאָן מען זיך פארלאָזן...

מיר און מיין חבר מאטיע איז דער ענין זיצן אויף אן אָרט און שווייגן גאָרניט געפעלן געווען. נאָך יודקעס צוריקגיין, האָבן מיר זיך שטיל צוזאמענגערעדט און קריכנדיק, כדי ניט צו ווערן באמערקט סיי פון די פרויען, סיי פון די וועכטערס, זיינען מיר ארויפגעלאָפן צו אונדזערע טאטעס.

— וואָס טוט איר דאָ?!...

— איך וויל זיין מיט דיר, איך וועל ניט לאָזן שלאָגן דיך, זיי קאָנען דיך דערהרגענען...

מיין פאָטער האָט זיך צוגעבויגן צו מיין געזיכט, געקושט מיך און צוגעפירט צו אן עפּלבוים, דאָרט אויפגעזעצט מיך רייטנדיק אויף א דיקער צווייג און באפוילן זיצן רואיק. אויך מאטיען האָט מען ארויפ־געזעצט הינטער מיר. און שוין זיינען די צוויי מאמעס אונדזערע אויסגעוואקסן נעבן אונדז. מיין מוטער האָט מיר אָנגעזאָגט אז טאָ־מער טרעפט עפּעס מיטן טאטן זאָל איך גלייך א שפרונג טון ארונ־טער צו איר, נאָר שרייען מיטן ווער "מאמע" זאָל איך ניט.

יודקע איז אוועק צו א פלאץ צווישן די בודיקעס (דערנער) וואו עס זיינען געלעגן די צוגעגרייטע דיקע שטעקענס מיט אייזן־עקן און א שפּיץ ביי יעדערן. אויך העק מיט לאנגע הענטלעך, און רידלען אזעלכע פאסיקע אין א געראנגל מיט גראבעזשניקעס, און עטלעכע קורצע שפּיזן. דאָס אלץ איז געווען אויסגעפּארטיקט ביי קיווע דער קאוואַל אינעם נאָענטן שטעטל טארנארודע...

יודקע, דער "הויפּטמאכער", איז געווען שטאָלץ אויף דער דאָזי־קער "ארטילעריע" וועלכע איז גערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען טאקע. ער האָט געלייגט אויף איר האָפנונג אויב, חלילה וחלילה, מע זאָל צו איר, גאָט זאָל אויסהיטן, באדארפן...

— טאטוניע, ווער האָט געזאָגט אז גראבעזשניקעס דארפן קומען?

— לאזינסקי. אָבער קריך ניט וואו מע ווארט ניט אויף דיר...

עס זיינען דערשינען אנדריי מיט אוודייען, ממש אָנגעלאָפן.

— פריץ, שלעכטע קלאנגען גייען אום. א גרויסער מענטש פון סאמע פייטערבארג האָט אָנגעטרונקען אונדזער אוריאדניק מעלניקאָוו, ער גופא גייט מאכן פּאָגראָמען אויף יידן. מיט אים איז דער לערער פון אונדזער קלויסטער־שקאָלע און נאָך איינער, קאָן זיין אז טאקע דער פייטערבארגער...

— וואָס קאָן איך מאכן, פריינט מיינע? ווי גאָט וועט געבן.

— מיר קאָנען אָנזאמלען א פופצן אונדזערע פון די ערלעכע באַ־לעבאטים און זיין דאָ מיט אייך צו פארטיידיקן אייך פון די שכורים. פארשטייסטו זיך אײן?...

מיין פאָטער האָט געדאנקט און געבעטן זיי בלייבן פוניענערזייט בריק וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם פאלווארק פונעם דאָרף, זיי זאָלן ניט דערלאָזן די גראבעזשניקעס אריבערגיין די בריק. מיר דאָ וועלן זיך שלאָגן מיט זיי ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, און גאָט זאָל זיין מיט אונדז...

מיין פאָטער האָט שפּעטער דערקלערט דאָס ער גלויבט אין זייער ערנסטקייט, אָבער עס קאָן זיך מאכן א קריג צווישן זיי גופא און דעמאָלט זיינען מיר אומגליקלעך.

יודקע מיט נאָך עטלעכע זיינען איילנדיק אוועק צום "ארסענאל" פונעם געווער, אָבער באלד צוריקגעקומען אליין אָן זיינע באגלייַ־טערס. זיי זיינען זיך פונאנדערגעלאָפן צו פארשידענע באהעלטע־נישן. מיין פאָטער איז זיי נאָכגעלאָפן שרייענדיק — פחדנים! וואו־הין לויפט איר?

יודקע האָט א כריפּע געטון ווי א געקוילעטער קאַלב...

— ניטאָ! גאָרניט ניטאָ...

— ווי הייסט ניטאָ?...

— מן הסתם האָבן די דאָרפס־שגצים באמערקט...

— געוואַלד! געוואַלד! וויי צו אונדזער לעבן...

— ניין! — האָט יודקע געכריפּעט פאר צאָרן, — דאָס מוז זיין דעם מלמדס ארבעט, ער האָט אַלץ געטענהט אז מיר מאכן אליין זיך אָן אומגליק...

מיין פּאָטער האָט א כאַפּ געטון מיין לערער פארן קראגן.

— רעד ווערטער, דו עוכר ישראל!...

— איך... איך... — האָט געשטאמלט מיין לערער, — ביי אונדז שטייט געשריבן "ושמרתם לנפשתיכם", איר זאָלט זיך היטן פון סכנה׳ס...

מיין פּאָטער האָט אים א שליידער געטון, ער איז געפאלן, איבער־געקוליעט זיך א פּאָר מאָל און באוויזן צו אנטלויפן...

— אין דר׳ערד אריין מיטן קאָפּ! — האָט יודקע נאָכגעשריען...

אימפּעטיק איז אָנגעלאָפן דער נאכטוועכטער. צו אים האָבן זיך דערטראָגן קולות פון דערשראָקענע יידן וואָס האָבן געזוכט וואו זיך צו באהאלטן.

— פּריץ, — האָט דער נאכטוועכטער געמאָלדן, — לייג דעם אויער צום באָדן ועסטו הערן אז דאָס זיינען קוים א פּאָר רעסארן־וועגעלעך מיט צו איינציקע פערד, און איין פּייפל, א פּאָליציייסקער, און א סאָלדאטסקע טרובע מיט א פויק. אפשר קלעזמער דאָרפישע. ס׳איז גאָרניט, פּריץ...

דאָ זיינען דערהערט געוואָרן צוויי שאָסן. אלע ארום זיינען זיך צעלאָפן. מיין פּאָטער האָט מיך געכאפּט אויף די הענט, איז צוגע־לאָפן צום קאשטנבוים, פארוקט מיך אין די געדיכטע צווייגן: — זיץ!

יודקע און דער וועכטער זיינען געלאָפן צום טויער פונוואנען די גראבעזשניקעס האָבן געזאָלט אריינקומען. מיין פּאָטער האָט פון שטוב ארויסגעבראכט זיינעם א וואָרצל־שטעקן און געשטעלט זיך נאָענט פון מיין באהעלטעניש...

מעלניקאָוו מיט זיין "גרויסן מאן" אויף איין וועגעלע, זיינער א פריינד מיט אונדזער קלויסטער־לערער אויפן צווייטן, האָבן זיך אָפּ־געשטעלט פאר אונדזער הויף מיט א שכורן געלעכטער. מעלניקאָוו האָט קוים ארויסגעזאָגט — אאַ! די זשידקעס האָבן זיך דערשראָקן, באכאכאאא! א וואוילע שפּיל געווען, ניין? באכאכאאא...

---

צומאָרגן האָט דער קלויסטערגלאָק אויסגעקלונגען "טרעוואָגע" (וואָרנונג), אלע מענער פונעם דאָרף האָבן זיך באוויזן אויפן קלוי־

סטער־פּלאַץ, און גלייך האָט מעלניקאָוו געמאָלדן אַז דער פרידנס־פאַרמיטלער קומט רעדן צו די פּויערים.

— איך וויל, קודם, הערן פון דעם אוריאַדניק און דעם אַרענדאַטאַר וואָס דאָ איז פאָרגעקומען...

מעלניקאָוו האָט דערציילט, ער האָט אַלץ געטון כדי ניט דערלאָזן צו אומאָרדנונגען אין זיין ״אוטשאַסטאָק״. ער קאָן זיינע פּאָליציייאישע פליכטן און ער האָט דורכגעפירט אַזוי אַלץ אַז... אַז גאָרניט, קיין שום אומאָרדנונג...

מיין פאָטער האָט געלויבט די פּויערים פון אונדזער דאָרף, ״גוטע קריסטן״ און פריינדלעך צו יידן. און וואָס פּאָליציע האָט באַדאַרפט טון צום ניט דערלאָזן צו אַ פּאָגראָם אין זיין אוטשאַסטאָק האָט דאָך מעלניקאָוו גופא שוין ראַפּאָרטירט...

סאַפּאַן האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צום רעדן, אָבער מיין פאָטער האָט אים מקודם געבעטן צו לאָזן מעלניקאָוון בשלום. סאַפּאַן האָט זיך באַגנוגט מיט זיין דערקלערונג אַז אוריאַדניקעס וואָלטן באַדאַרפט בעסער אַכטונג געבן אויף אָרדנונג אין זייער געביט. דאָ זיינען אומאָרדנונגען ניט געווען ווייל אונדזערע פּויערים זיינען ניט פּעאַיק אויף גראַבעזש אַפילו ביי יידן...

דער פרידנס־פאַרמיטלער האָט געשילדערט דעם שטאַרקן ווילן פון דעם קיסר צו האַלטן שלום צווישן זיינע קינדער, די פאַרשידענע פעלקער. ער, זיין מאַיעסטעט, האָט גרויסע זאָרג ווען עס קומען פאָר אומרועןן, ער וועט הייסן מאַכן אַ שטרענגע אויספאָרשונג און שווער באַשטראָפן די פאַראורזאַכערס פון די פאָרגעקומענע אומאָרדנונגען, עס וועט פון היינט און ווייטער אַזעלכעס ניט פאָרקומען מער. עס וועט באַלד אין די צייטונגען זיין אַן אָנזאָג פונעם קיסר צו אַלע זיינע אונטערטאַנען און צו אַלע זיינע היטערס פון דעם געזעץ אַז איבערחזרן זיך זאָלן ניט מער אַזוינע דערשיינונגען...

״והארץ נחה ושקטה״, האָבן יידן געטייטשט דעם מאָל אַז, יידן וואָס ליגן ״אין דער ערד״ וועלן קאָנען כאַפּן דעם אָטעם.

— אָבער, געדענקען מוז מען! עס קומען ניט אויף אונדז די גוטע צייטן. הלוואי זאָל דאָס ליגן זיין...

אין א פאר טעג שפעטער האבן זיך אומגעקערט פון עסטרייך אלע יידישע משפחות וואס זיינען אהין אריינגעלאזט געווארן "צום איבערוואַרטן" ביז די רעגירונג וועט אננעמען "מערעס" אנטקעגן פאגראמען אויף יידן...

די ארעסטירטע האט מען געפירט דורך דער עסטרייכישער גרע־ניץ צו די געפענגענישן אין די קרייז־שטעט: זאל אויסלאנד זען אז רוסלאנד באשטראפט שטרענג פאר אזעלכע "ארויסטריטן"...

---

## קאפיטל דרייאונצוואנציק

### יידישע שטעטלעך

פויערים פלעגן שפאסן: — יידן בויען שטעטלעך אויף זומפן. יידן האָבן געמאסטן: — א שטעטעלע אזוי גרוים ווי דער "טל ומטר" אין א קליינעם סדורל. באלעגאָלעס פלעגן מאָלן: — א שטעטעלע וואָס אויב איינער ניסט ביינאכט זאָגן אים אלע יידן צו געזונט. און לינעצקי האָט באמערקט: — א שארך פון א ניי זאָגען העמד מאכט דאָרט א רעש...

די בלאָטעס, אמת, זיינען אין די יידישע שטעטלעך געווען קלאַ־סישע. די רעשטן פון זיי, קיינמאָל ניט אויסגעטריקנטע אין די נידע־ריקע פלעצער, האָבן אונדזער שפראך געגעבן דעם "פאטיק", די "זשי־זשעליציע", די "ראשטשינע", און אונדזער מענדעלען דעם "טינטור". אין שפעטן הארבסט, אין פארפסחדיקן טייל פון פרילינג, זיינען ווייבער "הינערפארקויפערקעס" אומגעגאנגען אין דער בלאָטע אין "קארענע" זאָקן (קאָליר פון ביימער־קארע), ווייל די שטיוול זיינען פון דער בלאָטע געהאלטן געוואָרן פעסט און ארויסשלעפן זיי פון איר האָט מען געמוזט מיט די הענט. ווען די בלאָטעס זיינען באמת אויס־געטרוקנט געוואָרן האָט געגומען וואקסן דער שטויב איבערן באָדן און ווינטן האָבן דעם שטויב פון די גאסן געבראכט צו די אויגן פון מענטשן...

געבענטשט איז געווען א שטעטל מיט א טייך צום קאָנען זיך באָדן, אניט האָט מען געמוזט ווארטן אויף מרחץ (ווארעמע באָד). אזא איז געווען אין יעדער שטאָט, אין אים זיינען געגאנגען זיך וואשן, לכבוד שבת, כל ישראל. דער מרחץ איז באטראכט געווען אלס מקום צום ריין מאכן ניט בלויז דעם קערפּער, נאָר אויך די "נשמה", די פאר'טרחה'וועטע שטימונג פון די וואכנטעג...

ווינטער זיינען הויזנס און רעקלעך געווען פארדריפּעט "זכר לבלאָ־טע גדולה" פונעם הארבסט. אָפּגערייניקט האָט זיך די "אדמת קודש" ערשט צו פּסח. יידן פלעגן אין זייערע קינדער־זכרונות דער־ציילן ווי אין די ווינטער־אָוונטן, גייענדיק אין חדר אריין, האָבן זיי געליטן פון דעם פארטרוקנטן בלאָטיקן ראנד ארום זייערע בגדימלעך. פון א שנעלערן שפּאן האָט דער ראנד א קלאַפּ געטון די פּיסלעך. דער יינגל איז דערשראָקן געוואָרן — "א שד!" און גענומען יאָגן. וואָס שנעלער געיאָגט אַלץ שטארקער האָט דער "שד" געקלאַפּט איבער די פּיסלעך. אהיים איז מען אריין מיט א גוואלד — "שדים!" טאטע־מאמע האָבן געלאכט און דערציילט דעם קינד ווי דאָס זעלבע האָט אויך אים, דעם טאטן, געטראָפן קינדווייז...

א פּסיכאָז פון שרעק האָט באנומען דאָס שטעטל ווען אויף דער גאס האָט זיך באוויזן דער פּאָסטאליאָן מיט א טעלעגראמע אין זיין האנט, אלע האָבן געקוקט דערשראָקן: — א דעפּעש! יעדער האָט גע־קלערט וועמעס טאטע, וועמעס מאמע, נאָך וועמען און ווער ווערט מוזן קדיש זאָגן. איז קלאָר געוואָרן אז דאָס איז וועגן א נייגעבוירענעם קינד האָט מען זיך געוואונטשן מזל־טוב...

א ייד אין גאס מיט א ציטראָן אין האנט האָט באוויזן אז זיין ווייבל ליידט פון "פּאסטעווקעס", זי שוואנגערט. א ייד מיט א פּאָ־מעראַנץ האָט ארויסגערופן באדויערנדיקע מינעס: — אוודאי איז ווער ביי אים קראנק. געוואוסט האָבן יידן וועגן פּאָמעראנצן בלויז צוליבן פּאָלקלידל: — "רויטע באָזעליען, געלע פּאָמעראנצן, אז דער טאטע קושט די מאמע גייען די קינדער טאנצן"...

פּארמאָגט האָט יעדער שטעטל א "שרייער", צומאָל איז די מלא־כה פון "אויסשרייען" געווען דאָס זייט־פּארדינסטל פון דעם שול־שמש: — יידן, היט זיך פון בשר־חוץ (פרעמדשטעטלדיק פלייש);

יידן, אראָפּגעקומען; א ציינדאָקטאָר וואָס רייסט ציין א מחיה, מע פילט ניט. יידן, מאַטיע, דער גרינער, האָט פארלוירן א צעריסן ביי־טעלע מיט א פערציקער און צוויי גילדן און זיבן "צווייערלעך". "יידן, מאכט יומטוב, א גאַסט איז געקומען!"

א גאַסט אין שטעטל וואָס יידן מוזן וויסן וועגן אים איז געווען דער שטייערן־אינספּעקטאָר, דאָס האָבן באַדאַרפט וויסן אַלע יענע קרעמערלעך וואָס האָבן ניט געהאַט קיין "בלעטל" (דערלויבעניש).

אוקראַינע, און געוויס אַנדערע יידישע תחום־געביטן, האָבן פאַר־מאָגט "נאַקעטע שטעטלעך". אַזוי איז א שטעטעלע געווען אָן א דאָרף לעבן אים. ווי קומט עס? — א רייכן פּריץ האָט זיך פאַרוואָלט האָבן אין איין דאָרף פון זיין "שליסל" א שטעטעלע (א כבוד געווען ביי פּוילישע פּריצים צו האָבן א שטעטעלע). האָט ער פאַר "לאַפּ־קעגעלט" אויסגעווירקט די ליסענס דערויף מצד דער רעגירונג, דאַן מודיע געווען אין סביבות ארום, אַז ער גיט פּלאַץ פאַר דירות, האָלץ און ציגל צו בויען זיי און מאַכן קלייטלעך. ער וועט זאָרגן דערפאַר אַז אין די זונטיקן זאָלן פאָרקומען יאַרידים, אפילו א יאַר־יאַריד א. א. וו. יידן האָבן דערין געזען א מעגלעכקייט פאַר חיונה, האָבן זיי זיך פאַרשריבן און געשטעלט זיך בויען. איז טאַקע לאַנגזאַם, אָבער אין בטחון, געוואַקסן א טל־זמטר־שטעטעלע וואו דאָס איז באַשערט געוואָרן פונעם פּריץ. קיין דאָרף דערביי אָנגעהעפט איז ניט געווען, פּויערים האָבן דאָס ניט באַדאַרפט. דאָס שטעטעלע איז געבוירן גע־וואָרן א "נאַקעטס". אַזאַ שטעטעלע פלעגט, צומאָל, "א גליק טרעפן", נעבן אים האָט דער פּריץ אויסגעבויט א צוקערניע, יידן האָבן באַקומען שפע אין חיונה און דאָס האָט געמאַכט וואַקסן און אַנט־וויקלען דאָס שטעטעלע.

געווען איז דאָס יידישע שטעטעלע אומריין, אָבער בלויז אין גאַס; אין דער גרעסטער גאַס ניט זייער, אין די ווייטערע אַלץ מער, אין דער "געגנדזענער" און שיל־גאַס ממש אַנטיסאַניטאַריש. געקערט האָט דאָס שטעטל א גרעסערער ווינט, געווען זיין מאַנאַפּאָל, אָבער א שטויב האָט ער געהויבן עד לב השמים. אין די הייזער איז געווען ריין, גאָר ריין, ווייניקער ריין, נאָר ניט אומריין. די אומנגידישע הייזלעך פלעגן זיין אויסגעווייסט צווייִמאָל יערלעך, און וואו ניט

וואו "אונטערגעוויסט" צו שבת. קינדערלעך האָט מען פּריטיק גע־וואשן זייער געטריי און דאָס שטעטל פלעגט זיך אָנפילן מיט זייער געשריי (זוכט מרדכי ספּעקטאָרס "האלאסקאוו וויינט"). צו ליכט־בענטשן איז די מאיעסטעטישע מאמע געשטאנען צווישן אירע "בני מלכימלעך" און דער טאטע, רויט נאָך פונעם שוויץ אין מרחץ, האָט זיך אוועקגעלאָזט רואיק און גדלותדיק אין שול אריין אויפנעמען די מלכה שבת...

אגב צו אייער נייגער, לייענערס, וואָלט אייך באדארפט זיין באַ־שערט זען אין קינאָ א בילד פונעם פּרייטיקדיקן יידישן לעבן אין די פּיטשיניוועקס, ווי פאָרלעך יידן זיינען געגאנגען איבערן מארק פון מרחץ אהיים, רויט־רויטע און צופרידענע, טראָגנדיק צווישן די אויפ־געהויבענע הענט די רויטע קעשענע־פאטשיילע, אָן אויסגעוואשענע, אין דער לופטן צום באלדיקן אויסטרוקענען זי.

געווען שפּריכווערטער ביי יידן וועגן ריינקייט: — ווען ניט פרייטיק וואָלט א ייד פארגעסן אָנטון א פּריש העמד; ווען ניט פּסח וואָלט שטעטל "פארזינקען אין שמוץ". אויך דער פויער האָט צו זונטיק אָנגעטון ריינע וועש. דער אונטערשיד צווישן פויער און ייד איז געווען: — די גאס אלעמאָל ריינער אין דאָרף איידער אין שטעטל; די שטוב אלעמאָל שמוציקער אין דאָרף איידער אין שטעטל. דער פויער האָט געוואוינט אין גאָר קליינע שטיבעלעך מיט פּיטשינקע, אימער פארשפּארטע פענסטער און קיינמאָל, כמעט, געלופטערט די שטוב...

מרחץ האָט ביי יידן, ווי א געבעט־הויז, פארנומען דעם פּלאץ פון קלוב און "טעאטער". טאקע איז מען אהין געקומען באָדן זיך לכבוד שבת, אָבער קודם און נאָכדעם האָט מען זיך "געלאָזט גוט גיין" מיט פּאָליטישע שמועסן, נייעסן, פרישע אנעקדאָטן, וויצן און — פון די ביטלעך האָבן זיך געהערט ניגונים און לידער, נאָר ניט חזנישע שטיקלעך פון יומטובדיקן דאווננען. חוץ לזה איז דער שוויץ געווען אַן ענין פון מין "סצענישער" אקטואציע. יידן זיינען געלעגן אויף די "אויבערשטע טרעפּ", איינער האָט א זשבליוך געטון א קאלטן עמער וואסער אין פלאמענדיקן אויוון אריין וואו שטיינער האָבן זיך געגליט "אויף סכנות נפשות", דער דאמף (פּארע) פון דאָרט האָט א שאָס

געטון ארוים און אָנגעפילט דאָס צימער "מפנים ומאחור", מדאשקע לדאשקע, אז נאָר טאקע די גרויסע קינסטלער פון שוויץ האָבן דאָס אויסגעהאלטן, געלאָזט זיך שמייסן פונעם ספּעציעלן "תלין" און גע־שריען — "דאוואי! פאַראוואי!" (געב און געב נאָך) אָט אזוי, אזוי, שטארקער! נאָך שטארקער!...

אן אלטער "שוויצער" האָט שפּעטער ביים ארויפציען דאָס פרי־שע העמד געקרעבצט — "אי, ניטאָ ער, זכרונו לברכה, דער אלטער רב. האָט ער, קינדער, געשוויצט לכבוד שבת! האָט ער געלאָזט זיך שמייסן לכבוד שבת! פלעגט ער דאָס שרייען מיט זיין חולשותדיקן קול — שמייס, מאטיע, שמיים לכבוד שבת! איר פארשטייט? אזא שוויצער ווערט געבוירן איינמאָל אין א יובל, און רק צווישן לומדים, רבנים, וואָס ווייסן וואָס אזוינס מיינט לכבוד שבת. און אז מאטיע האָט פארענדיקט ביד חזקה, פלעגט ער, זכרונו לברכה, אָנהייבן בקול דממה דקה — "לאָז מיך איצטער מאטיע סערדצע, א קאפּעלע דרעמ־לען". און ס'איז דאָך באמת א נחת צו טון א דרעמל אויף דער אויבערשטער באנק אין מרחץ"...

א ספּעציעלן סטיל האָט פארמאָגט ביטל־לשון: — אנו, גים מיר אונטער א פריש ביסל יושקע, א הייססס... און געווען איז א ביטל־מעשה א באריכותדיקע, אין ביטל "וואוינט מען דאָך פאר ביליקן דירה־געלט". און געווען זיינען אומעטום ביטל־משוגעים. מענדל "שריי־גוואלד" האָט אין יעדן שטעטל און אין יעדנס ביטל אריינ־געשטעקט א פוס צו פּרואוון ווי ווייט דאָס איז הייס, געטון דאָס איידער דער באָדער איז אריין אהין. דאָס פרישע וואסער האָט א שטארקן ברי געטון דעם פוס, האָט ער א געשריי געטון "גוואלד!". עולם האָט געפאָדערט דערשראָקן — "מענדל, כאפּ ארוים דעם פוס!" מענדל האָט אים געהאלטן דאָרט ווייטער: — א קרענק אים, דעם ביטל! אזא גאָרניט זאָל ביי מיר אויספירן? קיינמאָל אין לעבן ניט!"

אין מרחץ האָט א נייגעריקער געקאָנט אויסשטודירן די מדרגות פונעם דלות אינעם שטעטל. געווען העמדער וואָס צווישן די הונ־דערט לאטעס דערויף האָט דאָס "גאנצע" שטיק אויסגעזען ווי א "ממזר אין דער משפחה". געווען אזעלכע וואָס האָבן אויף זיך גע־האַט אלע מוסטערן פון לאָדזשער שטאָפן פאר ווייבערשע קליידלעך.

געווען צעריווקעס וואָס האָבן עדות געזאָגט אויף א בריה א יידינע. א גאַנץ העמד, א העמד אָן א לאַטקעלע האָט באמת אָנגעצייגט דעם פארמעגלעכן באַלעבאָס. אין א העמד אויף א העמד איז אין מרחץ געקומען א ייד וואָס "קאָן זיך פארגינען"...

— איך פארשטיי גאָר ניט צו וואָס מוז מען דאָס אָפּטיילן א העמד מיט נאָך א העמד פונעם לייב?...

---

אלטע זאכן האָט מען ניט אוועקגעוואָרפן. דלות האָט איינגע־שטעלט דעם אויספּיר: — אלטע זאכן קומען נאָך צונוץ. אי־אי, ווער קאָן וויסן סאר א זכות עס ברייננגט אמאָל אָן אלט רעקל. אין דער משפּחה איז רעקל און העמד און אלץ מיטאנאנדער איבערגעגאנגען פון עלטערן קינד צום אלץ קלענערן. אזוי אויך מיט ווייבערשע בגַ־דים און קינדערשע קליידעלעך. דער מנהג פון פארקויפן אלטע בגדים האָט אין די קליינע שטעטלעך קיין קיום ניט געהאַט, אָרעמע געזינדן האָבן אלץ געטראָגן ביז צום ברכה־טערמין "צערייסט געזונטערהייד". נגידים האָבן געשאָנקען אלטע בגדים צו קרובים און אביונים. דער פּראָצעס, אגב, פון "איבערנוצעווען" בגדים אויף דער צווייטער זייט איז געווען פּראקטיקירט אָפט אויך אין נגידישע הייזער.

געווען ארום אלטע זאכן, אלטע ספרים, אלטע רעליגיעזע בנינים און אויך פּריצישע "שלעסער" לעגענדעס. א טלית קטן איז אָפּגע־לעגן אין א משפּחה דורות צוליב דער "פעאיקייט" צו היילן פון היס־טערישע קראנקהייטן מיטן בלויזן איבערנעמטיקן אויפן לייב פון קראנקן. אלטע שולן, הילצערנע, מיט געמעלן אין זיי, זיינען געווען באגלייט צו יעדן קומענדיקן דור מיט א חדושימדיקער לעגענדע. מערסטנס האָט מען זיי "געפונען". איינע אזא אין סאטאנאוו (דער־מאָן זיך אָן מענדל לאפינס שטאָט) האָבן די קינדערלעך "אויסגע־גראָבן (!)", זיי האָבן געשלאָגן א פלאָקן אין באָדן אריין, ער איז ניט געקראָכן, עס האָט שוין געפרואווט א גרעסערער יינגל אויף "משיקאַוועסט", ער איז אלץ ניט געקראָכן, נו, איז דאָס אָנגעקומען צום אָרטיקן רב און אזוי ארום איז די פארזונקענע שול "צום באהאלטן זיך פאר במעלניצקין" אנטפּלעקט געוואָרן. אַי, ווי קומט זי אויס באַגלייך מיט דער ליניע פון אנדערע בנינים?...

— קיין קשיות פרעג ניט. דור צו דור דערציילט און דו ווילסט זיין דער חכם? — גיי קיין כעלם...

און טאקע דור צו דור. געווען משפחות פון "זיבן דורות רבנים", זיבן דורות שוחטים, זיבן דורות בוררים, אָן א שיעור דורות פון כהנים מיט "יחוס בריוו" ביז צייטן אין דער גרויער עלטער. מיין עלטערזיידן, רב אברהם־יעקב, האָט דער אָפּטער רב איינגעלאַדן אייגעם אליין צו זיין דער כהן ביים פּדיון הבן פון זיין אייניקל־בכור, רב זושעלע. ער, דער אָפּטער, האָט דערקלערט אז אים, מיין עלטערזיידן, "געדיינקט ער" פונעם בית ראשון ווען דער אָפּטער איז געווען כהן גדול. "בידוע" איז דער אָפּטער געווען אויך אין אנאנדערן גלגול נשיא אין בבל, און א דבר ברור איז אז אין דריטן גלגול איז ער געוואָרן רב אין אָפּט, און שפּעטער דער באַרימטער "אפּטער רב" אין מעדזשיבאזש, דעם בעל־שם׳ס שטאָט.

איר גלויבט, אפשר, ניט דערין? — אין מיינע צייטן וואָלט אייך אויסגעקומען אַפּלייקענען אזעלכע יחוסים ביי יידן אין די טויזנטער און קיינער וואָלט אייך דערפאר ניט געגלעט איבערן קעפּל. ווען איך גופא האָב אמאָל אונטערגעטראָגן מיין טאטן דעם "תולדות הקבלה והחסידות" (גאָטלאָבער) צום איבערצייגן אים אז זיין עלטער־עלטער זיידע, רב אד׳ם בעל־שם־טוב, איז גאָר קיינמאָל ניט געווען, האָט ער מיר דערלאנגט אזא טראסק אין באק אז איך האָב באלד מודה געווען אויף יאָ געווען...

א באזונדערע ראָלע, אין דער הלבשה, האָט געשפּילט די יארמולקע. אָן אָט דער באהיטלונג פון יידישע קעפּ שטעל איך מיר ניט פאָר א בן דוד מיינעם אין יידישע שטעטלעך. פאר א פריץ, א פּאָליציישן, א ריכטער איז מען געשטאנען אָדער געזעסן אָנעם קאשקעט, אָבער אליין אין דער יארמולקע. אין גרויסע היצן, שטיקנדיקע זומערנעכט האָט א ייד געקאָנט דערלויבן זיך שלאָפן אדם נאקעט, נאָר אליין ניט אָן דער יארמולקע.

דער קאָפּ־צודעק איז געווען פארשידן ביי יידן, לויטן מנהג פון א לאנד, פון א געביט. אין אוקראינע האָט מען געטראָגן קאשקעטן, געוועגטע. פרומע יידן — סאמעטענע, זיידענע. א קאפּל מאָדערנערע — בלויז זיידענע. וואָלינער יידן האָבן געטראָגן על פי רוב,

"טעפּעלעך" מיט א דאשעק פונפאַרנט. דאָס "טעפּל" איז געווען אכט־קאנטיק, און תמיד פון זייד. דער פּאַדאַליער ייד האָט דעם וואַלינער דערקאָנט "אינעם טעפּעלע". מעגלעך אז דאָס איז געווען א שטיק פריווילעגיע פון פיינערע באַלעבאטים, און אפשר פון מאָדערנערע ייִנגעלייט. א געוועגטעגער קאשקעט מיט א לעדערנעם, א גלאַנציקן דאשעק, האָט פארמסר'ט זיין טראָגער: — מן הסתם א באַלמעלאָשקע, אָדער א מארק־יונג...

רבי'ס, רבנים, שוחטים, פרומאקעס, "אייניקלעך" און, צומאָל, נגידים פון רבישן אָפּשטאם האָבן געטראָגן אינדערוואָכן דיקע קאַפּעליושן פון פלים, קיילעכדיקע; און שבת, יומטוב — זעלטן שטריימלעך, מערער פליסענע קאשקעטן מיט טרעלדעלעך איבערן דאשעק און גאָר זעלטן א ביבערנעם מיצל, א ירושה פון דורות. געווען פאלן זייער זעלטענע ווען א רייכער באַלמעלאָכע האָט "געוואגט" אָנטון שבת איין מין קאָפּ־צודעק פון די דערמאנטע פּריווילעגירטע, האָט ער געקראָגן אין שול א ביטערן אָפּשניט. זיינע פאך־לייט גופא האָבן אים דאָס ניט פארגינען...

ביי פרויען האָבן זיך לאנגע צענדליקער יאָרן געהאלטן זייערע יופעס פון סאמעט צום גיין שבת אין שול. אזא אריכות־ימים'דיקע יופע איז באמת געגאנגען פון דור צו דור, פון אורעלטער־באָבע צו אוראוראייניקל. אזוי אויך, און דורך לענגערע צייטן, די בענטשלייכטער, דער "סובאטניק" מיט עטלעכע רערן, דאָס מעשענע לייכטערל צום ליכטל ביי פלייש־זאלצן און בודק חמץ זיין...

הויזנס, פארשטייט זיך, האָבן מיינע זיידעס געטראָגן, אָבער דעם נאָמען ניט באנוצט, געווען א ביסל א צינישער נאָמען; געהייסן האָבן זיי באַלעבאטיש פּלודערן. צום צווינגען די פלודערן זיי זאָלן ניט ארונטערפאלן האָט מען זיי ארומגעגארטלט מיט אן "אקרייקע" (ברעג־פאס פון געוואנט). טראָגן א לעדערנעם פאסעק איז אָנגעשטאנען א "פּאילגע", און דעם "שטשאגעל" פון זיי מיט א מעשענעם שפּראנטשיק...

כאַלאָוועס פון שטיוול האָבן געלעבט מתושלחס יאָרן. האָט זיך דער טריט־טייל אָפּגעטראָגן און צעריסן געוואָרן ביז צו דער "עבירה צו לעגן א לאטע". האָט מען די כאַלאָוועס אָפּגעשניטן און געמאכט

צו זיי "אן אונטערגעניי", װעלכער האָט אויך ניט אויסגעהאַלטן איי־ביק און געלאָזט די באַלאָוועס באַקומען אַ נייעם אונטערגעניי...

— געפּוצטע שטיװעלעך (קאַמאַשן) אינדערװאָכן?...

ניין. דאָס מאַכט צומאָל אַ פּאַילגע, מאַכט אויך אַ נגידישער איידימל פון אַ גבירישער משפּחה אין אַ גרויסער שטאָט, אָבער אַ ייד, אַ באַלעבאָס, — גיי שוין, גיי, װאָס פאַר אַ יומטוב איז דאָס אויף אים?...

פּרייטיק האָט אַ ייד אַ "פּוץ געטון" זיינע קאַמאַשן, אפילו שטיװול, אָבער רק פונפאָרנט, פונהינטן מאַכן אַ גלאַנץ — פונוועמעסוועגן? — אויב יענעם דאַרט אַרט דאָס, אַרט מיך שוין גאָרניט...

קראַװאַטן ביים העמד האָבן יידן פון דער מאַסע כמעט ניט גע־טראָגן. ראשית הל האָט מען אים ניט באַדאַרפט, "די באָרד פאַר־שטעלט דאָך דעם קאָלנער", און "והשנית װאָס פאַר אַ שײנקײט ליגט אינעם קראַװאַט?". "איידעלע יידן", די דעמאָלטיקע אַריס־טאָקראַטיע, האָבן געטראָגן שאַליקלעך אַרום דעם האַלדז. יונגעלייט־לעך מיט קראַװאַטן, איבערהויפּט העלערע, האָבן ביי געזעלשאַפט ניט אויסגענומען...

— װער גיט זיך אָפּ מיט אַזוינע זאַכענעס! אַ פּוסטער קאָפּ. ער קאָן זיין אַ מיוחס אָבער מיט אַ שאָק רוחות...

אין מיין משפּחה פלעגט אַן עלטערמוטער באַרימען זיך אַז אין "בלעבענע העמדער" זיינען אירע קרובים ניט געגאַנגען. איינער בלויז פון די "פּינעף זיילן" אין דער משפּחה, אירע ברידער, פלעגט יעדן טאָג פּוצן די שיך און נעצן די האָר צום פאַרקעמען זיך. ער האָט געמיינט אַז אַ בוכהאַלטער ביי אַ גביר מוז דאָס טון. זאָל אים דער אין הימל מוחל זיין...

מיר, יונגע חברה, האָבן שטאַרק געביינקט נאָך אָט דעם פעטער: — הלוואי װאָלט ער איצטער געלעבט, ער װאָלט דאָך געװיס געװען אַ משכיל...

געהאַלטן אויג אויף קרובים האָט יידישע משפּחה אויך נאָך אין מיינע יונגע יאָרן: — "אַ משפּחה קאָן ליידן פון אַזעלכע פאַרשוינען. מיט משפּחה מוז מען זיך רעכענען"...

---

# קאפיטל פיראונצוואנציק

## האָב און גוטס ביי יידן

דאָס פאָלק וואָס האָט אזוי אָפט פארלוירן פארמעגן דורך פּאָגראָ־מען און קאָנפיסקאציעס האָט געמוזט באקומען א שטויס צום האווען און האָרעווען כדי דעראָבערן דאָס וואָס זעט אויס צו זיין א זיכערער האָב, א באוואָרנטער מיט באשטענדיקייט.

די גרויסע שטרעבונג איז ביי יידן, געווען צו "פיר ווענט", צו אן אייגענעם דאך. ביים אָרעמען שיכט האָט ניט אויסגעמאכט סאר א דאך, זאָל זיין פון שינדלען, סאר א פענסטער, זאָל זיין אזעלכע וואָס "דער דלות קאָן דורך זיי ניט ארויסקוקן" ("בעסער אזעלכע וואָס דאָס גליק קאָן ארייגקוקן"). א ייד האָט געגלוסט צו א שווארצן אלמערל פאר הייליקע זאכן ווען, צו א הענגלאָמפּ ווען וועלכער ווארפט די שיין דירעקט אויפן ספר וואוהין ער קוקט אריין. צו בלומען... א ייד און בלומען? יאָ, צו אויסגעשניטענע פון פּאפּיר; צו נאטיר־לעכע האָט מען אלעווייל באדארפט פרישע "ממתקים". א יידישע פרוי האָט ליב געהאט א ביסל קרובים אויף דער וואנט, ניט גע־שטערט האָט אינמיטן א "יעדנעראל", פּאָרט א גרויסער מענטש. א ייד האָט באגערט א גוטן פעלץ, א גרויסע וועג־בורקע, א זילבערנעם חנוכה־לאָמפּ, אן עטרה איבען טלית, א דיקן סדור וואָס אלע ווילן

אריינקוקן אין אים. און "שטעט", כאַטשבי איין שטאָט אינעם בית המדרש; א קרעמל פון האָלץ אפילו, אבי אויפן מארק, צום פארדינ־גען און באקומען קליין דירה־געלט, אלץ איז געווען האַב...

צומאָל האָט אזא "האָב" אויפן מארק פאַרגעשטעלט מיט זיך א נדן פאר מוידן, טאקע פאר דריי־פיר. א קרעמל אויפן מארק האָט געשאפן אילוזיע פון א זיכערער פרנסה. אזא "האָבער" מיט פעאי־קייטן אַפצונארן עטלעבע חתנים פלעגט מען אין שטעטלעך רופן "משיח". באמת איז ער געווען "הערשל פון דער בודקע". די בודקע האָט ער צוגעזאָגט צום חתן פון דער ערשטער טאָכטער. נאָך חתונה האָט ער באקומען חרטה, געגעבן א פופציקער דעם איידעם פארן וואָרט און געזוכט באלד א חתן פאר דער צווייטער טאָכטער, און אזוי ווייטער, ביי די איבעריקע טעכטער.

ווען עס האָט שוין געהאלטן ביי דער מוזינקע האָט דער שדכן גערעדט צום קאנדידאט אויף חתן. — דו דארפסט שוין ניט מורא האָבן פאר א שווינדל, די לעצטע טאָכטער, דאָס קרעמל איז זיכער דיינס...

שפעטער אָבער האָט דער רב אליין צוגעגעבן אז אויף דער על־טער קאָן דער טאטע ניט בלייבן אָן דעם אָנשפאר, דער איידעם וועט עס באקומען לאחר מאה שנים. דעריבער פלעגט מען אין שטעטל זאָגן: — הערשל האָט אלץ אָפגעלייגט אויף משיחן...

— שווער, וואָס רעדט איר, וואָס זאָגט איר?...

— אזוי גאָר, מיין קינד, דו גלויבסט ניט אין ביאת המשיח?...

דער גאָר גרויסער אידעאַל פון "האָב" איז געווען א פרנסה־שטוב, א דירה מיט א קראם פונפאָרנט. זיכערער, ממש א טרוים, — אָן אכסניא אינמיטן שטאָט. ניט שלעכט א שטוב פאר א שענק.

געווען נאָך א סאָרט "האָב" ביי יידן, א גאָר באזונדערער, "מיט וועמען צו זעצן זיך צום טיש". עס האָט געמיינט, קודם כל, זינען און איידעמס לערנערס, זינען נגידים, א זון אָן אַנטיקל צווישן שטע־טלדיקע יונגעלייט, אָדער כאָטש א זון, א חזן א מיוחס, דאָס הייסט מיט "פירוש המלה'ס". נאָך זינען זיינען געגאנגען מחותנים, אלעמאָל האָט מען געוואָלט א גרעסערן פאר זיך אין געזעלשאפט.

און — האָבן א דעה אין קהל! ווער האָט ניט דערצו געריסן זיך

מיט גוואלד אפילו? רייכע אוודאי. און אָרים אויך אָפּטמאָל. פאַר דעם וועגן האָט מען אָפּט מוחל געווען אויף זעט אין טעלער, אויף רווחים אין געשעפט, אויף א מעגלעכקייט, אפילו צו האָבן א מיוחס־דיקן מחותן...

א סימן אויף פאַרפונדעוועטקייט פון א יידישער שטוב איז געווען בעטגעוואנט און בעטוועש מכל המינים. טישטעכער, האנטיכער, פירהאַנגען, געשטיקטע זאכן, אלץ דאָס צום באַצירן די שטוב, אלץ דאָס קודם ליבוועש, קודם אויבערהעמדער. "א העמד טראָגט מען אונטער די קליידער. לאָזט מען אריין אין די הויזנס, קיינער זעט דאָס ניט און זיך קומט מען יאַקאַש אָפּ". א עיקר איז געווען דער "אויס־שטעל" פאַר לייט.

א מאמע האָט געפּרעטעט "גוטס" פאַר קינדער, איבערהויפּט פאַר מיידלעך, דער טערמין פון אויסנוצן דאָס אָנגעפּרעטעטע האָט גע־הייסן "צו דער רעכטער צייט". פאַר יעדן קינד קישנס, וואַגיקע, צו עטלעכע פונט פעדערן, פאַר "איבערבעטן" א טאָפּלטע וואָג. מע פלעגט "אונטערשיטן" די קישנס כדי נאָך חתונה־צייט קאָנען אויס־נעמען אין דער קאָנקורענץ צווישן די מחותנת'טעס, לגבי גרעסערער געטריישאפט צו די קינדער. אינעם קישן פאַרן זון פלעגט מען אריינלייגן דעם "ראשית הגז", ערשטער אָפּשניט פון די הערעלעך בעת'ן דערגרייכן דריי יאָר וועלכע זיינען פאַר א ייִנגעלע געווען שוין א מין "בר־מצוה". דער כלהם געניי־נדן האָט געהייסן "וויפּראַוועֶ"...

דער פּראָצעס פון אָנשיטן פעדערן אין בעטגעוואַנט האָט געהאַט משפחה־טראַדיציע, דערביי זיינען געווען נאָענטע קרובה'ס, געהאָלפן שיטן און געהאַלטן אין איין וויינטשעווען...

כלים און געשיר זיינען געווען פון זילבער, קופּער און מעש. "מזלדיקע ווענט" פלעגן זיין "באהאַנגען און באַקלאַנגען" מיט כלערליי קופּערנע בעקנס און פייערקעס, גרויסע שווענקשיסלען, א טשאַלנט־טשייניק, דורכשלאַקן, צוויי־אויערנדיקע קוואַרטן צו "שאו ידיכם", כדי קאָנען נעמען זיי פאַרן טרוקענעם אויער. אין ווינקל אויף א העכערן געשטעל דער האַנטפּאַס מיט א קווערטל. ערגיצוואו אויף אַן אָנזיכטיקן פלאַץ איז געשטאַנען דער מיוחס פון מעש, אָדער מאָדערנער, פון ניקל — "באַראָן סאַמאָוואַר". אָפּט צוויי אזעלכע,

איינער צום נוצן פון געווינלעכן פאסאן, דער צווייטער א בייכיקער, צו שמחה'ס פאר אן עולם וועגן. געווען נאך מעשענע "מעדניצעס" צום פרעגלען איינגעמאכטסן. אין כלים פון ניקל און מעש האבן די לאמפן זיך געשפיגלט און באוויזן בריהשקייט פון דער ווירטין. נאך:
— א מעשענער העסע־לאמפ און ער, דער "ווילדער" טאראראמטשיק, הער שטייסל מיט זיין אויבערשטן רעש־מאכער...

זילבער, דער "מלך פון כלים", איז געווען כמעט אין יעדער שטוב, וואו א פארל לעפלען מיט גאפלען, וואו אויף די פוד'ן שוין טאקע צו באצייכענען נגידישאפט. וועגן עשירות פון פסחדיקן געשיר, איז אפילו אין פאלק ארומגעגאנגען א לעגענדע:

דער פראנקפורט־אם־מאינער רויטשילד, דער פרומער צווישן זיי־נע ברידער, האט אויפן טייך מאין געהאט א פאלאץ אמישנע געבויט פאר פסח וועגן. דער פאלאץ האט בעתן בוי זיינעם ניט אנגעזען אפילו א ברעקל חמץ. ביז צום פסחדיקן פאלאץ איז מען צוגעקומען מיט א שווימבריק, געלייגט איבערן וואסער ערשט א טאג פאר ערב פסח. אינעם פאלאץ איז אלץ געווען פון כסף טהור, העכסטע פראבע. דארט האט ער מיט זיינע בני בית און א רב און א שוחט און א מנין פון יענע געהויבענע און פרומע יידן געוואוינט איבערן גאנצן יומטוב, ארויס פון דארט ערשט נאכן "חמצדיקן ברכו". די זילבערנע כלים און געשירן האבן באטראפן א "מלכות", ווייל די קערה, כוסות און כוס אליהו זיינען געווען פון גינגאלד...

צו האב פון באדייטונג האבן געהערט טולופעס און בכלל פעלצ־מאנטלען. געווען דערבייי מדרגה'ס. שמוישן זיינען געווען א פאלקס־האב. פאר מיוחס ביי יידן האט מען געהאלטן דעם טכויר. א טכויי־רענער טולופ צו התונה פלעגט צומאל זיין א תנאי פון דער כלה'ס צד, כדי ניט פארשעמט זיין ביים קומען אין בית המדרש צום דאוו־נען. העכער פאר טכויר איז געווען נארקע, מארדער און עלק. דערביי האבן זיך געיחוסט קראגנס פון ביבער, בעיקר "קאמטשאטס־קער ביבער" מיט זיינע גרויע האר אינמיטן פון דעם "פעלץ־שום".

אינעם ווייבערשן חשבון אויף פארמעגן זיינען געווען — "קנופ־לעך", שטילערהייט צוזאמענגעלייגטע אינעם אפשפאר פון די געל־טער וואס די מענער האבן געגעבן פאר שטוב־הוצאות און קליידונג.

אלע באבעס און היבש באיארנטע מאמעס האָבן געהאט קנופּלעך "הינטערן מאנס פּלייצע". די מענער האָבן וועגן דעם געהאט טעאָ־רעטישע באגריפן, קלאָרע ידיעות קיינמאָל ניט. דעם קנופּל האָט א פרוי געהאלטן ביי וועמען פון איר משפחה, און ער האָט געדינט ביים חתונה מאכן קינדער, ארויסצוהעלפן אין א נויט, שענקען וואָס דער טאָכטער און דער מאן זאָל דערפון ניט וויסן. דער מאן גופא פלעגט פון אזא קנופּל געהאָלפן ווערן בלויז דאן ווען אויף אים, אלס חיונה־געבער, איז געקומען א נויט דורך קראנקהייט. א "גוטע אשה" איז באלד אונטערגעקומען מיטן קנופּל, אָדער מיט א טייל דערפון.

אין דעם דורכשניטלעכן לעבן האָט צוגעהאָלפן די בריה'שאפט פון דער פרוי. זי האָט אָנגעפרעגט "מציאות", זי האָט געהאלטן איר "חברה" אין דיסציפּלין לגבי דעם עסן: — עסן, אָבער ניט פרעסן. זי האָט "פארלוירן קויך און מויך כדי פון קוימען זאָל גיין דער רויך..."

די מענער האָבן "געהאוועט" געוועזן אימער "פארשמאיעט" על פי רוב געלעבט פון לופט (צופעליקע פארדינסטן). פאר מאָרגן האָט געמוזט "גאָט זאָרגן".

ביי "האָב און גוטס", בעיקר ביי גוטס, מוז מען דערמאנען דעם "טיש" ביי דעם מיטלען באלעבאָס: — זופּ פון קארטאָפל, יושקע פון גרייץ, געריבענער ארבעס, טעגלעך מיט פאסאָליעס (בעבלעך); וויינ־טער, ווען געהאָדעוועטע גענדז האָבן געגעבן — גריבענעס און א גערגעלע, א פופּיקל, א לעבערל און "איך בעט אייך איבער" דאָס הינטערשטע מיט די פאסאָלקעלעך דרינען. א יחוס־מאכל איז געווען דער באָרשטש בוראקאווע מיטן "פּינטעלע" — דער מארך־ביין, — מיט קנאָבל און פעפער, א מכה זיי, די ערלים, צי ווייסן זיי אפילו ווי צו קאָכן אזא באָרשטש...

ברויט איז געווען עיקר אכילה ביים יידישן טיש. קרויט פאר א נאווינע. דאָס בארימטע יידישע ראָסעלע מיט א סך טונקעכץ כדי קאָנען פארנוצן א סך פרישע חלה.

סענסאציע אינעם שטעטל ביים טיש איז געווען מילכיקס. פוטער אויף ברויט האָט מען געשמירט אזוי דין ווי קאלעך אויף א וואנט ביים ערשטן מאָל "איבערגיין מיט דער בארשט". מילכיקע ווארע־ניקעס האָבן געמוזט האָבן צו זיך א וואזשנעם גאסט ביים טיש.

אין דער אָרעמער שטוב האָט אויסגענומען א טיפער טעלער ביז די ברעגעס פול מיט "טונקעכץ" כדי א חלה זאָל "קאָנען דאָרט אויס־באָדן זיך"...

— האלט ניט אזוי לאנג דאָס שטיק בולקע אינעם טונקעכץ, פאַ־ראַן נאָך ווער עס וויל א טונק טון...

וואָס א ייד האָט געהאלטן פאר א גליקלעכער געשעעניש ביי זיין טיש איז געווען אַן אורח צום מיטעסן און אויף שבת. דער אָרעמ־סטער ייד האָט דאָס געהאלטן פאר א זכיה, דאָך האָט א לאנגער יומטוב געשראָקן די אָרעמע באלעבאָסטע. א לאנגער יומטוב וואָס כאפט אריין, אָדער לאָזט זיך אויס מיט א וואָכעדיקן שבת איז א צולהכעיסדיקער ענין. און "שבועות איז א טייערער יומטוב" האָט געמיינט סיי אין געשמאַק פון די מילכיקע מאכלים, סיי אינעם יקרות פון מילכיקן אינעם שטעטל...

---

# קאפיטל פינפאונצוואנציק

## די יידישע שטוב

אין דער יידישער שטוב איז געלעגן שטאנד, זעלבסווערט, שטאָלץ און באהארצטקייט פון מענטשן וואָס פילן אָן אָנשפּאר אויף עפּעס "רעכטס", האָבן אַן אייגענעם אדרעס.

א יידישע שטוב האָט פון פאָרנט און פון הינטן געהאט אירע לאָדן, אירע טירן און טויערן באוואָרנט מיט אייזערנע פרענטן "ווייל א ייד מוז קאָנען פארשליסן זיך". פאר קינדער איז די אייגענע שטוב געווען די לערערן און צוגעוויינערין צו יידישע טראדיציְעס, א צענטער־פונקט פאר אומקוקן זיך, דערמאָנען זיך, פילן זיך גע־בונדן צו עפּעס...

שמירה פון דער יידישער שטוב, האָט געהאלטן די... מזוזה. זי האָט יעדערער ביים אריינקומען און אוועקגיין געקושט, אָדער כאָטש א גלעט געטאָן. אויף דער וואנט פון דער "גרויסער שטוב" האָט געהאנגען דער בכבודיקער טלית־זאק, וואָס דאָס תפילין־זעקל האָט זיך געווארעמט אין זיין בוזעם. יעדן פרימאָרגן איז די "גרויסע שטוב" געוואָרן פארוואנדלט אין א מקום קדוש אויף א צוואנציק מינוטן. א שטילקייט האָט געהערשט — דער טאטע דאוונט...

די מאבלים אין שטוב זענען געווען ריטואלע, ריין כשרע, אומ־ענדערבארע אין זייער פראגראם דורך די טעג פון דער וואך. קודם דעם עסן איז געקומען דאס "אפגיסן הענט" און מאכן "המוציא". די שטוב איז צו יענע צייטן געווען דער אוהל פון טהרת המשפחה. טאטע־מאמע האבן זיך באהאנדלט צו מוסטער פאר די קינדער. "חשבונות" צווישן זיך האט מען כמעט אלעמאל געמאכט אין זייער אפוועזנהייט. האבן זיך טאטע־מאמע דאך "געווערטלט" צווישן זיך, האבן קינדער אראפגעלאזט די אויגן. זייער אפט, ווען א טאטע האט דערבליקט א נייגעריקייט דערויף מצד א קינד האט ער א שימף געטאן — ארויס פונדאנען, חס ושלום, חם דו"...

דער טאטע האט אין שטוב געפירט מלכות, געלערנט קינדער דרך־ארץ, פאלגעוודיקייט און מידות. ניט "וואיעווען" בשעת עלטערע זיצן ביים טיש, ניט ארייננפאלן אין די רייד פון געסט, היטן זיך — לגבי עלטערע קינדער, — פון זאגן א מיינונג אומבאגערכנט...

די קינדער האבן געקערט וועלטן אין שטוב, די שטעטלדיקע שטוב האט פארביטן אלץ וואס א דרויסן פארשאפט פאר קינדער: א שפילפלאץ, א גארטן צום שפאצירן, א גאס צום זעלנערישן מאר־שירן, אבער ווען די פארזיכטיקע מאמע האט א זאג געטאן — דער טאטע גייט! איז מיט איינמאל געווארן שטילשטאנד. דער מאמעס פנים האט באוויזן א לייכטינקן שמייכעלע, זי האט א שעפ געטאן נחת פוןביידע צדדים, טאטע און קינדער. די קינדער זענען פארבליבן שטיין אויף זייערע פלעצער ווי זעלנער נאך דער קאמאנדע "אויפן פלאץ!", און, בשעת דער טאטע איז אריין אין אלקער איבערטאן זיין וואכעדיקן רעקל, האבן זיי איבערגעקוקט זיך גנבהש און שעלמיש א שמייכל געטאן — ש־שא! דער קלענסטער איז אוועק אין קיך בעטן די מאמען זי זאל פארשווייגן א חטא פון א צעבראכענעם גלאז...

דורכשניטלעך האט די טיר פון גאס געפירט גלייך אין ערשטן צימער אריין, גערופן די "גרויסע שטוב". געשטאנען איז דארט אין דער מאמע מיט א לאנגער טיש מיט אן אלטמאדישן שטול אויבנ־אן, דעם טאטנס קרוינפלאץ, און עטלעכע בענקלעך ארום, האלצער־נע מיט פארענטשעס. דאס טראדיציאנעלע באנקבעטל האט געהאט

זיין אייביקן פּלאַץ זינט דעם זמן ווען דאָס פֿאָרפֿאָלק זענען געוואָרן באַלעבאַטים "פֿאַר זיך". די דעק האָט זיך געעפֿנט און באַוויזן אַלטע בגדים מיט ירושה'דיקע געשיכטעס פֿון פֿאַרגאַנגענע צייטן...

און א קאַמאָד, א הויכער, מיט זעקס שופלאָדן, אַלעמאָל, כמעט, א "זיידע" פֿונעם אַנדערן מעבל; א קאַמאָד האָט מען באַקומען ירושה, אָדער געקויפֿט אים, א זקן. אינעם אויבערשטן שופלאָד איז געוויינט־לעך געווען א "סעקרעט" אין א זייט. אַלע האָבן געוואוסט אין וואָס דער סעקרעט באַשטייט, אָבער אַלע האָבן אים געהיט, אַפּגעזען דערפֿון וואָס יעדע יידישע שטוב האָט פֿאַרמאָגט אַזא קאַמאָד, און יעדער קאַמאָד האָט געהאַט אַזא סעקרעט. א שראַנק געווען, א ביסע־לע נידעריקער פֿאַר דעם באַלקן. אויף אים האָט דער טאַטע באַהאַלטן זאַכן פֿאַר דער חברה זיינער, זיי זאָלן ניט קאָנען דערלאַנגען. דער שראַנק האָט געהאַט צוויי האַלבע טירן באַזונדער צוגעשלאָסענע. איין זייט פֿאַר שפּייז, די אַנדערע פֿאַר בגדים...

— א מחיהדיקער שטיק מעבל, א ים מיט זאַכן איינען אריין אין אים, ניט אומזיסט הייסט זי די גרויסע שאַפֿע...

וויפֿל פֿאַרשידענע זאַכן עס פֿלעגן שטיין אויף דער שאַפֿע רעכן איך ניט אויס פֿאַר אייך, דערצו וואָלט איך באַדאַרפֿט האָבן צייט־גענאָסן — עדות, אַניט וועט איר געוויס ניט גלויבן. געהאַט נאָך האָט דער שראַנק פּלאַץ אונטער זיך צווישן זיינע העכערע סאָלידע פֿיס. פֿון דאָרט ווען מ'האָט א שאַר געטאָן מיט דעם שטעקן פֿון קאַטשערע זענען געפֿלויגן אַלטע שיך און קאַלאָשן — רויטשילדס פֿאַרמעגן. א שווערער סכום...

בילדער? — יאָ. משה מאָנטעפֿיאָרע צו זיינע הונדערט יאָר. א יערנעראַל פֿון פּוילישע צייטן, אָדער סקאַבעליאָוו וואָס האָט איינגע־נומען פּלעוונע בעת דער רוסיש־טערקישער מלחמה, א רבי, על פּי רוב רב דודל טאַלנער, אָדער עפּעס אַן ארץ־ישראלדיקער ייד, צומאָל א "געוואָרענער זיידע" אַן בויכוויייטיק. און אין מאָדערנערע צייטן — א זון "אויף סלוזשבע" (א זעלנער) ווען ער איז געקומען צו באַזוך... אויף דער וואַנט, דער וואַנטזייגער מיט זיינע קייטן און וואָג־בעכערס אָנגעפֿילט מיט זאַמד. און א "מזרח".

— דער "מזרח" פון זיידן, זכרונו לברכה. ניטאָ מער אזוינע יידן... אין זייער פיל הייזער א "זכר לחורבן" אויף דער מזרח־וואנט, א קוואדראט פון קליינעם פארנעם וואָס פלעגט בלייבן ניט פאר־ווייסט. דערנאָך, דער הענגלאָמפּ, דער פונעם באלקן ארונטער. פארצייטנס האָט ער — אזוי האָבן אים געשילדערט עלטערזיידעס, — ארונטערגעקוקט מיט א פלאם פון דריי ליכט, שפּעטער מיט פינף און אכט ליכט. איך גופא געדענק שוין דעם לאָמפּ "פון פערצן ליכט", און נאָך שפּעטער איז געקומען דער "משוגענער פלאם" פון פיר און צוואנציק. דעמאָלט האָט מיין מוטער געטענהט אז "נישט אנדערש, מיין פאָטער האָט זיך פארליבט צו בלינד מאכן אירע אויגן...

— ער ברענט אויס די ראיה. און ווער דארף דאָס? לייגן א מע־רעזשקע קאָן מען מיט א פערצענער, און נאָך בעסער האָט מען דאָס געקאָנט מיט אן אכטער. טאקי טונקעלער, אָבער מיט די אויגן האָט מען ניט געהאט צו טאָן... זייער אָפּט האָט זיך אין א יידישער שטוב געפונען אן אייזערנער קאסטן אויף רעדלעך. ער איז געווען דער גביר צווישן דעם מעבל. וואָס האָט ער נישט פארמאָגט און וואָס פאר א טייערע זאכן האָט מען אין אים ניט באהאלטן?... ביי יידן וואָס האָבן געהאנדלט מיט פריצים האָט מען געטראָפן "אינ־מיצקעדרינען" אויפן פלאץ פון טאטנס קרוינשטול ביים טיש, אָדער גלאט וואו ביי דער וואנט, א גרויסע געבעטע שטול, געדעקט מיט פלוש און אויסגעריסן אינמיטן דאָ און דאָרט צו שטיקלעך דערפון. אזא שטול האָט געהאט מיט זיך געשיכטע...

פונפאָרנט, אין דער גרויסער שטוב, איז דער באלעבאָס געזעסן און פארבראכט מיט שכנים, צוגעביסן מיט געסט, מיט א סוחר, שדכן, אויפגענומען א פוילישן פריץ, א פּאָליצייאיש "קנעפל" (קאקארדע) און "א כפרהניק" א בעל־גוף וואָס מע פלעגט ביי אים צומאָל פארדינען...

ביי נגידים זענען מחוץ פון דער גרויסער שטוב געווען אויך סאליעס. איינע אזא האָט געדינט פאר דעם אויפנעם פון פריצים גרעסערע סוחרים, אמאָל א חשובן גאסט פון רבישן שטאם, אמאָל גאָר צום "אָנקוקן זיך" צווישן חתן־כלה, טאקע דעם נגידם מיידל און א פרעמדשטאָטיקער בחור...

ניט צום דורכלאָזן איז א חדרל וואו "מע שלאָפט ניט" ווייל דאָרט שטייט דער שווארצער אלמערל מיט הייליקע ספרים אין אים, חומשים, משניותן, גוט־יידישע ספרים, די מגילה, טליתים פון באלע־באָס און חתונה־געהאטן זון, אויך דער ספר רזיאל המלאך, און מט־בעות פון דעם רבין צו "שמירה".

די אלקערם האָבן ניט אויסגענומען מיט הרחבה, געווען ענג, קוים פאר צוויי בעטן מיט בעטגעוואנט, א קליינטשיק טישעלע אינדערמיט, איבער אים א שפיגל פון "ווארשעווער" זילבער (אימיטאציע), און, אויב בהרחבה, א פאָרל לייכטערלעך אָן ליכט כדי נישט דערמאָנען קיין "יאָרצייטיקס"...

א שטיק מוח־ארבעט איז פאר א "פלידנער" (קינדלדיגער) מו־טער געווען דאָס אויסלייגן די קינדער צום שלאָפן. געראטעוועט האָט זי זיך נאָר ביי קליינוואַרג — ביז אכט אין א בעט, פיר אנטקעגן פיר. מ'האָט לאנג זיך געשטויסן מיט די פיאטעלעך, געמאכט א ''פליעסק'' (אזא טאנץ) און קוויטשעדיק געלאכט. א קרענקלעכם איז געשלאָפן מיט דער מאמען, א מוזיניקל מיטן טאטן. צרות האָט מען געהאט פון עלטערע מיידלעך; טאטע־מאמע האָבן דעם קאָפּ זיך געבראָכן אויסצוגעפינען א שפאליר־ווענטל, ערגעצוואו, פאר א פאר־בארגענעם ווינקל...

ביי באלמעלאָכעם איז דער "דרויב" געשלאָפן צוזאמענגעפרעסט אינעם אלקערל, אָבער זיי איז דאָרט געווען בעסער ווי די נגידישע קינדערלעך אין באזונדערע בעטלעך מיט "ניאניעס" אנטקעגן.

שפילעכלעך פאר קינדער זיינען על פי רוב געווען אויסגעטראכט פון זיי גופא: — פרימיטיווע שליידער־העלצערלעך, פייפלעך פון "בעז"; פונעם זעלביקן האָלץ "פוקאָלקעס" (שיסערלעך) או''וו. און פאר מיידעלעך ''ליאלקעס'' פון פאבריק און אייגנהענטיק געמאכטע.

גאָר באליבט איז בא יידישע קינדערלעך געווען דער דריידל וואָס האָט זיין אייגענעם יום־טוב געהאט — חנוכה. און ער האָט געגעבן פיל שטאָף פאר ווערטלעך:

— א ייִנגעלע איז ווי א דריידל, פון אלץ דרייט ער זיך ארויס....

— א מענטש האָט ניט דעם זכות פונעם דרעדל וואָס פאַלט אויפֿן „נס", דאָך דרייט ער זיך אַלץ ווייטער...

שטיבער פון גרעסערן פארנעם האָבן אָפט פארמאָגט א טויער צום ארייפאָרן אין דעם הויז. על פי רוב האָבן אזעלכע בנינים געהייסן "איינפאָר־הויז".ביידע זייטן דירה זיינען געווען צעטיילט מיטן איינפאָר, הינטן האָט דער וואָגן ארייגעטראָפן אין שטאַל. אזא דירה איז באמת געווען א גוטע זיכערונג צו היונה.

---

# קאפיטל זעקסאונצוואנציק

## ליידיקגייערס, נצחנים, טויגענישטן און ליגנערס

דער ליידיקגייער פלעגט באטראכט ווערן מיט חשד: — "א ייד מוז האבן א באשעפטיקונג", אבער דאך פלעגט אים אפט געלונגען אז די געזעלשאפט זאל זיך מיט אים רעכענען. ער איז קיינעם ניט נויטיק געווען צו תכלית, אבער ביים אוועקפטרן אן אומגעוואונטשע־נעם סטאראסטע, א גבאי, א רעדלדרייער, פלעגט ער צונוצקומען. פריער פאר אלע אנדערע פלעגט ער געוואר ווערן וואס אינעם שטעטל טוט זיך אפ. א פאליצייאישע צרה איז אים דווקא געמאלדן געווארן פריער, ווייל "ער וועט זי שוין צעפויקן איבערן שטעטל" און די דערשראקענע וועלן זוכן די "אדונים" צום ראטעווען זיך. ער האט געקאנט קאליע מאכן א שידוך און העלפן אויסמיידן א גט. בארעדטע ווייבלעך פלעגט ער נאכשפיאנירן, און ער טאקע פלעגט זיי ווארענען פאר אן אומגליק. אים זיינען דאנקבאר געווען וואנדערנדיקע חזנים און קונצענמאכערס. ער האט גערינט א רבין צו מאכן אים פאפולער, מקבל פנים זיין און שלעפן פאר זיינעטוועגן חסידים...

— סוף כל סוף א שטיקל אויסטויגער, אבער פארדינען א פרוטה, טוט דאס ניט, א מערכה עד איז א בריה אויף גמילות חסדים...

ידיעות וועגן סוחרים אינעם שטעטל. דערוויסן זיך צי מעג מען געטרויען דעם פריץ, קריגן אינפארמאציעס וועגן שידוכים אין מרח־קים — אלץ ער. פאר אלע טובות האט ער קיין לוין ניט גענומען. האט ווער געהאט יושר פלעגט ער מוזן רוקן אים אין קעשענע מיט גוואלד א רובל...

— צו וואס? איך טו דאס דען צום פארדינען דערפון?

גענומען לויפן איבערן שטעטל האט דער ליידיקגייער פון פרי אן, אלץ רעדנדיק צו זיך — "אזוי פארשפעטיקט!"

— וואס איז אזוינס? — האט די פרוי געטענהט; — דיינע קרא־מען זיינען פארשלאסן סייווי. זע נאר ברענג א פינפערל פון דער שטאט...

אגב זיינען ליידיקגייערס ניט געווען פונעם טיפ "מנחם מענדלס" וואס האבן אין אלץ געזען די גרויסע מעגלעכקייטן פון רייך ווערן מיטאמאל. דער ליידיקגייער איז געווען טעטיק פאר גאנצוועלט, דאך פויל פאר זיך גופא. זיין נחת איז געווען צו זיין דער קאכלעפל און אומעטום רוקן א פינגער...

"פאליטיק" איז געווען זיין פאך, זיין ליידנשאפט. אפט איז זיין סברא ארויסגעקומען, ווייל סברא'ס האט ער ביי יעדערן שמועס געזאגט אן אנדערע. האט ער געטראפן האט עולם אים באטיטלט: "א מענטשעלע", ער טרעפט...

צו די ליידיקגייערס האט געהערט נאך א פארשוין פון גאר אנ־אנדערן קרייז און שניט, — דער בעל־הלוואה און וואוכערניק. ארומ־גיין איבער "פרעמדע שוועלן" פלעגן זיי, ניט נאר צוליבן איינמאנען די "קוויטלעך", אדער די וואכן־געלטער, נאר אויך צו וויסן וואס אין שטעטל קאכט זיך.

עולם האט אויסגעהערט ביידן, דעם געבוירענעם ליידיקגייער און דעם וואס זיין "פרנסה" האט אים געזיכערט די ראל פון אומגיין ליידיק. — עולם האט געהערט און געזאגט א ווארט צו זכות פאר דעם ערשטן און א סך ווערטער לגנאי פארן צווייטן...

ביידע טיפן ליידיקגייערס פלעגן איינער דעם צווייטן זיין טאלע־ראנט. דער ערשטער פון זיי האט געמיינט אז — ווייס איך? אפשר עפן איך א געשעפט וואס מע קאן מוזן אנקומען צו א הלוואה. און

דער צווייטער איז געווען צופרידן פון "האלטן זיך פונדערווייטן", אניט וועט יענער אָנהויבן קריכן נאָך גמילות־חסדים...

באזונדער טאַלעראַנט איז זיי אויסגעקומען זיין ביים רבינס טיש. דער געשטעמפּלטער לײדיקגייער האָט געהאַט זיין פּרעסטיזש פון א רעש־מאכער צוליבן כבוד פון א רבין, צוליב נאָכזאָגן דעם רבינס א תורה און דערציילן א ציקאַוון מופת פון אים. און דער וואוכערער — נו, א נאַטירלעכע דערשיינונג, ער איז געזעסן באלד, אָדער נאָענט נעבן רבין. עולם האָט דערויף געקוקט מיט פאַרדרוס, און געזאָגט "ווער דען זאָל האָבן דעם כבוד?"...

---

געוויינלעך האָט דער נצחן געהערט צו די פאַרמעגלעכע.

— אָן "ממתקים" אינעם בייטל קאָן מען קיין נצחון ניט פירן. אָרעמע תקיפים זיינען ניטאָ. אָן אָרימאַן טוט א קלאַפּ אינעם שולחן (אין בית תפילה) לענקט ער זיך אויס די האַנט, זאָגט נאָך אויף אים דאָס שטעטל "א מצוה אויף אים"...

נצחנים זיינען אַלעמאָל געווען סיי דער נוצלעכער און סיי דער שעדלעכער עלעמענט אין שטעטל. עס האָט זיך געווענדעט וואו דער נצחן האָט זיי גענאַפּט. אמאָל איז די סבה געווען א גוטער אויפטו, אמאָל א שלעכטער נגד קהלם ווילן. על פּי רוב איז נצחון געקומען דורך א פאַרדרוס, א באַליידיקונג פון איימיצן, אָדער גאָר א קאַפּריז — "ווייל מאַטיע וויל וויל איך ניט". ביים נצחן האָט ניט געשפּילט די ראָל דער קרוב, אָדער פריינד. לויט פרישמאַנס א שילדערונג איז דער נצחן געווען אויף דער זייט וואו זיין שפּאַס, אָדער געלונ־גענער ווערטל איז געווען פּאַסיק. ניט זעלטן האָט געטראָפן דאָס א זון איז געווען צווישן די קעמפּפערס קעגן דעם טאַטן. דער מאָטיוו איז געווען אז "למען האמת" איז ניט מחויב אפילו א זון נאָכלויפן דעם טאַטנס קאַפּריזן...

מיט א נצחן האָט מען מורא געהאַט צו פאַרטשעפּן זיך. ער האָט געשריען, געשימפּט, געהאַקט אָן טיש מיטן פויסט, געוואָרן מסוגל צו וואַרפן זיך אויף יענעם שלאָגן אים, צי אפילו, מסרן דעם כנגד, דינגען "סיפּאַקעס" (שלעגערס) מע זאָל מקיים פּסק זיין דעם קעגנער. געווען פאַלן ווען א נצחן האָט באַזעצט פאַרטאָג די גאַנצע מזרח־

וואנט מיט אזעלכע שלעגערס־געדרונגענע, — כדי ניט דערלאָזן דעם צד שכנגדו זעצן זיך אויף די "שטעט"...

דורך נצחנים פלעגן שטעטלעך חרוב ווערן, גבירים — יורדים, ברידער — שונאים. אין "מיין שטעטעלע קופעל", וואָלינער גובער־נע, איז לאנגע יאָרן געווען דער באדייטנדער צענטער פון אייער־האנדל צום עקספּאָרט. קאָנקורענץ, נצחנותדיקע, האָט דעם צענטער חרוב געמאכט, און דער מסחר איז דעצענטראליזירט און צעברעקלט געוואָרן פאראָרעמענדיק זייער פיל סוחרים...

---

טויגענישטן זיינען געווען פון דער נאטור און פון דערציאונג, אָפּ־געפרעדט פון פיזישע קריפּלס און גייסטיק "ניט דערגאנגענע"...

די געזעלשאפט האָט זיי באדויערט און פיינט געהאט. ביי יידן איז דער וואונטש געווען "קאָנען מאכן א לעבן" און ניט פאלן צו לאסט אויף קהל. יעדער שטעטל, אָבער, האָט פארמאָגט א, לערך, היבשע צאָל טויגענישטן. אין זייער שיכט זיינען א סך געווען "מיוחסים", זונדעלעך פון כלי־קודש: — "שוחטים" און "רבנים" אָן שטעטלעך, נעבעכדיקע "אייניקלעך" פון אויסגעלאָשענע רביישע דינאסטיעס, "געפלעקעטע" קינדער פון א פאראמעטער גבירישער פאמיליע, און א נאָך אנדערע דעגענעראטן פון א דורותדיקער משפחה "פּויליאקעס"...

פארברעכערס זיינען פון דעם שיכט ביי יידן דווקא ניט געקומען. אלע אויסגערעכנטע טויגענישטן האָבן דערצו ניט פארמאָגט די "פּע־איקייטן"...

ביי טויגענישטן פלעגן אָפט די נשים זייערע ווערן די בריהס. די ארימע האָבן געהאט דערביי דעם שלימערן גורל, זיינען געוואָרן די עבודת־פּרכ׳ניצעס אין אלע הינזיכטן. געשוויצט און געפּרווירן אויפן מארק, געארבעט אין די היימען, און ערלעך אונטערגעהאלטן דעם קיום.

---

צווייערליי זיינען זיי געווען די ליגנערס — געהאסטע און געשעצ־טע. די ערשטע האָבן, קרעמעריש גערעדט, "געשטאפט" דאָס לעבן

מיט ליגנס, "געבאקן" און פארקויפט אין שיינע שאכטלען פאר "קארענעם לעקעך". זיי האָבן געזאָגט דעם ליגן אזוי לייכט ווי א ניכטנדיקן "צו געזונט", אָבער ביי יעדן זאָג אזא איז אָפט געווענען א כונה, ארייַנכאַפּן אן "עכט" און אים "אָפּשאבן די ליסקעס"...

דער שקר איז זיי געווען דער ריכטיקסטער מיטל צום באשווינד־לען אלעמען מיטן אייגענעם טאטן בתוכם. צום באדויערן מוז איך דערמאנען דאָס זייערע מעטאָדען פלעגן אויך פון ערלעכע סוחרים נאָכגעמאכט ווערן, אָבער די לעצטע האָבן זיך געהיט פון ארייַנפאלן אין שטעטלס מיילער, זיי האָבן געוואָלט האָבן דעם שם פון ערלעכע סוחרים.

דער צווייטער ליגנער, דער געזוכטער אין דעם קליינעם שטעטל, צו פארשפילן דעם אומעט, איז אָפטמאָל געווען א טאלאנט אויף זיין געביט. געהערט האָט ער געווייינלעך צו א פאמיליע פון פריי־לעכע קבצנים, מפרנס געווען זיך אנשטענדיק פון עפּעס וואָס לייכטן ווי, למשל, לערנען שרייבן "מיט געציקלטע אותיות", פארקויפן "אָפּ־געקויפטע" זייגערלעך, אָפּגעקויפטע טכוירענע טולופלעך, אזעלכע "פריצישע" שטיוול; ער איז געווען גערופן "לעבקעי ראביטניק" (א בעלן אויף לייכטער ארבעט). חיונה האָט ער מער ווייניקער, און אָפט ווייניקער ווי מער, געהאט. זיין צייט האָט ער אויסגעבראכט צו באזוכן "זיבעצן" פלעצער צום זאָגן ליגנס, אויף וועלכע מ'האָט געוואָרט ווי היינט אויף א גוטן הומאָריסטישן זשורנאל. די ליגנס פלעגן, על פי רוב, באשטיין אין א ספור־המעשה פון א "קליינשטעטל־דיקן" באנעם...

— טייערער אונדזערע, לעבן זאָלסטו, פאראן עפּעס אן אנטיקל? שוין לאנג ניט פאסמאקעוועט א געשעכטעלע דיינע...

— יאָ, טאקע, פיניעלע, דערציי עפּעס א געשעכטע וואָס האָט זיך געטראָפן "פיר וואָכן הינטער ווארשע"...

— הינטער ווארעשעוו נים, חברה, אָבער אויף דער לבנה יאָ...

— דערצייל.

— צו ווייסט איר וואָס דאָס הייסט א שטערנזעער, יאָ? איך בין געווען זיכער אז איר ווייסט. איז אזא שטערנזעער געקומען פון מצרים קיין בארדיטשעוו. פאר וואָס קיין בארדיטשעוו? ווייל משה

רבנו, ווען ער איז נאָך געווען גוט מיט די חרטומים, האָט ער זיי אָנגעזאָגט אז טאָמער וואָס, א הארבע שאלה, זאָלן זיי פאָרן קיין באַרדיטשעוו, דאָרט וועלן אלעמאָל זיין די בעסטע זעערס. נו, איז אָט־דער שטערנזעער געקומען, שפּעטער א פּירטויזנט יאָר, קיין באַרדיטשעוו און געפרעגט זיך צום דאָרטיקן שטערנזעער. יידן האָבן אים באַלד "נאַפּדאַוועט" צו יעקב מרדכי, דער שטערנזעער, אזוי רופט מען דאָרט א יידן וואָס גייט אַרום מיט א פאַריסענעם קאָפּ. — "שאַלאכי אלאכי, שטערנזעער", זאָגט דער מצרי צו יעקב מרדכין. ענטפערט יעקב מרדכי: "סקאַצל קומט". פאַרשטייט דער מצרי. — קאָנסטו קוקן דורך א שפּאַקטיוו צום הימל, פרעגט דער שטערנזעער, ענטפערט יעקב מרדכי, עס ווענדעט זיך וואָס פאַר א שפּאַקטיוו, אויב אזא וואָס אָפּיצירן קוקן מיט אים צו מרחקים קאָן איך יאָ, נאָר זעען זע איך גאָרניט מיט אים. אויב אויף מ י י ן שפּאַקטיוו איז ניטאָ אין באַרדיטשעוו קיין בעסערער זעער פאַר מיר...

בקיצור, דער מצרי האָט אים דערקלערט אז דער ענין איז אזא: ער האָט דערפונדן אזא מין שפּאַקטיוו וואָס מיט אים קוקט מען צו דער לבנה און מע זעט אלצדינגס וואָס אויף איר טוט זיך. ער האָט אזוי דערזען א באַרג, גאָר א מסוכענעם, מיט א נאָך מער מסוכענעם שפּיץ, און אויפן שפּיץ שטייט א פּיטשינקעלע בריאהלע און שאָקלט זיך אהער און אהין, נאָר צוליב וואָס דאָס שאָקלט זיך און וואָס פאַר א כוונה דאָס האָט ביים שאָקלען זיך דאָס קאָן ער בשום אופן ניט משיג זיין...

— אנו געב מיר נאָר דיין שפּאַקטיוו, — זאָגט אים יעקב מרדכי, דער שטערנזעער.

דער מצרי דערלאַנגט אים זיין שפּאַקטיוו, א מין כלי וואָס מוז האָבן אונטערשפּאַרענישן פון אלע זייטן כדי דער קוק זאָל זיין ריכטיק. קוקט יעקב מרדכי און צעלאַכט זיך; מיט אזא שפּאַקטיוו קאָן מען קוקן צען יאָר צו דער לבנה און זי וועט זיך דערפון קיין צימעס ניט מאַכן. איך וועל א קוק טון מיט מיין שפּאַקטיוו. האָט יעקב מרדכי געמאַכט א שפּאַקטיוו פון זיין זשמעניע. ער האָט זי פאַרמאַכט אזוי אז דורך איר האָט מען געקאָנט זען פאַר א מייל די ווייט אפילו א כלה ווי זי גייט צו דער חופה. דער מצרי האָט אין זיין לעבן אזאַ

שפאקטיוו ניט געזען. יעקב מרדכי האָט געקוקט צו דער לבנה לאַנג, און דערזען דעם בארג און דאָס בריאהלע, א פיטש־פיטשקעלע. קוקט ער און, פּלוצים, צעלאַכט ער זיך...

— וואָס לאַכסטו אזוי? — פרעגט דער מצרי און פּלאַצט פאר ניי־גער...

— כאַכאַכאַ, — האָט יעקב מרדכי ניט אויפגעהערט לאַכן, אז באר־דיטשעוו האָט געמיינט דער ייד איז פונעם שכל, רחמנא לצלן, — כאַ־כאַכאַ, דאָס איז דאָך אז אן פריש געבוירן פלויעלע וואָס לערנט זיך שפרינגען אויף איין פיסל...

דער עולם ארום איז געשפרונגען "אוים דער הויט" פון יעקב מרדכים איינפאַל און געמאַכט חוזק פון דעם מצרי...

---

# קאפיטל זיבנאונצוואנציק

## אָרעמקייט ביי יידן

יידישע אָרעמקייט איז געווען א קלאסישע, א דורות׳דיקע. א לאנג פארגעסענער ווערטל פון בית־המדרש האָט געזאָגט: — ביי יידן איז דער דלות ווי דאָס דאַווענען, אלע דאַווענען! מאכט זיך א יוצא מן הכלל — מאכט ער זיך, אָבער דער כלל בלייבט א כלל...

אלס קלאסישער צענטער פון עניות איז געווען באטראכט ליטע און די קרוינשטאט פונעם דלות ווילנע. געווען דאָרט די יוצאים מכלל קבצנות, א ביסל גבירים, א ביסל נגידים, צוביסלעך פארמעגלעכע קרעמערס און סוחרים, אָבער דער גרעסטער רוב איז געווען דער אָרימסטער אינעם גאנצן רוסיש־פוילישן יידנטום. גאנץ באזונדערע, ממש אָריגינעלע בילדער האָבן געמאָלן יידן פון אנדערע טיילן רוס־לאנד, נאָך זייער אומקערן זיך פון א צופעליקן באזוך אין ווילנע און אנדערע דווקא גרעסערע שטעט אין ״דער״ ליטע.

שפּעטער מיט צענדליקער יאָרן, ווען איך האָב אין ווילנע פאר־בראכט עטלעכע וואָכן און באזוכט אויך א פּאָר אויעזדנע שטעט, האָב איך מיך איבערצייגט אין דער וואר פונעם געשילדערטן. ביי דער ווילעיקע האָט איר געקאָנט טרעפן א בינטל אָרימע יידישע טעכ־טער אויסגעשטעלט אין א שורה ביים וואסער אזוי, דאָס זייערע

נאקעטע פלייצעס זאָלן ניט אויסגעבן זייער אויסזען פונפאַרנט; זיי האָבן געוואשן די ארונטערגעצויגענע צעריסענע בלוזעס פון זיך, די וואָס האָבן אונטער זיך קיין העמד ניט געהאט. דאן געשטאנען מיט די אויסגעדרייטע שמאטעס אין די הענט אנטקעגן דער זון ביז זיי זיינען געוואָרן גענוג טרוקן, צו אָנטאָן.

אין ווילנער שמאַלינקע געסלעך, זכרונם לברכה, האָבן געוואוינט לומדים, כלי־קודש און באַלמעלאָכעס. דאָרט האָט מען געקאָנט מיט א קאטשערע דערלאנגען צום אנטקעגנדיקן פענסטער דאָס פריער גע־ליענע ברויטל. אין די שטיבלעך האָט מען זעלטן געזען חלה אינדער־וואָכן, צומאָל ניט געזען זי אויך אינעם אָוונט פון דער שבתדיקער חמוציא. אזוי איז דאָרט געשאפן געוואָרן דאָס בארימטע פאָלקלידל "בולבעס". אלע טעג בולבעס, און שבת אויך א קוגעלע פון בולבעס...

א יידישער דאָקטאָר אין ווילנע האָט מיר געזאָגט, צו שפּאס, אז ביי דער אנאטאָמישער עפענונג פון א מוח, א גרויסער גמרא־מוח, איז געפונען געוואָרן א רעכט ביסל צעקוועטשטע בולבעס...

אין יידיש שטעטלעך פון אנדערע געגנטן איז די אָרימקייט בכלל געווען עטוואָס לייכטער אין די שיכטן פון אומזיכערע "ברויטגע־בערס", ווי מעקלערס, זוכערס פון "מציאות", איבערפארקויפערס פון האנט צו האנט, וכדומה יידישע פרנסה'ס אָן א מאָרגן, ווי זיי גופא פלעגן זאָגן. יידלעך מיט איינגעפאלענע באקן, מענער פריצייטיק פארעלטערטע, פרויען, טאטעס פון אויסגעדארטע קינדערלעך, אלע האלב באָרוועסע, אין אָפּגעבליאקעוועטע, צעריסענע, געלאטעטע און פארצערעוועטע בגדים, מיט אויגן וואָס קוקן שוואך, בלייך, צעשראָקן און בלאָנזענדיק אין געזוך נאָך א ביסל זעט, א שטיקעלע פּלאץ צום קאָנען אויסרועז פון דעם ביטערן "ניט" — ניט דערעסן, ניט דער־שלאָפן, ניט דערבליקן א גוטן טאָג...

ליטווישע יידן זיינען, לויט עלטערן האָבן דערציילט, געווען לאנ־גאנענדיקע עמיגראנטן אין רוסלאנד גופא, מערסטנס קיין אוקריינע, בעסאראביע און אנדערע געביטן וואָס האָבן געהאט יידן מיט מעג־לעכקייטן צו האלטן א מלמד אין שטוב. "ליטוואקעס" זיינען אלע לומדים, א ליטווישער באלעגאָלע זיצט אויפן זאק מעל וואָס ער פירט פון שטעטל צו שטעטל און א גמרא ליגט ביי אים אויף די

קני, ער לערנט שעור. אזוי האָט זיך פאַרגעשטעלט דער בעסאראַ־בער, אוקריינער ייד דעם ליטוואַק. די סבה דערצו איז געווען, דאָס אַלע ליטווישע יידן, אזוי האָט מען געשאצט, זיינען מלמדים אין גבי־רישע הייזער. געווען אויך אין יענע צייטן דער רוב פון "קאזיאנע פאדריאדטשיקעס" (אונטערנעמערס ביי רעגירונג) ליטווישע יידן. זיי האָבן געקאָנט זיין די פּראָסטעקעס, אָבער דער גלויבן אין זייערע לומדות איז ביים אוקריינער יידן ניט געבראָכן געוואָרן... אויך מע־כאניקערס זיינען געווען אין זייער רוב יידן פון דער ליטע. אַלע זיי, די דערמאָנטע, זיינען אגב געווען אין חשד פון אפּקורסות. מ'האָט געזאָגט "ליטוואַק צלם־קאָפּ. א ליטוואַק שטארבט נים, ער שמד'ט זיך קודם. א ליטוואַק — האָט מען געזאָגט אין בית המדרש, — איז פון דעם סאָרט יידן וואָס די גמרא זאָגט אויף זיי "הרוצה לעבור עברה", ווער עס וויל ווערן פריי, זאָל ער אָנטאָן שוואַרצע בגדים און אוועק אין א פּלאַץ וואו מע קאָן אים ניט". פיל דערצו האָט מיט־געהאָלפן די ליטווישע התנגדות צו רבים, צו חסידות בכלל. כאראַק־טעריסטיש איז די גראַדירונג לגבי אָרימקייט, לויט געביטן, וואָס דאָס פאָלק אין אוקריינע האָט געמאַכט: — די אָרימסטע זיינען ליטוואַ־קעס. וויניקער אָרים זיינען די פּאָלעסיער יידן. אין א בעסערן צו־שטאַנד פינאַנציעל די וואָלינער אין דער שכנות מיט פּאָלעסיע, נאָך בעסער לעבט זיך יידן אין וואָלין, וואָס שפּאַרט זיך אָן אין שכנות צו פּאָדאָליען. צום בעסטן זיינען געווען באַרעכנט די יידן אין בע־סאַראַביע, — זאַט, געזונט, גוטהאַרציק און "אָן חכמה'ס".

ווי די מדרגה'ס עקאָנאָמיש האָבן זיך גערעכנט אויך די מדרגה'ס קולטורעל. די ליטווישע יידן בראש, נאָך זיי די וואָלינער, דאַן ערשט פּאָדאָליער יידן און צולעצט בעסאַראַבער. לגבי דער מדה פון הכנסת אורחים איז די אויפשטייגונג געגאַנגען אומגעקערט. ליטע איז דער־מיט ניט געווען באַרימט אינעם פאָלק, א לאַנד וואָס די ערד קאַרגט ברויט פאַר אירע מענטשן, גיט ניט קיין הרחבה פאַר הכנסת אורחים; דאָס האָבן געזאָגט יידן וואָס פלעגן אַרומרייזן אַלס אינקאַסענטן פון רוסישע און פּוילישע פאַבריקאַנטן (מאָסקווע, וואַרשע, טאָמאַשאָוו און לאָדז). וואָלינער יידן האָט מען אין פּאָדאָליע געהאַלטן פאַר קאַרגע, די יידן פון פּאָדאָליע, א גובערניע פון שוואַרצן און זייער פרוכטבאַרן

באָדן, זיינען געווען נאָכגעביקער און גאַסטפּריינדלעכער. און וועגן בעסאַראַבער הכנסת אורחים זיינען אין פאָלק געווען זייער אינטערע־סאַנטע געשיכטעס צו לויב פון די דאָרטיקע יידן.

די אָרעמקייט, גערעדט שוין וועגן דער עקסטרעמער, האָט געהאַט אירע כאַראַקטעריסטישע פאַרשווינען: א ״קבצן מיט א טראַלד״ איז איבער די הייזער ניט געגאַנגען. ״טראַלד״ האָט געמיינט א יחוס אין עפּעס. אזא האָט מען גערופן ״געמיינער מאַן״ (ד״ה אַן אָרעמער, אָבער ניט ווי אין אנדערע געגנטן, וואו אזוי האָט מען גערופן א גע־מיינעם אין זיינע מעשים). ער האָט ביטער געאַרבעט און שלימזלדיק פאַרדינט צו מאַכן חיונה, געלעבט אין האַלבן הונגער. אזא האָט אין שול אויך ניט אויסגענומען, זעלטן געקומען צו אַן עליה שבת, אָבער דאָך געהאַט אַן ״אדרעס״ אין כלל: — מאַטיע, נעבעך, לעבט אזוי אָרעם, אזש דאָס הארץ פאַרקלעמט עס צוזעענדיק, אָבער בעטלען פונ־דעסטוועגן טוט ער ניט...

מאכלים האָבן געהאַט זייער קלאַסיפיקאַציע אין דער אָרעמקייט. ״נעבעך, דאָס אָרעמע ייִנגעלע, ווען עס קומט מיטן חדר לייענען קרישמע ביי א געווינערן רייסט ער זיך פאָרויס — איך האָב דריי שוועסטערלעך און קליינע ברידערלעך. דער קינדערשער הונגערגע־שריי האָט אים געבראַכט א צען צוקערלעך, פון יענע פאַרשידן גע־פאַרבטע וואָס מע פלעגט באַקומען אין קרעמל צו צוואַנציק פאַר א גראָשן, און דערצו נאָך א פּאָר לעקעכלעך מער פאַר אנדערע...

אָרעמקייט האָט געשאַפן כיבוד פאַר געסט: צו א ״שלום זכר״ געזאָדענעם ארבּיס, צוגעגרייטע באַרלעך־יויך פון די ביליקסטע נידער־סאָרטיקע באַרלעך צום מכבד זיין שבת נאָך טיש געסט, מערסטנס פאַר קינדערלעך — אייניקלעך...

א חסידישן ״לחיים״ האָט מען פאַרביסן מיט א פּיצעלע צוקער, מיט א ״סימן״ פון א הערינג, וכדומה...

פיל שלימער האָבן געלעבט די באַהאַלטענע אביונים, אָדער יענע מיטן ״טראַלד״. דער מתן בסתר, פאַרבאָרגענע צדקה, האָט ניט געהאַט געננוג יידישע הערצער צו קאָנען באַטיילן אַלעמען פון די נסתרים. פיל בעסער, און צייטנווייז טאַקע, בערך, גוט האָבן געלעבט די ״אָפענע״ אביונים וואָס זייער חיונה האָט זיך געמאַכט מעטאָדיש

טראדיציאָנאל. מערסטנס האָבן זיי זיך ניט אָפּגעצאמט טעריטאָ־ריעל, זיי האָבן אין די „לײדיקע" טעג געמאכט טורן איבער שכנהשע דערפער און אפילו שטעטלעך...

— רב ייד, היינט איז דאָך ניט ראש־חודש, וואָס גייט איר אום אויף די טירן?

— זייט אזוי גוט, באַלעבאָסטע, איך בין ניט קיין היגער, איך וואנדער אום איבער מרחקים...

קבצנים האָבן געשפּאָרט א גראָשן פאר תכלית וועגן. קינדער לערנען האָט ניט געקאָסט. די תלמוד־תורה'ס האָבן פארענטפערט די פראַגע. קיין גרויסן וויסן האָט א תלמוד־תורה ניט געגעבן, בלויז עברי זאָגן. זייער זעלטן האָבן נדבה־קלייבערס אָפּגעגעבן א קינד צום לערנען א מלאכה. זיי האָבן זייער שנאָרעריי באטראכט פאר א פאך. עס האָט אן אביון געקאָנט וואך זיין הושענה רבא דורך דער גאנצער נאכט און ווארטן אויף דער שפּאלטונג פונעם הימל כדי ארויסזאָגן זיין וואונטש צו „בלייבן אין שטעטל איינער אליין א מחזיר על הפתחים". זיין ווייבל — לויטן פאָלקשפּאַס, — האָט פאנטאזירט וועגן איר נחת צו זען ווי אלע נגידים שטייען אין אָטשע־רעד (ריי) פאר איר טיר און בעטן זיך אז מע זאָל פון זיי צונעמען די נדבה...

די אביונים אליין פלעגן זאָגן אז די קינדער זייערע האָבן חתונה תכליתדיקער ווי ביים גביר: — „אז א גביר פארמאָגט טויזנט קער־בלעך גיט ער נדן פינפהונדערט און דער מחותן א דרייהונדערט, ווערט ערשט דער איידעם קוים א פערטל גביר. און ווען אביונים מאכן חתונה גיט יעדערער א האלב שטעטל נדן, האָבן די קינדער א גאנץ שטעטל צום גיין איבער די הייזער...

לייכטער געמאכט דאָס לעבן פון אביונים האָבן גבירישע חתונות, און חתונות בכלל. ביי יעדער חתונה פלעגט זיין אן „אָרעם־מאָל־צייט", א סעודה ביי וועלכער די אביונים פונעם שטעטל זיינען גע־ווען געבעטענע געסט און געוואָרן באדינט פון די מחותנים, פון דער כלה און אלע קינדער אין שטוב. עסן האָט מען, געוויינלעך, געגעבן צו זאט, געטראנקען אויך, און חוץ לזה א מטבע אין טאש אריין. די

מטבע האָט געקאָנט שטרעקן איר לענג פון א "פערציקער" (צוואנציק קאָפּיקעס) ביז צו א רובל...

א וואָרנונג איז געווען ביי די אביונים אז, א נגידישע חתונה אָן דעם אָרעם־מאַלצייט איז א פארשאָלטענע, קיין גוטס פאר דעם נייעם פּאָרפאָלק וועט ניט קומען, זייער גליק וועט דערטרונקען ווערן אין א טרער...

די געלונגענסטע שילדערונג איבער די רעכט פון אָרעמעלייט אויף אן אָרעם־מאַלצייט ביי א נגידישער חתונה, האָט דער יידישער ליטעראַטור געגעבן דער באַרימטער שרייבער מרדכי ספּעקטאָר אין זיין "שטרייק פון קבצנים" קעגן דעם שטאָט־גביר. דער גביר האָט אויסגעגעבן דעם מוזינעק, און זיי האָבן געפאָדערט א שטאַרקע העכערונג אין דער נדבה...

משדך געווען זיך האָבן נדבה־קלייבערס צווישן זיך. ניט באַלעבאַטים, ניט באַלמעלאָכעס האָבן געזוכט מחותנישאַפט מיט זיי. די אביונים גופא האָבן געלאַכט: — אויף יענעם עולם וועלן זיי זיך דערוויסן ווער מיר זיינען און וועך זיי...

די מדה פון גאַסטפריינטלעכקייט האָט עקזיסטירט ביים בעטלער ניט ווייניקער ווי ביים באַלעבאָס. אן אורח האָט מען פאַרבעטן צו א וואָכעדיקן מיטאָג, א נאַכטמאָל. עס האָט פאַרן "אורח" ניט קאָנוועניערט צו זיין ביים אָרעמאַנס טיש פּריוויטיק־צו־נאַכט. פאַר אן אורח האָט די אביונטע געקאָכט א זויערן באָרשט צום מחיה זיין דאָס פאַרקלעמטע האַרץ. דערצו גרויסע באַלאַבושקעס מיט קנאָבל, אלץ צום זעלביקן צוועק. עיקר־שפּייז ביים אָרעמען טיש איז געווען ברויט מיט ציבעלע, מיט קנאָבל און היבשלעך זאַלץ, זויערע אוגערקעס, רעטעך, ראָסל־פלייש מיט א סך טונקעכץ. שבת האָט מען געמאַכט א ניט רייכן, אָבער אַלענפאַלס א זאַטן מאַלצייט מיט א גרויסן שמאַלצקוגל פון לאָקשן און צומעסן פון גרויסע ברוינע באָבן.

געקליידט האָבן זיך אביונים מער פון געשאָנקענעם. פון די געשאָנקענע זאַכן האָט מען דאָס בעסערע, דאָס נגידישע, אָפּגעשפּאָרט און אָפּגעלייגט פאַר קינדער צו חתונה. פלעגט מען באַקומען א בגד "וואָס פּאַסט ניט פאַר אן אָרעמאַן" האָט מען אים פאַרקויפט און דאָס געלט האָט געהערט צום קינד פאַר חתונה האָבן...

געוואוינט האָט מען אין דעם, כמעט, ספּעציעלן טייל שטאָט פאַר אביונים. געווען דאָרט דירהלעך פון באַלעבאַטים צום פאַרדינגען; געווען אייגענע, געמאַכטע פון ליימענע וואַלקעס אונטער שטרויענע דעכער ווי די פויערשע אין דאָרף, אָבער אין אַן ערגערן צושטאַנד. א קרעמל פלעגט דאָרט זיין א זעלטנהייט, עס האָט דערפון אָפּגע־האַלטן די מורא פון ווערן באַרעדט אין געזעלשאַפט: — "דער מין אביון האָט גאָר קיין בושה נים, ער איז א סוחר, און גייט אום איבער די טירן"...

פלעגט, צומאָל, א "היימישער" אָרעמאַן פאַרבענקען זיך נאָך א גבירישער סעודה פּריוויט־צו־נאַכט, האָט ער באַקומען וואַנדער־פי־בער און געלאָזט זיך "אין מרחקים" וואָס האָבן זיך פאַר אים אָנגע־הויבן א דרייסיק קילאָמעטער ווייטער פון זיין שטעטל. דאָרט האָט ער "צוגעאַרבעט" אלס א פאַראומגליקטער דורך פּאַניען, אלס א באַגנ־בעטער אין וועג, וכדומה. באַשטעטיקונגען דערויף האָבן זיך נים געפאָדערט, קיין באַזונדערע סכומים האָט ער נים געבעטן. אים, האָט מען געגעבן א זעקסער (זעקס גראָשנס) און ווענס אויך א גאַנצע גריוונע.

בייטן דעם "פאַך" האָט געמיינט א סענסאַציע וואָס טרעפט אויסערגעוויינלעך זעלטן: — "א ריינע משוגעת"...

די קלייבערס פלעגן האַלטן מנהג פון "צעך", אָפּהיטן די מצוה פון ביקור חולים, צווישן זיך זאַמלען חלה, אָפּזוכן ביי וועמען איינ־געמאַכטס, צונויפנעמען ח'י גראָשנס צו מאַכן דעם קראַנקן א "מי שברך", זאָגן תהילים פאַר זיינעטוועגן און אין פאַל פון סכנה בריינ־גען דעם רב א ביסל געלט אויף צדקה צום זכות פון דעם חולה מסוכן...

אויך דרשה־געשאַנק האָבן זיי געגעבן ביי א חתונה פון א שטאַנד־קאָלעגע...

די מאָראַל און טהרת המשפחה איז געשטאַנען געגוג הויך ביי דעם דאָזיקן שיכט. עס פלעגט טרעפן א ממזר אין א געזינד, אָבער זייער זעלטן.

דין־תורה'ס פלעגן פאָרקומען צווישן די געשילדערטע. א געשאָנ־קענער בגד: — צוויי אָרעמעלייט האָבן אים אָנגעכאַפּט בשעת די באַלעבאָסטע האָט אים ארויסגעבראַכט. די באַלעבאָסטע האָט קיינ־

מאָל קיין אורטייל ניט ארויסגעגעבן: — גייט צום רב. דער בגד איז "איינגעלייגט" געוואָרן ביי דער באַלעבאָסטע גופא, און צום רב האָט געשפּאַנט א מחנה, ממש, פון אביונים. די בעלי־דין, זייערע געזינדן, קרובים, עדות און גלאַט נייגעריקע...

קהל האָט אַלעמאָל באַדויערט דעם דאָזיקן "קלאַס" און דערביי קריטיקירט די אביונישע עקשנות ניט צו נעמען זיך פאַר עפּעס וויר־דיקן. ווער עס האָט די אביונים מקנא געווען זיינען געווען — לויט לצים האָבן געשפּאַסט און געמיינט דערמיט אַן אמת — די וואוכע־רערס...

— קוקט עס נאָר אָן, דאָס מין בריאהלע! אַז טון טוט עס גאָרניט, אַריינלייגן לייגט עס גאָרניט אריין, ריזיקירן ריזיקירט דאָס מיט גאָר־ניט, און האָבן האָט עס א סך. יעדער טראָגט אים אונטער דעם "פּאַדאַטעק" (שטייער) און האָט נאָך מורא טאָמער וועט עס בלייבן אומצופרידן און א שילט טון דעם גומל־חסד זיינעם...

אַן אביון דערביי, פּלעגט אים פּאָרלייגן צו בייטן זיך מיט די פּרנסה'ס...

# קאפיטל אכטאונצוואנציק

## חיונה ביי יידן, וואָך, שבת און יום-טוב

"אויסשלאָגן" די וואָך "פּרנסה" איז ביי יידן אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געווען אַן אמתע "קריעת ים סוף". געווען אין א נישטיק פּראָצענט פאַרמעגלעכע לייט אין די שטעטלעך, געווען קרעמערס און תבואה־הענדלערס — א באַדייטנדער צווייג פון יידישן מסחר, — וואָס האָבן א דאַנק דער סביבה מיט רייכע גוטבאַזיצערס אַרויפגעאַרבעט זיך צום טיטל "נגיד". געווען נאָך ווייניקע וואָס האָבן פון דער אָרימקייט "געמאַכט געלט" דורך ווייט־איבערגעטריבענער עיסקא. אָבער די יידישע מאַסע האָט אויסגעזען צו זיין "איין אביון".

אינעם אָרימען שיכט האָב איך נאָך געטראָפן, הגם שוין נישט אָפט, הילצערנע לעפלען צום עסן, אויסגעביסענע פון איין זייט, געטראָפן נאָך קינדערוועש מיט "אַטשקורן" (האָלצערנע שטעקעלעך) אנשטאָט קנעפּלעך ביי די קראַגנדלעך. העמדלעך ביי קינדער זיינען אויך אינעם מיטלקלאַס ניט געווען פון נייער לייוונט, אַלץ איבער־געניים, איבערגענוצעוועט, אויסגעשטעלט פון שטיקלעך צום מאַכן א "גאַנץ העמד". די קאַשקעטלעך, די סאַמע ביליקסטע, זיינען געטראָגן געווען צו צוויי, דריי יאָר, און א ניי קאַשקעטל אויף א פּסח איז פאַרן אָרימען קינד געווען אַן אויסגעטרוימטע מתנה. די אַרבעלעך פון די

פארריסענע רעקעלעך פלעגן זיך אלץ צוריקציען פון זייער פונקציע, צייטנווייז ביז צו די שפיצן עלנבויגנס. און שיכלעך! אָרעמעלייט האָבן געשפאסט אז נאָר א שוסטער א בריה ווייסט ווי צו מאכן לעבער אין זיי דורך וועלכע די וואסער זאָל פריי ארויסרינען...

״פריש ברויט איז שעדלעך פארן געזונט״, — דאָס איז געווען א געזעץ אין אן אָרעמער שטוב, דאר ברויט איז פיל בעסער פארן מאָגן. און ״שטאָפּן זיך מיט ברויט טוט א גוי״; און נאָך א מאָראלער געבאָט — ״א ייד דארף ניט אָפּגעבן זיך צום מאָגן״.

חתונה האָבן האָט געקאָנט א פארדינער פון א קערבל א וואָך. צו אזוינעם האָט קהל געהאט טענות וואָרום זיצט ער און ווארט אויפן ״גרויען צאָפּ״. צו חופה האָט מען געליען א שבת׳דיקע קאפאָטע. געווען אָרעמע יידן וואָס האָבן אזא קאפאָטע איינגעהאלטן פון זייער איינענער חתונה צו חתונות פון אָרעמע חתנים. די אָרעמע כלה האָט יאָ פארמאָגט א קאפעלע וועש, א פּאָר אויסגעהאָרעוועטע שיכלעך ״אויף שנעריוועקעס״. דער הונדערטער נדן וואָס זי האָט אָנגעפרעטעט פון דינען אין נגידישע הייזער האָט געדינט צו שאפן א מעמד פרנסה; ״מיט א הונדערטער ״באָוועט מען זיך״. אויב חתן־כלה האָבן געהאט אין דער משפחה א פּאָר קרעמערס, א וואלד־סוחר, א מענטש וואָס לעבט פון ירושה אד״גל, האָט דרשה־געשאנק אויסגעמאכט א ציפער אינעם חשבון פון א נייעם פּאָרפאָלק. אָן דעם איז דער דרשה־געשאנק באשטאַנען פון עטלעכע געפּעלעך צו נעמען א שטיקל לימענע, צו טיי און עטלעכע פּיטשינקע לעפעלעך ״אויף פארפאלן צו ווערן״. ברויט פלעגט מען באקן צוויימאָל דורך דער וואָך. אינעם טאָג פון באקן איז געמאכט געווען דער דערוואַרטער ״משיח״, א פּאָדפּאָלעק, אזא פלאטשיקער פלאץ פון דעם זעלביקן מעל, און צו אים פאר א נאָווינע עפּעס וואָס פונעם פעטס אין וועלכן דער שבת־קוגל האָט זיך געהאט געפּרעגלט אין לעצטן פרייטיק.

זויערע אוגערקעס, צו שטיקלעך, זכרונם לברכה, זיינען געווען דער לוקסוס — ״ניט אלע טעג קאָן מען זיך פּאָזוואָליען די דאָזיקע זאכענעס״. האָבן קינדער דערמאָנט אוגערקעס אין א טאָג וואָס האָט קיין שום יחוס ניט פארמאָגט, האָט די מאמע, לעבן זאָל זי אין אייער זכרון, באמערקט פילאָזאָפיש אז — צעשטאָפּן דעם מאָגן

טאָר מען ניט, קיין פויערישע קינדער זיינט איר ניט. איז אָבער ווער קראַנק געוואָרן אין דעם געזינדל האָט מען ניט געקאַרגט — שפּרעכערקעס.

אין אַלץ האָט מען געגלויבט און באַנוצט צו רפואה. געהייסן האָט עס "באַבסקע רפואות" (ווייבערשע היילמיטלען). די פּאָפּולאַריטעט דערפון איז געקומען אַ דאַנק דעם גרויסן דלות. יידן פלעגן נוצן דעם אַפּיקורסישן ווערטל — "ווען תהלים איז אַ רפואה וואָלט מען אים פאַרקויפט אין די אַפּטעקן"...

"האָבן פּרנסה" האָט געמיינט פון מסחר אין אַלע זיינע פאָרמען. "פאַרדינען אויפ'ן ברויט" האָט געמיינט אַרבעטן בכלל. אַ ביסל אַנדערש האָט זיך אויסגעטייטשט "אַ פאַרדינער"; דערין איז געווען חזנות, שדכנות, זיין אַ משולח, אַ קאָמיסיאָנער בא דער באַן, שרייבן "פּראָשעניעס" און נאָך אַ סך מינים צופעליקע רווחים.

און "מענטשן", די "מענטשן" ביי יענעם וואָס שלום עליכם האָט זיי באַשריבן. "אַ מענטש אין אַ וואַלד" איז געווען אַ געוואונטשענער ענין. מעגלעך אַז אין חשבון איז נעגאַנגען די גוטע לופט און ריחות פון גאָטס וועלטל. אַזאַ שטעלע פלעגט ניט שלעכט באַצאָלט ווערן און האָט געהאַט אַ ריי פּריווילעגיעס וואָס דער שטאָט־ייד האָט ניט געהאַט: — פיטערן בהמות אויפן גראָז, האַלטן דאָרט עופות, האָבן האָלץ צום הייצן בכלל און, דערהויפּט, אויפן ווינטער. אַ "מענטש אין גראַלניע" (שנאַפּסברוי) איז, אפשר געווען נאָך איינטרעגלעכער, צוליב דעם "ברוי" (בראַ) צום האָדעווען בהמות, און צוליב דעם "פּראָצענט" פון די שענקאַרעס וואָס האָבן געקויפט שנאַפּס פאַר זייערע קרעטשמעס און שענקען.

געווען נאָך פאַרשידענע "מענטשן" אין געשעפטס־קאָנטאָרן, ביי תבואה־הענדלערס, אד"גל. אַלע זיינען געווען באַטראַכט פאַר בעלי־זכיה.

ניט צום דורכלאָזן איז דער יחוס'דיקער "וואַלד־מענטש", דער "בראַקער". זיין ספּעציאַליטעט איז באַשטאַנען אין אויסרעכענען אויפן "קוק" וויפל האָלץ צום הייצן וועט דער בוים אַרויסגעבן, וויפל בוי־ מאַטעריאַלן פאַרמאָגט אין זיך דער בוים, און וועלכע בוי־האָלצן מע קאָן פון אים מאַכן. די "וואַלד־מענטשן" האָבן גוט

פארדינט און געווען באטראכט אין פאָלק ווי געבענטשטע מיט גוטע קעפּ. אגב, דער וואָרט "בראקער" קומט פון "אויסבראָקירן", אויס־ווײלן די בוימער צו וואָס זיי טויגן.

"לעבן" האָבן אלע געגארט ווי מענטשן. דאָס שפּאָרן געלט האָט דער געוויינלעכער פארדינער מוחל געווען דעם נגיד. דער געוויינלע־כער פארדינער איז צום אָפּשפּאָר ניט געקומען, סיידן ער האָט שלעכט געלעבט און ניט געלאָזט קאָסטן זיך אין קהל.

עולם אין שטעטל אָן איניציאַטיוו און אָן מזל צו גוטע "שעה׳ן" פלעגט גיין האנדלען איבער די דערפער אין דער סביבה, זוכן דאָס "וואָס איז באשערט גראָד דאָרט". פּויערים האָבן די דאָזיקע סוחרים דערקאָנט אינעם הולך און אין דער אויסגעמאגערטער צורה: — צע שאטימאיעשניק", דאָס איז אַן אָנפּרעגער פון "וואָס האָסטו צו פארקויפן". א סך האָבן אים באגעגנט אומפריינדלעך, דאָך דער רוב מיט רחמנות — "בידנעי זשידאק", דער אָרימער יידל. איז נישט געווען וואָס צום פאַרהאַנדלען האָט מען אים געגעבן עטלעכע קאַר־טאָפל, א קליין הייפּטעלע קרויט, א פּאָר ציבעלעם און א הייפּטל קנאָבל.

געשפּאָרט האָט א שטעטלדיקער ייד, אפילו פון די מיטעלע באלעבאטים, אין די רייזע־הוצאות אין דער באַן. אין וואַנאַן האָט ער געגעסן זיין חלק שפּייז פונדערהיים וואָס די אשה האָט אים מיט־געגעבן אין א זעקעלע, און פאר באַנבילעטן האָט ער געצאָלט דעם קאָנדוקטאָר די העלפט. אין וואַגאָן וואו "בעזבילעטנע" זיינען געזעסן פלעגט שטארק זיך פילן דער ריח פון קנאָבל און ציבעלעס. אויף טרינקען האָט א ייד אין וועג ניט געקארגט. בא יעדער סטאַציע פלעגט ער ארונטערגיין און אויסטרינקען א גלאָז וואסער פונעם קראַן: — "מהיהדיקע וואסער אויף די סטאַציעס". נאָכן טרונק האָט ער געוואָרט ביזן דריטן קלונג ווייל — מי יודע? — אפשר באַ־ווייזט זיך א באַקאַנטער קריסט און מע קאָן ביי אים פּאַקן א מציאהלע. געפאָרן זיינען אַזעלכע פּאַרשוינען אָפּטער אונטער די בענק אויף וועלכע עס זענען געזעסן קריסטלעכע פּאַסאַזשירן... וואו יידן זענען געזעסן, האָט א ייד זעלטן באַהאַלטן זיך, — "זאָל מען נישט האָבן צו טאָן מיט יידן אז זיי באַהאַלטן אויס פּאַסאַזשירן"...

היונה האָבן א צוויי־דריי אינעם שטעטל געמאכט פון "קאָמיסיע" פאר איינקויפן אין די נאָנטע שטעטלעך דאָס גויטיקסטע וואָס אָרימע קרעמערלעך האָבן באַשטעלט. גערופן האָט מען זייערע פאר־דינסטן "קומיסברויט" צו שפּאַס. קיין נגידות האָבן זיי דערפון ניט געמאכט, דאָך געלעבט אין לערכדיקער זעט...

דאָקטוירים זיינען אין די שטעטלעך געווען זעלטן, זייער ארבעט האָט געמאכט א רופא: — "א גוטער רופא מיט א סך פּראַקטיקע איז בעסער פאר א דאָקטאָר"...

גופא רופאים האָבן אָפט געשפּאַסט איבער זייער "מעדיצין". א רופא מוז וויסן אז דאָס הארץ ליגט ניט אינעם מאָגן, אז מערידן גיין פון אונטן ארויף אין קאטאר פון אויבן אראָפּ, צו א וויטיק אין אויער העלפט ניט קיין "שמע ישראל" און צו ציינווייטיק איז אמאָל גוט "ויהי נועם", אבער אן שלעפן דעם צאָן באַגייט מען זיך ניט...

רעצעפּטן אין אַפּטייק אריין האָט א רופא געשריבן "מיט לאַ־טיינישע בוקוועס (אותיות)" כדי דער חולה זאָל ניט פארשטיין. פאר־שטאַנען דרינען האָט דער אַפּטייקער און ביידע, ער און דער רופא, האָבן געוואוסט אז די מעדיצין שאַדט ניט.

אין דער געזעלשאַפט איז דער רופא געווען אומגעשעצט צוליב זיין האָבן צו טאָן מיט די פארבאָרגענע פלעצער אינעם קערפּער, צוליב ציינישע אויסדרוקן וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט די קראַנק־הייטן, און צוליב "גאָלן ביי די פויערים די מאָרדעס". (דער רופא פלעגט האָבן אויך א שערעריי וואו די גויים פלעגן זיך גאָלן). דער שימפּוואָרט פאר רופא איז געווען "קאַנעמאכער"...

בובעס, אָדער באָבעס צו געווינערינס, האָט דאָס שטעטל געמאָסטן מער אויף מזל ווי אויף וויסן. "פּערל איז א גאָר קליינע ווייסערקע, אָבער א מזלדיקע. זעלדע דווקא ווייסט ווי א דאָקטאָר נאָר קיין מזל האָבן ניט בא איר די געווינערינס"...

קינדער זיינען געבוירן געוואָרן לויט גאָטס באַראָט. יידישע פרויען פלעגן רעדן צווישן זיך אז פריצהטעס וויסן עפּעס צו טאָן אזוי אז קינדער זאָלן געבוירן ווערן וואָס ווייניקער, אָבער דאָס איז גוט פאר גויים; יידן באַדאַרפן זיך מערן. שטייט דאָך געשריבן אין טייטש־

חומש דאָס אין מצרים האָט א יידישע פרוי געטראָגן "אין איר אינגעווייד צו זעקס אויף אמאָל". ווען עס האָט זיך געמאכט אין שטעטל א דרייליגג, האָט דער רבי געהייסן זיי רופן: אברהם, יצחק יעקב, אָדער ראובן, שמעון, לוי; אויך משה, אהרון, דוד.

דערצויגן קינדער האָט מען אויף איין שטייגער. דער חילוק דריי־נען פלעגט קומען בלויז פון בעסערן אָדער ערגערן עקאָנאָמישן צו־שטאנד. לערנערס זיינען, לויטן כלל פון דער גמרא, געווען מערסטנס ביי די אָרימערע עלטערן. מיידלעך האָט מען געלערנט אזוי ווייניג, "גלייך מיט גאָרניט"...

חיונה־מאכעריי איז אויך געגאנגען ירושהדיק אין די פאכן און אופנים. דעם קבצנס זון האָט מערסטנס געטאָן וואָס דער טאטע זיינער, ווייל שוין קינדערוייז איז ער געוואָרן דער מיטהעלפער. דער טאטע האָט תמיד געהאָרעוועט אויפן אופן פון זיינע עלטערן אָדער משפחה. איז ער געפאלן אונטער דער לאסט פון זיין "פעקל" פלעגט מערסטנס די אלמנה אריין אין די האלאבליעס און שלעפן דאָס וועגעלע ביז א קינד, א דערלייזער, איז אויסגעוואקסן...

תכלית בא יידן האָט געמיינט חתונה מאכן אלע קינדער און קומען צו אן אייגענעם שטיבל. דערצו גראד האָט נישט געגרייכט, אָדער זייער זעלטן, דער יידישער באלמעלאָכע. ער האָט בדרך כלל געלעבט בעסער, רואיקער. ארבעט האָט נישט געפעלט, דאָך אָפלייגן איז ניט געווען אין זיין טבע. האָט ער בעסער פארדינט, האָט ער צוגעקויפט נאָך א ניימאשין און אויסגעבעסערט זיין ארט לעבן.

אין אלגעמיינעם געשאצט איז די יידישע וואך געגאנגען און פארגאנגען אינעם שטעטל שווער און זאָרגפול. די געמיטער זיינען געווען האלב און אויך גאנץ דערשלאָגענע. דעם פּרצוף פון יעדער וואך האָט געמאכט דער זונטיק מיט זיין יאריד פון ארומיקע פויערים און עטלעכע פּאָפּעס מיט פריצים. פארדינט האָבן בא די יארידים די וואָכנגעלטערס וואָס פלעגן אויסלייען דעם נויטבאדערפ־טיקן עטלעכע רובל, פאר "חצי רווח", אָדער א "שטיקל", דאָס מיינט פּראָצענט פון דעם סכום פאר א גאנצן חודש, הגם שוין מאָנטיק האָט דער לייער געמוזט צערעכענען זי דמיט זיין "באנקיר"...

אָפּגעווישט אַלע זאָרגן האָט דער שבת. ווי א וואסער־פּלייץ וואָס וואַשט אראָפּ דעם שטויב און מיסט פון אלע גאסן און וועגן אזוי האָט ער אראָפּגערייניקט פון דעם יידישן פּנים די אָנגעלעבטע צרות. שלום עליכם, מלאכי השרת, פרידן צו אייך, פרידן־ברענגערס, וואָס קומען שבת באדינען אפילו יעדע אָרעמע יידישע משפחה. גוט איז אַלע ווינקעלעך, גוט ביים טיש, גוט דאָס עסן, גוט די שמועסן, א גוטע מנוחה אויפן פרישן באצויגענעם בעט — ווי דאָס האָט פארשטאנען אפילו א קלוגער קיסר, שלמה המלך, — מתוקה שנת העובד...

# קאפיטל ניינאונצוואנציק

## וועלטלעכע מעשיות און פארגעניגנס.

לויט דעם פארנעם און באנעם פון יענעם לעבן איז איצטער א שטיק שווערע ארבעט דאָס צו שילדערן ערלעך: רעוואָלוציעס אינעם יידישן לעבן גופא, פּאָגראָמען אויף אונדז, רעוואָלוציעס ביי פעלקער, ראדיקאלע ענדערונג אין דער גאנצער וועלט, און בעיקר אין דער ארט דענקען ביי אונדז, צעצווייגונג אויף אלע זייטן און אויף פארשידענע אופנים פון אונדזערע אייגענע האָפנונגען און שטרעבונגען, און טאקע אקטיוויטעטן. איך דערהער פון מיין ווייטער פארגאנגענהייט דעם אלטן יידישן אויסדרוק — "עס ברעכט דעם מוח"...

מיין עלטערזיידע, רב זוסיא, האָט, לויט מיין עלטערבאבע האָט אים געשילדערט, געהאט "ווערים אינעם וויהייסטמענעם"; ער פלעגט יעדן צווייטן, דריטן זונטיק ארויסגיין פון שטעטל אויפן טראקט און בעטן זיך ביים ערשטן פארבייפאָרנדיקן פויער ער זאָל אים מיטנעמען אין נאָענטן שטעטל אריין.

— וואוהין באדארפסטו, פּאניע זוסיע?...

— גראָד אין דעם שטעטל וואוהין דו פאָרסט...

די פויערים האָבן שוין געקאָנט דעם מאָדנעם וואנדערער.

— אפשר ווילסטו קיין סאטאנאוו?...

— זאָל זיין קיין סאטאנאוו.

דער פויער האָט געלאַכט:

— איך פאָר קיין קוזמין...

— פארהאלט מיך ניט, מענטש, מיר איז גוט קוזמין אויך...

די עלטערבאבע האָט אים גערופן נע־ונדניק און באמת געגלויבט אז דערפאר וואָס ער ליידט, נעבעך, גלות אין דער פרעמד איינמאָל, צווייטאָל דורכן חודש, וועט אים ביישטיין אויף יענערוועלט צו קריגן א בעסערן פלאץ אין גן־עדן...

טעאטער האָבן יידן ניט געקאָנט אין די זיבעטע, אכטע צענדליקער פונעם פארגאנגענעם יאָרהונדערט. וועגן "צערקן", ענגלישע רייטער פלעגן דערציילן די באזוכערס פון יארמאלינעצער, אָדער אנדערן גרויסן יאָר־יאריד. מרחקים האָבן זיך געמאָסטן מיט "הרי חושך" אין צו די הרי חושך איז געווען קוים זעקס באנסטאציעס פון א שנעלצוג...

א ייד וואָס איז איבערגעווען אין עטלעכע ניט גאָר נאָענטע פלעצער, איבערהויפט אין א באַרדיטשעוו, אָדער זיינע אנאנדערע גוברנסקי שטאָט, האָט געהייסן א "געפארענער" און געהאט צו דערציילן מעשיות. בכלל, אָבער, פלעגן יידן דערציילן "געשעכטעס וואָס זענען זיך פארלאָפן" און געהערט געווען פון עלטערזיידעס וועלכע האָבן זיי געהערט אויך פון אזעלכע ווייטע זיידעס...

פונוואנען, לייענערס מיינע, האָט ביי אזא ארט לעבן געקאָנט זיין געשיכטעס מיט נייעם אינהאלט? אין גאנג פלעגן זיין מעשות וועגן "אור החיים", דוד המלכ'ס פידל, מערת המכפלה, א גר צדק, מתים נע־ונדניקעס אויפן עולם התוהו, שלענג מיט זיבן קעפ, משומדים להכעיס, וכוחים צווישן וואָסערפירערס און א פויפסט, פונעם בעל שם טוב, שפּאָלער זיידע און א סך ענלעכע.

"וועלטלעכע מעשות" זענען געווען וועגן א "מסוכן גרויסן יעדנעראל", טיטוס הרשע מיטן פליגל אינעם מוח, נאפּאָליאָן וואָס איז פון א "גאָרניט" געוואָרן דער גרעסטער קיסר אין דער וועלט, און רוימפּשול ווי ער איז אין זיין אייזערנעם קעלער געשטאָרבן פון הונגער, און מישה מאָנטעפיאָר, ווי ער איז געקומען נאָך די יידן אין רוס־

לאנד און ניקאָלאַי האָט זיי אָפּגעשוירן די פאות און געקירצט די קאפאָטעס כדי מאָנטעפיאָרע זאָל זיי ניט דערקאָנען...

אגב, זאָל ניט פארפאלן ווערן א ירושה־געשיכטע פון נאפּאָלעאָנס צייטן; איך פארצייכן זי דאָ:

ווען נאפּאָלעאָן איז געלאָפן פון מאָסקווע און רוסלאנד א צעשמעטערטער, א פארפרוירענער, האָט זיין אינטענדאנט פארפריער פארזאָגט אין א שטעטל (צו מיין באדויערן פארגעסן דעם נאָמען) מע זאָל דאָרט צוגרייטן היי און האָבער פאר דערלויפנדיקער רעשט פון זיין ארמיי. דער פרנס חודש האָט דאָס בשום אופן ניט געקאָנט דורכפירן. נאפּאָלעאָן האָט באפוילן הענגען דערפאר אים, און דעם אָרטיקן רב. געווען איז דאָס אין א שבת, שטייענדיק גרייט מיט ארונטערגעבונדענע הענט האָט דער רב אָנגעפאנגען זאָגן ודוי. דער פרנס חודש, א זיידע פון יהודה ווילענסקי, באוואוסטער ציוניסטישער עסקן, האָט אים דערמאנט אז שבת זאָגט מען ניט ודוי...

— ווען מיר אזוי אָט שטיין און וואַרטן אויף דער מיתה משונה?

— רבי, לאָמיר זינגען "מזמור שיר ליום השבת"...

די פאראורטיילטע האָבן לאנג געזונגען "מזמור שיר" ווייל מ'האָט אָן זיי פארגעסן, די רוסן זענען אָנגעלאָפן און, אגב, באפרייט די פאראורטיילטע...

די פארגעניגנס פון יענע אלטע צייטן זענען, כמעט, צום אויסרעכענען אויף די פינגער. בחורים פלעגן שבת נאָך מיטיק גיין שפּאַצירן ארוים דער שטאָט "כאפּן לופט". דער וואָכעדיקער פארגעניגן פון זיי איז געווען צו באגעגענען זיך צווישן מנחה און מעריב, צוגלייך מיט די עלטערע, און פארברענגען אין בטלנישע שמועסן. מיידלעך זענען געגאנגען צו א חברטע וואָס האָט ערשט חתונה געהאָט. זיי איז געווען אינטערעסאנט דאָס נאָך־חתונה לעבן פון א חברטע. צייטנווייז האָט מען זיך צוזאמענגענומען ערגעצוואו און געלערנט זיך טאנצן — וואלס (וואליעץ), פּאָלקע, מאזורקע, ווענגערקע, בולגאר, וואלעך, קאדריל און געוועלעכע קאראהאד־טענץ. באקאנטע פרויען פון א גרויסער קרעמערקע פלעגן זיך ארייננכאפּן צו איר בשעת קונים זענען ניט געווען אין קראָם, הערן וואָס דער מאן דערציילט פון באַרדיטשעוו, פון קישינעוו, פון טשערניגאָוו און אנדערע צענ־

טערן וואו מע פלעגט איינקויפן סחורות. צומאָל האָט אזא קרעמער־קע דערציילט פון איינעם א "פייטערבארגער" — "אזוי זאָל ער זען קרעפּלעך ווי ער האָט געזען פּייטערבארג", — ער האָט ביי איר אי־בערגעטאפּט אלע סחורות ביז צו דער לעצטער און לסוף געקויפט א פּערלמוטערן קנעפּל צו א העמד...

רכילות האָט געמוזט האָבן א פּלאַץ אין דעמאָלסטיקן לעבן. דער שטאָף דערצו איז געווען א זייער אויסגענוצטער, א דורותדיקער — אזוי לאָזט זיך דענקען — ווידערהאָלט אין אלע צייטן און אין אלע שטעטלעך. די יידישע טהרת המשפחה אין יענע צייטן, א קדושה־דיקע, האָט זעלטן געגעבן שטאָף צו רכילות. אלץ האָט זיך געדרייט ארום שלעכטן פארטראָגן זיך פון מאַן און ווייב, שכנות, הענדלערקעס און לייכטזיניק באַוויזענע האָר פון אונטערן טשיפּיק, א שמייכעלע אַן "א זייט אריין", מערעזשען אין ראש חודש, צובייסן בסוד סודות אין א תענית פאר דער צייט, נעמען פון דער ווייבס האנט די שליס־לעך בשעת "מע טאָרניט"...

צווישן מענער איז רכילות געווען זעלטענער: — א טריפה־פּסול צווישן ספרימלעך, א פּאָר "אויפגעריסענע אויגן" ווען נאָר "ער" דערזעט א שיינע אשה, אָדער נאָך ערגער, די פּריצהטע פון זשוויוקע.

געווען מעשיות וועגן דעם רב ווי די יארמולקע איז אים אין שלאָף ארונטערגעפאלן און פארקאטשעט זיך; "מע קאָן דאָס גאָרניט פאר־שטיין ווי פארקאטשעט זיך א יארמולקע"; נו, געפינען האָט מען זי ניט ביז נאכט. דערווייל איז דער רב אומגעגאנגען אינעם קאפּע־לוש זיינעם אָן א יארמולקע אונטער איר...

אויב א שטעטל האָט פארמאָגט א פליסיקע פּירזאָגערין איז זי געווען אויך א גוטע מעשה־דערציילערן, אלע מעשיות זינט חורבן בית־המקדש ביז כמעלניצקין. די נשים פון אזא שטעטל האָבן זי טאקע אָפט גערופן "אונדזער אוצר"...

— דער ווייבערשער אוצר, — האָבן מאנסבילן געלאכט.

— האָט איר, מאנסלייט, אזעלכן?...

די ווירקלעכע תענוגי עולם־הזה זענען, נאטירלעך, געווען משפחה־שמחות, איבערהויפּט רייכע, ביי וועלכע עס פלעגן זיין קלעזמער פּו־נעם אויעזד, א בדחן א קאָמיקער, משקאות, און... אויך א סכסוך

צווישן מחותנים, צומאָל, א גבירישער, דאָס מיינט — צוליב כבוד פון איינעם אינעם התנס צד וואָס "אים טאקע קומט דער אמתער כבוד"...

סכסוכים צווישן אָרעמע מחותנים יאָגן אָן אויף מיר א טרויער דערמאנענדיק זיי. געווען איז, למשל, פארצייכנט אין די תנאים דאָס רב משה בר' יחיאל איז זיך מתחיב מסלק צו זיין קודם החופה שין רו"ב (300 רובל). חתנס צד האָט דאָס געפאָדערט מיט א שעה צוויי קודם החופה, דער פאָטער פון דער כלה האָט געזאָגט אז דער נגיד, רב מעבצי, דארף דאָס צוברענגען, אָבער באפוילן האָט ער אז ער פארזאמט זיך ביים פרעפעקט פונעם שטעטל צוליב א קהל־זאך. געסט, אונטערגעשטעלטע, האָבן באלד גענומען אנשטיין אויף גיין צו חופה מחמת "מע קאָן ניט לאָזן חתן־כלה פאסטן אזוי לאנג". דער חתן האָט געמאָלדן אז אים "ארט קיינמאָל ניט קיין תענית", די כלה האָט געחלשט, אמאָל צווייגמאָל, ווייל "די ליפּן ביי איר זענען, נעבעך, פארטרוקנט"...

רב מעבצי איז אָנגעקומען ווען עס האָט שוין געהאלטן ביי "שב־רים", כלומר ביי "ברעכן ביינער". ער, א בכבודיקער ייד, האָט א זאָג געטאָן ברוגז — "זע נאָר, זע! מע זאָל דאָס גאָרניט זען. וואָס זיינט איר, ווילדע ברואים? חתן! אָט איז דער נדן, נאָר דיין טאטן אין די הענט געב איך אים ניט, איך געטרוי ניט. נא, געב דאָס אי־בער צו ר'... דער "ר" איז געווען א "זנאטשנער" מענטש; דאָס פעקל געלט איז געווען א בכבודיקס אין אויסזען, פון אויבן האָט זיך דערקאָנט א הונדערטער...

נו... קיין עין הרע, אזא פאק מיט פאזיטן... דער "ר" האָט דעם פאק איבערגעגעבן צום חתן ביי דער "וועטשערע", געוויינלעך קודם אויפרופן דרשה־געשאנק. דער חתן איז ניט געווען אין דעם מאָמענט א מעיז פנים און באהאלטן דעם פאק אין בוזים־קעשענע. שפעטער, הייסט עס איידער מע רופט אוים "דרשה־געשאנק", האָט רב מעבצי איינגערוימט א סוד אין אויער דעם חתן ער זאָל וויסן אז אינעם פעקל פעלן א הונדערט און צוואנציק רובל צו די "שין", נאָר א רעש מאכן איז ניט כדאי, עס איז דאָך שוין נאָך אלעמען און: חוץ לזה, קאָן דאָס שעדיקן דעם דרשה־געשאנק...

תנאים, בריתן "בריסיציעס" (מיידל־געבורטן) זענען געווען אין השבון פון די שטעטלדיקע ימים־טובים. אן ענין צום קהלן זיך איז געווען אויך א גט וועלכן פרויען האבן אלעמאל באקרעכצט, און מע־נער געהאט פון אים צומאל תענוג: — אז סע טויג ניט דארף מען ניט איינלייגן וועלטן אז סע זאל יא טויגן...

צייטנווייז האט א חזן "אויפגעבורעט די דראליעס" (פארקילטע פיש־יויך) אינעם שטעטל. אוודאי פלעגט מען וועלן דאס דער חזן זאל זיין פון די וואזשנע; אבער מער נחת האט פארשאפט א חזן א קאליעקע וואס האט "געקרייעט", "געמערוקעט", "געדרינזשעט", אדער לא עליכם, קיין עברי ניט געקאנט; אזא האט געגעבן שטאף אויף חדשים צום באשמועסן, שפעטן, אפלאכן, נאכמאכן, איבערקרומען ביז... צו א נייעם חזן.

א מין געשעעניש פון ערדציטערניש איז געווען דער וויזיט פון א קונצמאכער (גערופן פאקוסניק). על פי רוב פלעגט דאס זיין א יידל מיט א לאקירטן דאשעק ביים קאשקעט, א קורצן רעקל און א "בשוף־שטעקעלע" וואס אז ער האט דערמיט א שנעלן דריי געטאן און דערביי א זאג — אליאפס! (הארי אפ) איז פון א קליין פעקעלע ווי א כזית די גרוים, ארויסגעפאלן קודם א פאק מיט רויטע סטענגעס און פון דעם פאק איז ארויסגעפלויגן א האן מיט א קריי אז "סע האט געלעכערט די אויערן" און — קוקארעקו! ניט דער האן, ניט די סטענגעס...

פון א פאקוסניק האט מען געקוואלן, אבער גארניט מקנא געווען. עולם האט וועגן דעם מין געהאט אנעקדאטן צו דערציילן. איינעם א זער פאפולערן פארצייכן איך דא:

א ייד אין א "טל ומטר"־שטעטעלע האט אלץ געטאן און צו חיונה ניט געקומען, אבער פאר א טאטן פון א סך קינדער האט אים זיין אשה געמאכט. זי האט אים ענדלעך אמאל געשטעלט א באדינג: — "הענג און ברענג"...

— נו וואס זאל איך טאן, ווערן א גנב, אדער א קונצמאכער?...

— א גנב ניט, מיין מאן, אבער א קונצמאכער — יא, אבי מפרנס זיין דיינע ווייב און קינדער...

דער ייד האָט קיין ברירה ניט געהאַט, ער האָט אין א זונטיק פאַרטאָג גענומען א טאָרבע מיט טלית און תפילין און א שטיק ברויט און אוועק אויף נע־ונד. אוועק איז ער ווייט כדי עס זאָל ניט אָנ־קומען לייכט אין זיין שטעטל דאָס ער איז געוואָרן א פּאַקוסניק. איך וועג האָט ער צוגעטראַכט סאַר א פּאַקוס ער וועט באַווייזן, און מיט א פּלאַן שוין אָנגעקומען אין א ווייטן שטעטל. כנהוג האָט מען אים אין בית־המדרש א פרעג געטאָן ווער איז ער, פונוואַנען קומט ער און וואָס באַצוועקט ער. פונוואַנען ער קומט האָט ער ניט מגלה געווען, אָבער דערציילט וועגן זיין פּאַך...

— אָ, א קונצנמאַכער! זייער וואויל, איר וועט ביי אונדז פאַר־דינען א ביסל מזומנים, שוין לאַנג ביי אונדז אזא ניט געווען...

דער ייד האָט בין מנחה למעריב פאַרזאָרגט א גרעסערע שטאָל וואָס זאָל אריינגעמען דאָס גאַנצע שטעטל, באַוואָרנט זיך מיט עולם אז פלעשער זאָלן געבראַכט ווערן אין די הונדערטער. פון זיי וועט ער אויפשטעלן א פּיראַמיד, אונטן ברייט, ארויף אלץ שמעלער און שמעלער ביז גאַנץ אויבן זאָל זיך שטעלן בלויז איין פלאַש. ער, נו, וועט ארויפקריכן איבער א לייטער ארויף, אהין, צו דער איינציקער פלאַש, און טאָן א שפּרינג, א קער זיך איבער אינדערלופטן און בלייבן שטיין מיטן קאָפּ אראָפּ און פיס ארויף איבערן סאַמען גערגעלע פון דער פלאַש. פונדאַנען וועט ער טאָן א פלי, אויך אין דער לופטן, און בלייבן שטיין מיטן קאָפּ אויף א פלאַש אונטן וואָס וועט זיין צוגעגרייט, עטלעכע איילן ווייטער...

דער מקח פאַר בילעטן איז איינגעשטעלט געוואָרן א ביליקער כדי אנשים ונשים וטף זאָלן קאָנען קומען און זען דעם גרויסן פּאַקוס...

גאַנץ שטעטל האָט אין די אָוונטן מיטגעאַרבעט ביז מ'האָט אזא פּיראַמיד אויפגעשטעלט און באַוואָרנט די פלעשער זאָלן ניט צעפאַלן זיך. אינעם אָוונט פון דער פאָרשטעלונג איז די שטאָל געווען ממש געפּאַקט. דער קונצנמאַכער האָט ארונטערגעוואָרפן זיין רעקל און פאַוואָלינקע ארויפגעקראָכן ביז צו א באַלקן. ער האָט א זאָג געטאָן — באַלד, רבותי! און גענומען רייבן די הענט מיט קרייד. נשים פון הינטן האָבן געכאַפּט און פאַרשטעלט זיך די אויגן. דער ייד האָט א פלעסק געטאָן מיט די הענט און אויסגערופן: — רבותי,

הערט וואָס איך וויל אייך דערציילן. דער פּאקוס איז דער גרעסטער אין דער וועלט נאָר לעבן בלייבן נאָך אים האָט נאָך קיינערניט באַוויזן. איך האָב מיך דערצו אונטערגענומען ווייל נויט ברעכט אייזן און שטעלט איין דאָס לעבן. איך טו באלד דעם שפרונג, נאָר טאָמער האלט ניט אוים דער פלעשערדיקער טורם און קערט זיך איבער און איך ווער געהרגעט זאָלט איר צו מיר קיין טענות ניט האָבן, איר זאָלט מיינע בגדים מיטן ביסל מזומנים, און מיין צוואה צו די קינדער אָפּשיקן מיט א שליח מיוחד צו מיין אשה. דער אדרעס ליגט אין מיין בוזימטאש. און איצטער — רבונו של עולם, אויף דיין באַראט! האפּ...

עס זענען געוואָרן מיט איין מאָל שרעקלעכע גוואלדן, געקוויטשערייען, אויסרופן — "מע דאַרף ניט! מוחל! דאָס שטעטל וועט נאָך לײַדן פון אן אומגליק איבער אים"...

דער ייד איז געשטאנען מיט די אויסגעשטרעקטע הענט, ער האָט איבערגעשריען אלעמען: — איר ווילט? שפּרינג איך, קיין שווינדלער בין איך ניט...

— ניין! ניין! — פון אלעמענס מיילער איינמאָל — ניין...

דער קונצנמאכער איז פּאוואָלינקע ארונטער פון דער לייטער. יידן האָבן געקוקט צו אים באהבה רבה, א קלייניקייט, א מענטש האָט געקאָנט געהרגעט ווערן. דער ייד האָט זיך מיט אלעמען צעזעגנט און דערלויבט זיי פונאנדערנעמען דעם פּיראמיד פון פלעשער. עולם האָט געפּרואווט זאָגן אז די ארבעט געהער צו אים, אָבער אליין דער רב האָט אים אונטערגעהאלטן אין זיין טענה; ווען דער ייד ווערט געהרגעט וואָלט קהל דאָך געמוזט דאָס טאָן בלי שום ספק...

איך פאַרענדיק דעם קאפּיטל מיט נאָך איין מעשה פון דעם געביט, אָבער א קורצינקע.

א שטעטעלע האָט איינגעלאַדן א קונצנמאכער צו באווייזן זיין גרעסטן פּאקוס. געלט האָט ער געפאָדערט אין פאָרויס. דער קונץ, ווי ער האָט נאָכדעם דערקלערט, האָט געזאָלט זיין אזא: — ער צינדט אונטער אינמיטן נאכט זייער שטעטל פון אלע פיר זייטן און ווען זיי וועלן זיך אלע אויפכאפּן פון דער גרויסער שיין און נעמען שרייען

גוואלד וועט ער א בלאָז טאָן אויפן שטעטל פון מזרח־זייט און דאָס פייער וועט פארשוואונדן ווערן כלא היה און די הייזער וועלן בלייבן שטיין מיט שפּאָגל נייע דעכער...

קהל האָט זיך אויסגערעכנט אויף ניין, אים צוגעלייגט א ביסל מזומנים און ארויסבאגלייט פאר קילאָמעטערס די ווייט איבער א וואסער...

---

## קאפיטל דרייסיק

### נסים און סענסאציעס

צוויי האָט געהאַט מיין דור צום אָנכאַפּן זיי און פאָדערן — העלף! אליהו הנביא (אין פאָלק — ליאָנעווע, אקצענטירט דעם אלף מיטן קמץ) און רב מאיר בעל הנס. אליהו איז געווען דער אומזיסטיקער, געהאָלפן האָט ער ווען ער האָט געוואָלט; רב מאירן האָט מען געגעבן צדקה פאר ארעמעלייטס וועגן אין ארץ ישראל און ער, דעריבער, האָט געמוזט העלפן. אליהוס הילף איז באטראכט געווען אלס א ראַ־דיקאלע, מיט איין מאָל און אין א באדייטנדיקער מאָס. רב מאירן האָט מען געהופן דורך זיין "פושקע" אלעמאָל ווען נאָר מ'האָט אים באַ־דארפט שנעל. צו ליכט־בענטשן האָט מען אים מהנה געווען מיט א ביסל צדקה "פּרעווענטיוו", זאָל ער געדענקען און ניט דערלאָזן צו צרות...

די מעשות מיט "ליאָנעווען" און רב מאירן זיינען געווען אזויפיל, הגם אינעם רוב פון איין נוסח און כאראקטער, אז א זאמלונג פון זיי צו יענע צייטן וואָלט געגעבן בענדער און בענדער.

ליאָנעווע פלעגט "קומען צו גאסט" אינעם שענסטן יומטוב, טאַ־קע פון דערלייזונג, פסח צום סדר. פאר אים האָט מען געשטעלט דעם גרויסן בעכער וויין, דעם "כוס של אליהו". קיינער טרינקט ניט פון

אים. קינדער פלעגן נייגעריק קוקן וויפל האָט דער ליבער נביא אָפּ־געטרונקען און קיינמאָל ניט געקאָנט באמערקן. געווען א שטארקע אנטוישונג. די מאמע פלעגט מפרש זיין אז ער האָט אזויפיל כוסות פאר זיך, און אלץ אין אײלעניש, טוט ער בלויז א טינק די ליפּן, אָבער די ברכה זיינע בלייבט אין יעדער ייִדישער שטוב...

רב מאיר האָט געטויגט צו פארהיטן פון א צרה און זי פארטרייבן נאָך איר קומען. צו שמחות, אָדער ימים טובים, האָט ער ביי אונדז קיין מזל ניט געהאַט. פלעגן טאקע זיינע קונדן, מערסטנס נשים, אים באקרעכצן צומאָל: — זע נאַר, אפילו אזא גרויסער תנא האָט קיין מזל ניט, און ליִאָנעווע איז ״געבוירן אין א הייבל״, אים איז מען מכבד...

מיין זיידע האָט אמאָל געטרייסט די מוטער מיינע דערמיט וואָס ״אפילו א ספר תורה מוז אָנקומען צו מזל״ (אין תלמוד)...

ער אָבער, רב מאיר, איז געווען רענאָמירט אין פאָלק ניט ווייניקער פאר אליהו הנביא. ער האָט געטויגט צו אלע שלאפקייטן, גאנץ באַ־זונדער צו קינדער־קראנקהייטן, אויסגעצייכנט צו ״גוט־אויגן״ און, בשתיקה, צום פאריכטן די ״דאליע״ פון א געקריוודעטער פרוי ביים מאן, און חתונה צו מאכן פארזעסענע מיידלעך.

ארום רב מאירן האָבן געלעבט א גאָר באדייטנדיקע צאָל ייִדן אין ארץ, א ביסל אויך אין חוץ לארץ. פּושקע־געלט איז געגאנגען אויף שטיצע פאר די ייִדן אין ארץ ישראל, דאָרט פלעגט דאָס פאר־טיילט ווערן צווישן די גאָר לאנגאנגענדיקע איינוואוינערס און געטראָגן דעם נאָמען ״חלוקה״. לויט די אינפארמאציעס וואָס איך האָב גע־קראָגן אין די יאָרן 6־7־8 און דרייסיק וואוינענדיק אין ארץ, אין תל־אביב און ירושלים, איז דער חלק פאר די נויטווענדיקע געווען זייער קליין און זאטע חיונה ניט געגעבן. ווי עס האָבן דערביי געלעבט די מנהיגים און מיטלויפערס זייערע מוז מען זיך פאָרשטעלן, אָדער וואַרטן אויף א דאָרטיקן מעמואריסט וואָס וועט שילדערן די ווירק־לעכקייט וועגן דער חלוקה.

געווען אין די תפוצות ישראל ״כוללות׳ן״, משמעות צענטערן, אָדער אָנפירנדיקע פערזאָנען וואָס זיי האָבן געהאט די אויפגאבע צו רעגיסטרירן ״משולחים״ פון ארץ ישראל, אָפּנעמען חשבון און געלט

פון זיי, און שיקן צום צענטער פון חלוקה אין ירושלים. ווי זיי האָבן דאָס געטאָן האָט מען אין פּאָלק קיין אנונג ניט געהאַט, אין צייטונג זיינען וועגן די ענינים קיין ידיעות ניט דערשינען. דער משולח איז געקומען לייזיקן די פושקע צומאָל אין באגלייטונג פון אן אָרטיקן יידן מערמאל אליין. זיין "שאָלעם אליכעם" איז געווען באַקאַנט צו אלע יידישע פרויען און צום רוב מענער. ניט ווייניק פלעגן אומ־פאָרן "שאָלעם אלייקעם"־יידן וואָס זיינען געווען באַרדיטשעווער, סטאַניסלאַווער און פון אנדערע שטעט אין פארשידענע יידישע געגנטן. ווען אזא איינער האָט געבענטשט מיין מוטער קודם זיין אוועקגיין, אָדער אויף איר בקשה, איר טייערן שטיפער, מיך, פלעגט ער פארגלעזן די אויגן און זאָגן "יעוואַרעקעקו". איך, צומאָל, בין געשטויסן געוואָרן אויסצושרייען — קוקורעקו. מיין מאַמע פלעגט מיר דערפאַר א קניפּ טון, אָבער דעם נחת פונעם אויפטו שפּיר איך נאָך איצטער. דער "ערציסרול"־ייד האָט געמאָלדן מיין מאַמען אז געדענקען צו שלעכטן וועט ער דאָס ניט, ער איז מיר מוחל במחילה "גמירע". אדרבא ער האָט מיך געבענטשט צו זיין א כשרער ייד, יעוואַרעקעקו...

מיין באָבען האָט א משולח איינגערוימט אין אויער, דאָס איינער א גראף פּאָטאָצקי האָט א פושקע ביי זיך און וואַרפט רק גאָלדענע רענדלעך "נא ראבינא מאיארקא". אָבער דערציילן אלעמען טאָר מען דאָס ניט, "אזא גרויסן אדון קאָן דאָס פארדריסן און ער וועט נאָך, חלילה, שלעכטס טון יידן"...

— אָבער ס'איז אן אמתע זאך?...

— וואָס רעדט איר! חשובע יידן וואָס האנדלען מיט אים האָבן דאָס געזען מיט זייערע אויגן: — א זילבערנע פושקע צוקאָפּנס פונעם געלעגער און אויסגעמאכט מיט גילדענע אותיות "נא מאיאָרקא"...

אויך ישיבות פון ירושלים און צפת האָבן ארומגעשיקט משולחים. לויט אינפאָרמאציעס האָבן אויף די ערטער עקזיסטירט א צאָל ישי־בות און, פארשטענדלעך, גענויטיקט זיך אין הילף. "א געוויסע צאָל" האָט נ י ט עקזיסטירט, זיי זיינען געווען אויף פּאַפּיר מיט שיינע, ממש קונסט־ארטיק פארדרייטע און אויסגעציקלטע חתימות וואָס ניט א בשר ודם האָט זיי ווענס דעשיפרירט און געקאָנט זאָגן ווער

איז אונטערגעשריבן. דער משולח איז געווען דער "אָנפאַרטרויטער" דערויף פון דער ישיבה, כלומרשט דער מחבר פון דעם אויפטו. עס איז ניט געווען קיין שלעכטער עסק, יידן האָבן "אויף ארץ ישראל" גע־געבן אָן חקירות ודרישות. שפּעטער פלעגט דער נותן דערהאַלטן א קבלה־בריוו מיט געמעלעכצער און ציקאַווע אויפשריפטן. אונטער־געשריבן איז געווען הרב הגאון — מיט "יענער" חתימה...

— שוין איינמאָל א חתימה! אזעלכע דרעדלעך אז דער מוח ברעכט; מע זעט באַלד אז מ'האָט צו טאָן מיט א גדול...

די עובדא פון זאמלען געלט צווישן יידן האָט זיך ניט באַגרענעצט מיט די דערמאָנטע אופנים. אויך "נשרפים" האָבן געשנאָרערט. די "נשרפים" האָבן געקאָנט זיין פון שעדלעץ ווי פון כערסאָן, פון האָמל ווי פון קאַרקאָוו, אָבער די שריפות זיינען, כמעט, אַלעמאָל "געשען" אין יענע מקומות וואו הייזער ווערן געבויט רק פון האָלץ און אויב דאָרט ברענט "וואָס איז דער חדוש דאָס דעם נשרפ'ס הייזל איז אָפּגעברענט געוואָרן"... א נשרף האָט געהאַט א בריוו פונעם רב אין דעם אָפּגעברענטן שטעטל, נאָר פאַר א שפּאַס האָבן לצים דערציילט אז אין איין שטוב זיינען זיך צוזאַמענגעטראָפן דריי נשרפים מיט בריוו פון דעם זעלביקן רב. ניט געגלייכט זיך דאָך האָבן די חתימות, איינע איז געווען פון "הקטן הרב דוד ב"ר משה יצחק ז"ל; די צווייטע חתימה — הקטן הרב שלמה יצחק ב"ר דוד ז"ל; און די דריטע — הקטן מיט אזויפיל דרעדלעך אז ער איז אויסגעקומען דער אמתער גדול בישראל. אגב האָט איינער ניט געקאָנט באַווייזן אזא בריוו "מחמת די שריפה איז, לא עליכם, געווען אזוי גרוים און אזוי שנעל אז דער בריוו פונעם דאָרטיקן רב איז אויך פאַרברענט געוואָרן"...

געווען אויך א פאַל אין מיין געגנט ווען א טויגענישט מיט "במה וכמה פלענער" אויף גאָלדענע עסקים האָט אָפּגעקויפט פאַר עטלעכע צענדליק רובלען פון א נשרף זיין בריוו...

און אויף הכנסת כלה איז מען געפאָרן. דערויף, מערסטנס, טאַ־טעס. באַדאַרפט פאָרן האָבן בלויז אָרעמע טאַטעס פון פאַרזעסענע בתולות, אָבער געפאָרן זיינען, מערסטנס פאַרמעגלעכע. די לעצטע האָבן געמאָנט פאַר "א סך כלות" וועגן...

— אזויפיל כלות? — האָט איינער א פרעג געטאָן מיט חשד...

— איר ווייסט גאָרניט וועגן אונדזער שטאָט? ניט א שטעטעלע, און באַרימט איז זי דערמיט וואָס דאָרט פאַרזיצן, נעבעך, מיידלעך. עס האָבן א פּאָר געכאַפּט דעם מזלדיקן האַז אין אַמעריקע, לויפן אהין אַלע בחורים...

עולם האָט געגעבן. א פאַרזעסענע מיידל איז געוועז א קללה. דאָס פאָלק האָט געזאָגט אז „ביי יידן זיינען קיין מאַנאַסטערן ניטאָ", פאַרזעסענע מוז קהל חתונה מאַכן...

ניט צו פאַרקוקן מחברים. א רב, א ייד א בן תורה, האָט געוואָלט מחבר זיין א ספר כדי דאָס יידישע פאָלק „זאָל נהנה זיין" פון חכמת ישראל. איז ער געגאַנגען מעיר לעיר ומבית לבית צו געפינען דעם „בעלן" אויף „אַרויסהעלפן" א תלמיד חכם וואָס האָט, נעבעך, אויס־פאַרקויפט אַלץ צו זען דעם ספר „בחיו"...

אומגעפאָרן זיינען אויך שרייבערס. זיי פלעגן באַטראַכט זיין ווי בעטלערס מיט „זיידענע טאָרבעס". און אפילו אין אָט דעם מין קבצנען זיינען, הגם זעלטן, געווען א סאָרט שווינדלערס. איינער אַזא האָט אַרומגעפירט א זעכצן־זייטיק ביכעלע אין העברעאישן מיט א פּרעמדן נאָמען:

— מיין „סאַטשיניעניע" (חבור). איך בין אין נ... געוועזן לערער אין א גבירישער שטוב, אונטערגעוואַקסן דער תלמיד, דער פאָטער האָט געוואָוסט פון מיין ספרל האָט ער מיר געגעבן עטלעכע צענדליק רובלס בתנאי אז דאָס זאָל גיין אויפן יונגלס נאָמען. נו, איצט איז דער „פאַלשער" מחבר אין אמעריקע און שיקט מיר ניט אמאָל א דאָלאַר אפילו, טאָ פאַר וואָס זאָל איך ניט טאָרן נהנה זיין פון מיינער אן אייגענער „סאַטשיניעניע"?...

דער „מחבר" האָט צוזאַמען מיט זיין ביכל געפירט אויך זיין אשה מיט דריי קינדער. „געצויגן" האָבן זיי זיך קיין אָדעס. אין יעדער שטעטל האָט מען פאַר אים געמאַכט אויף הוצאות אינעם וויי־טערדיקן שטעטל אריין און זיין „סאַטשיניעניע" צוריקגעגעבן ווייל „אייך קומט עס צונויץ און ביי אונדז — ווייס איך? — ווען עס היינ־קומען אָן נוצן"...

---

# קאפּיטל איינאונדרייסיק

## שמד.

געטראָפן האָט שמד מערסטנס אין די דערפער וואו די יידישע טעכ־טער זיינען געוואקסן און געקוקט אלץ אויף פנימער פון שגצים, געזען אלץ פייערטעג פון קריסטן אינעם קלויסטער, גערעדט גויאיש בעסער און ריכטיקער פון דעם אייגענעם לשון...

אין די קליינע יידישע שטעטלעך איז שמד געווען אזא זעלטנהייט ווי א שניי אינעם חודש תמוז אין אוקריינע. האָט זיך דאָס געטראָפן זיינען פארוואונדעט געוואָרן הערצער פון משפחות און זייערע פריינד. שמד איז פאר שונאים ניט געווען קיין נקמה ווי טויט איז דאָס ניט געווען. עלטערן האָבן געריסן קריעה און זיינען געזעסן שבעה. אגב, איז אזוי פאראומווירדיקט געווען שמד ווי די געבורט פון אן אומגע־זעצלעך קינד, א ממזר. אמת טאקע יידן האָבן געהאט א שפּאס — "מיטן קאָפּ אין דער ערד אריין, ווער דארף זיי האָבן די משומדים, זאָל פרייער ווערן א קאָפּ אין גן עדן", אָבער אויך אנאנדערער מאמר איז געווען, א טיף שמארציקער: — "אז אן אבר פוילט אָפּ טוט וויי דעם גאנצן גוף"...

ווען א ייד פון אונדזער סביבה איז געקומען און דערציילט דאָס שמעלקע מאהילניקערס מויד האָט זיך געשמדט און חתונה געהאט מיט

א שגץ, האָט מיין מוטער אויסגעבראָכן אין א געוויין: — אוי ווי צו אונדזער אומגליק!...

שמעלקע האָט שפּעטער ביי אונדז דערציילט ווי ער גופא איז שולדיק דרינען, זיינע האָט אים געוואָרנט דאָס מיט מיידלעך טאָר מען ניט פארזיצן זיך אין דאָרף...

— וואָס האָב איך געקאָנט מאכן? די אומגליקלעכע פּרנסה צו דערהאלטן פרוי און טאָכטער האָט מיר די אויגן פארשטעלט...

ער האָט זיך געשאָלטן בייז, געוואונטשן זיך צו פוילן זיבן יאָר אויפן בעט, אָבער דער רבי האָט דערויף געקוקט אנדערש...

— פאָרט ביידע אהיים און וואוינט דאָרט. דו, אשה, וועסט זיך באמיען צו באווייזן זיך פאר איר, זאָל זי זען אמאָל דאָס מקום פונ־וואנען זי האָט געזויגן. און טאָמער באווייזט זי זיך פאר אייערע אויגן טרייבט זי ניט מיט קללות, עס קאָן נאָך זיין, און איך האָף צו גאָט דאָס אזוי וועט טאקע זיין, זי וועט זיך אומקערן צו אייך. אין דעם יידישן הארץ ברענט א פייערל וואָס אויב דאָס לעשט זיך אויס טליעט אלץ דאָרט א פונק, און פון דעם פונק צינדט זיך, סוף כל סוף, דאָס פייערל ווידער...

שמעלקע האָט געגלויבט אינעם רבינס הבטחה, אָבער מוחל זיין דער טאָכטער האָט ער ניט געקאָנט. רחמימדיקער צו איר, אלץ פונ־דערוואייטנס, איז געווען דאָס הארץ פון מוטער. אירינע, די געוועזענע מירעלע, פלעגט זיך באווייזן פאר די עלטערנס אויגן, געמאכט דאָס אימער ווי ניט אמישנע. יונגעלעך האָט זי געבוירן דריי, יעדע געבורט איז געווען א שווערע, יעדן מאָל האָט זי באפוילן צו דער מוטער זי זאָל גאָט בעטן פאר איר, און יעדן מאָל האָט שמעלקע מודיע געווען דעם רבין דעם פאַל. האָט דער רבי אלעמאָל געהייסן דער שמעלקעכע זען מאכן אזוי אז די "זאכליערו" (שימף־נאָמען פאר א טאָכטער אזא) זאָל דערזען דעם מקום פונוואנען זי האָט געזויגן...

— און וואָס זאָל טאָן דער פאָטער אירער?...

— ער זאָל זיין הארט ווי קרעמען...

ביז אמאָל, בעתן אויסגיין שמונה עשרה, האָט שמעלקעס פּוס

זיך אָנגעשלאָגן אָן עפּעס, ער האָט זיך אומגעקוקט, אויפן באָדן מיטן פּנים צו דער ערד איז געלעגן אירינע און האָט שטיל געוויינט...

געבראַכט דעם אָנזאָג האָט די מאַמע. זי איז מיט עזות אַמאָל צוגעגאַנגען צו אירינעס פענסטער בשעת דער מאַן איז געווען אויפן יאַריד, זי האָט אָנגעקלאַפּט, אירינע איז צוגעקומען, געטאָן אַ קוויטש, דער מאַמעס בוזעם איז געווען צעבראַסטעט, די מאַמע האָט געבלי־פּעט, און איז גלייך אוועק פונעם פענסטער.

— עס איז געווען אַן איינשטעלעניש, — האָט שמעלקע דערויף באַמערקט.

און ווען אירינע איז פונעם דאָרף פאַרשוואונדן, אויך אין אַ זונ־טיק, האָט קיינערניט געקאָנט חושד זיין אירע עלטערן דאָס זיי ווייסן עפּעס וועגן דעם: — די שמעלטשעבע איז געלעגן צו בעט קראַנק שוין די צווייטע וואָך, און שמעלקע איז געפאָרן אין נאָענטן שטעטל אַריין נאָכן דאָקטאָר.

מיט זיך האָט אירינע מיטגענומען דאָס קלענסטע יינגעלע קיין סקאַלאַר אין עסטרייך. איר מאַן האָט זי אויפגעזוכט נאָך עטלעכע מאָנאַטן, גערעדט מיט איר, איז אהיימגעקומען און געמאָלדן שמעל־קען דאָס עס איז אַ טעות געווען, אַ רעליגיע טאָר מען ניט בייטן; טוט עס ווער מוז ער זיך אומקערן. און דאָס יינגעלע האָט ער איר געלאָזט, זי איז דאָך אַ מאַמע, זאָל זי האָבן אַ טרייסט מיט זיך...

מיין מוטער איז געפאָרן "פרייען זיך" מיט דער שמעלטשעבע צו דער צווייטער געבורט פון איר טאָכטער...

געפרייט האָט זיך אַ גרויסע סביבה, דערפער און שטעטלעך, אָפּ־געגעבן מזל־טוב און געוואונטשן זיך אַז "דער אין הימל" זאָל ניט דערלאָזן יידישע טעכטער צו אַזאַ זאַך...

אינטערעסאַנט איז די געשיכטע מיט האוורילאַ, דער משומד, אין פּראַסקוראַוו אין די יאָרן פאַר די פאַרגאַנגענע זיבעציקער. האוורילאַ איז געקומען קיין פּראַסקוראַוו מיט אַ ווייב און אַ היבש ביסל שנצימ־לעך, האָט זיך דאָרט באַזעצט, גענומען האַנדלען מיט ביקלעך, יאַלאַוור־קעס, גענדז און חזרים. אין זיין אויסזען איז געווען שווער צו דער־קאָנען דאָס ער שטאַמט פון יידן, אין זיין סטיל פון רעדן אויך ניט, אָבער די אופנים פון מסחר און דאָס דינגען זיך ביי קניה׳ס און

מכירה'ס האָבן געשאפן דעם חשד דאָס ער מוז זיין א משומד. אויף זיין ווייב איז דער חשד נים געפאלן. האוורילא האָט פיינט געהאט יידן, ביי יעדער געלעגנהייט געטאָן זיי צולהכעיסן. שפעטער האָט ער געקויפט א פּלאַץ און אויפגעשטעלט א הייזל צום וואוינען און א קראם פון עופות און אייער. דורכגעלעבט א יאָרן צוואנציק און געשטאָרבן אין א כאָלערע. דאָס ווייב האָט אלץ ליקווידירט און איז אַפּגעפאָרן מיט אלע קינדער און אייניקלעך אין א דאָרף אין פּאָלטאַ־ווער גובערנע. דעם משומדס שטוב איז אַנגעקומען צו אן אָרטיקן יידן וועלכער האָט זי אַרונטערגענומען צום בויען א גרעסער הויז אויף איר פּלאַץ. אונטער די ביישטידלעך פון אלע טירן האָט מען געפונען איינגעמויערט מזוזה'ס...

געוועזן באקאנט איז צו יידן, אומעטום אין רוסלאנד, אז דער אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר דניאל כוואָלסאָן און קאָנסטאַנטין שפּירא (דיכטער אין העברעאיש) זיינען געשמדטע יידן. דאָס זעלביקע וועגן דעם זייער בארימטן אדוואָקאט קופּערניק אין קיעוו (זון פונעם גבאי אין דער גרויסער שול). אָט־די אלע זיינען געוואָרן משומדים צוליבן קריגן גלייכע רעכט און דערגרייכן הויכע פּאָזיציעס. עס זיינען גע־ווען פאקטן וואָס האָבן געמאכט ווייכער דעם פאקט פון שמד: קו־פּערניק האָט פיל מאָל געראטעוועט יידן פון שווערע בלבולים, לויג־לאָז. כוואָלסאָן האָט איבערגעזעצט דעם "אפס דמים" (אוים בלוט־בלבול) פון לעווינזאָנען, און דאָס האָט אויך א בעסערער טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ געווירקט צו איבערציינן זיי אין דעם שקר פון בלוט־בלבול.

געווען אין פּאָלק אינטערעסאנטע מעשות וועגן די קאַנטאָניסטן וואָס זיינען צו שמד געקומען אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן, ווען זיי פלעגן, קינדווייז, געכאפּט ווערן פון יידישע אויסוואורפן און אי־בערגעגעבן צו דינסט אין מיליטער און צו שמד. איך פאַרצייכן דאָ איינע פון די ווארע געשיכטעס וואָס איך האָב געהערט פון אזא "אויסגעקומענעם" קאַנטאָניסט. איך גיב דאָס אין זיינע ווערטער, ביי מיר פאַרצייכנטע אין די יונגע יאָרן.

— געשטאמט האָב איך פון זייער אָרעמע עלטערן. איך געדענק זיך אין צעריסענע שיכלעך און געלאטעטע מייטקעס. מיך האָט מען

פארנארט מיט א צוקערל אויף א וואָגן ארויף און אוועקגעפירט ווייט פון מיין מאמען. מיין פאָטער געדענק איך כלל ניט. ווי אזוי איך בין געקומען צום געביט פון די קאָזאקן אויפן דאָן — א טייך, — געדענק איך ניט. מיך האָט מען אָפּגעגעבן צו א פּאָפּ און איך בין געוואקסן רעליגיעז אין דער פראוואסלאוויע. שפּעטער, שוין אין דער דינסט, האָט מען מיך, צוליב מיין ביסל בילדונג, אָפּגעגעבן אין דער פעלדשער־שול וואו איך האָב פארענדיקט מיט אויסצייכענונג. איך בין געוואָרן פריי פון מיליטער־דינסט און אקטואירט אלס מיליטערישער פעלדשער. חתונה געהאט מיט א קאָזאטשקע, געהאט קינדער, אנגעליינגט פארמעגן, און לייט האָבן מיך מקנא געווען. געוואָרן בין איך פּאָפּולער אין א גרויסער סביבה ארום, מיך פלעגט מען רופן צו פריוואטע קראנקע, אויך צו יידישע. איינמאָל בין איך אריינגעקומען אין א יידישן הויז און דערזען אויף דער וואנט א בילד פון אן אלטער יידישער פרוי, מיין הארץ האָט א טיאָך געטאָן, זי האָט אזוי אויסגעזען ווי איך פלעג מיר פאָרשטעלן מיין מוטער. די פרוי איז געווען א פארשטאָרבענע מוטער פון דער קראנקער וועלכע איך האָב געהיילט לענגער. אין דעם בילד בין איך איינגעליבט געוואָרן, די אלטינקע האָט זיך מיר געחלומט, אזוי ארום בין איך געקומען צום דערמאנען זיך אָן מיין קינדהייט און מיין אמתער מאמען. איך האָב דאָס פארטרויט מיין פרוי. מיט דער צייט האָט די אלטינקע "מאמע" מיינע אָנגעפאנגען מאָנען פון מיר אז איך זאָל ווידער ווערן א ייד. אין די חלומות איז די פאָדערונג געוואָרן אלץ שטארקער, און מיין מוטער נעבן מיר אלץ רעאלער. מיין פרוי, א גוטע נשמה און א שטארק גלויביקע, איז באווירקט געוואָרן און — וואָס זאָל איך לאנג בריִען, זי האָט באשלאָסן אז דאָס איז "דער קול פון מיין פאָלק און פון מיין גאָט", זי האָט מיר געהייסן פאָרן קיין וואלאטשיסק, מיין געבורט־שטעטעלע. קעגן איר ווילן האָב איך איר איבערגעלאָזט דעם גאנצן פארמעגן, א גרויסער. זי האָט מיר אין מיינע זאכן אריינגעפאקט צענטויזנט רובל און איך בין געקומען אהין פונוואנען שלעכטע מענטשן האָבן מיך אוועקגעגנבעט. מיין פרוי האָט מיר געשריבן איך זאָל ווערן א ייד, אזוי האָט איר געהייסן מיין מוטער, דאָס הייסט יענץ בילד וועלכעס זי איז געפאָרן זען און אויסגעפונען ענלעכקייט־

שטריכן צווישן מיר און דעם בילד. געטראָפן אין מיין אלטער היים האָב איך קיינעם ניט פון משפחה. איך האָב חתונה געהאט און געגער־מען פראקטיצירן דאָ. דער צוטרוי צו מיר איז שנעל געוואקסן. מיך רופט מען ישראל דאָקטאָר. אויך די דאָקטוירים באציען זיך צו מיר חבריש. מיין יידישע פרוי האָט מיך אויסגעלערנט דאווענען. איך האָב מיט איר אָט דאָס יינגעלע, א וואוילינקער. יענע מיינע זעגען אויך וואוילינקע קינדער. דאָ האָט א זשאנדארם מיך פארמסרט אין אָננעמען צוריק יידישקייט. געווען א פראָצעס אין דעם געריכט און מיך האָט פארטיידיקט דער בארימטער אדוואָקאט קופערניק, דו ווייסט דאָך וועגן אים. ארוים פריי. אָבער וואָס א וואונדער איז, — מיין ערשטע פרוי איז געקומען מיט אלע קינדער, די קריסטלעכע, ביז זשמערינקע, די באנסטאציע, און אהין בין איך געקומען מיט מיין יידישע פרוי, מיר האָבן אלע געוויינט, און מיר האָבן אלע געפרייט זיך וואָס גאָט האָט אזוי געפירט. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אהער, איז מיין מאמע געקומען צו חלום מיין איצטיקער ווייב און זי געבענטשט דערפאר וואָס זי האָט מיך געמאכט פאר א יידן...

---

## קאפיטל צווייאונדרייסיק

### השכלה און משכילים.

משכילים האָב איך געטראָפן, און וועגן השכלה האָב איך זייער פיל אָנגעהערט זיך, וועגן איר אנטשטייאונג און אנטוויקלונג. אויך וועגן איר מיסדערפאָלג בנוגע השפעה אויף דער יידישער מאסע.

שוין קודם יצחק בער לעווינזאָנען זיינען געווען צעוואָרפן איבער די גרעסערע שטעט, בעיקר פון ליטע, יידן לומדים וואָס האָבן געהאט קאָנטאקט מיט אנדערע ליטעראטורן, קאָנטאקט מיט קריסטלעכע געלערנטע, קאָנטאקט מיט רעוואָלוציאָנערן לגבי פארעלטערטע מעטאָדן פון דענקען, און וואָס זיינען שוין צו פראגן און דערשיינונגען צוגעגאנגען מיט מער וויניקער פרייער קריטיק. שוין אין יענער צייט זיינען געווען "אפיקורסים" אין טלית און תפילין, אין יאַרמולקעס אונטער די היטלען און שטרענג געהיטע אין כשרות וכדומה פארהייליקטע דאָגמעס און מנהגים. יצחק בער איז געווען שוין א פּראָדוקט פון זיין דור וואָס האָט אָנגעהויבן פילן ווי "דער שיך קוועטשט" און פרובירן פרייער מאכן די בענדלעך כדי קאָנען שפּאַנען רירעוודיקער אויף די וועגן...

יצחק בער איז געווען אין קאָנטאקט מיט געלערנטע פּערזאָנען, ער האָט געווים געקאָנט די ווערק פון משה מענדלסאָן און געוואוסט

וועגן זיין ווירקונג. ער האָט אונטערגענומען די ארבעט וואָס דעמאָלט איז זי נויטיק געווען: — איבערצייגן דעם פרומען קלאס אז, לערנען נביאים, לערנען פילאָזאָפישע ספרים, לערנען די לאנדשפראך מעג מען, עס איז דערינען קיין חטא אנטקעגן רעליגיע ניט פאראנען. עס איז מעגלעך אז ער וואָלט אין זיין צייט דערגרייכט זייער פיל און "אויסגעפועלט" ביי דער יידישער מאסע צו פארטראכטן זיך איבער פארשידענע פראגן. דער פעלער וואָס יצחק בער האָט געמאכט איז געווען אין זיין האלטן זיך פעסט ביי דער העברעאישער שפראך, ניט פארוואנדלענדיק דעם יידישן זשארגאָן אין אינסטרומענט פאר זיין שרייבן. שרייבנדיק העברעאיש האָט ער זיך גלייך אָנגעשלאָגן אויף זיינע קאָלעגן לומדים וואָס האָבן ניט געוואָלט אפילו הערן וועגן אים, האָבן אים שוין באלד פון פלאץ געשטעמפלט פאר אן אפיקורס און דערמיט געפסלט זיינע געדאנקען און דרכים. אויב ער האָט יאָ געפונען צוהערערס, איז די צאָל זייערע געווען אזוי אומבאדייטנדיק, און אין זייערע שטעטלעך זיינען זיי געווען אזוי פאר'חרמט, אז צו ברייטער השפעה האָט ער ניט געקאָנט קומען. עס ווערט לייכט באגרייפלעך פארוואָס לינעצקי האָט אזוי שנעל באווירקט דעם יידן פון א גאנץ יאָר און אומגעוואָרפן אין א קורצער צייט דאָס וואָס לעווינזאָן האָט ניט באוויזן אפילו א ריר טאָן פונעם פלאץ...

דאָס פאָלק האָט געהאט א זייער פרימיטיווע פאָרשטעלונג וועגן דער השכלה: פירן זיך וועלטלעך, זיין א ביסל פרייער, ניט גלויבן אין א רבין און רעדן א קאָפּ רוסיש האָט געהייסן זיין א משכיל...

אין קאמף קעגן משכילים זענען שוין קיין רעאלע מיטלען ניט באנוצט געוואָרן. ניט געווען מער דער "חטאות הקהל־שטיבל" צום באשטראָפן פרייגעזאנענע און ניט פאָלגעוודיקע. דער קאמף איז אריבער פון בית־המדרש אין שטוב צווישן טאטע און קינדער. די דיסציפלין פון אלטמאָדישן כבוד אב און די רגילות צו פאָלגן אומ־באדינגט איז געווען נאָך זייער שטארק. די רעליגיעזע באוועלטיקונג האָט נאָך ניט געהאט אויפגעהערט אין דער מאסע, אָבער עס זיינען שוין געזען געווען "ראטשן" פון אייגענעם שטעטל און זיי האָבן ניט געלעבט מער אין דער מורא פאר קהל. איך דערמאָן מיך אויף א פאל ווען א גרופּע יידן האָבן מיך אינסטרואירט צו זען אויב טאקע טראָגט

ניט א געוויסער קאוואליאוו (דיזענגאפּס א שוואָגער) קיין טלית־קטן. קאוואליאוו איז געווען אן אויבער־אגענט פון פייער־פארזיכערונג און פלעגט אונדז באזוכן; ער האָט מיך ליב געהאט און איך בין געווען זיין ביישלעפער. איך האָב באלד דערזען דעם חטא און אים געמאָלדן אז איך וועל אויסזאָגן דער מאמען וועגן דעם. ער גופא האָט דאָס אויף מאָרגן דערציילט מיין מוטער און געלאכט פון דעם "קליינעם מסור". מיין מוטער האָט אָבער ניט געגלויבט...

— איר טראָגט אוודאי דעם טלית־קטן אונטערן שלאָף־העמד...

קאוואליאוו האָט געלאכט נאָך העכער, איך האָב אויף אים רחמנות געקראָגן וויסנדיק אז דערפאר ברענט מען אין גיהנם דריימאָל אויף איין שייטער...

אונטערגעזינדיקט האָט שוין דער יונגער עולם צוביסלעך, דאָך בלויז בסתר. עס פלעגן אין דאָרף צו אונדז קומען יערלעך א שניי־דער פאר מענערקליידער, אנאנדערער פאר פרויען, און א שוסטער. מיט זיי זיינען געווען שניידער־יונגען, א טייל פון זיי האָט שוין שבת אריינגערויכערט אין הרובע אריין, אלע האָבן שוין ניט אויסגעהאלטן די זעקס שעה'ן נאָך פליישיקס, ביז צו דער מילכיקער וועטשערע...

דער אינסטרומענט פון השכלה איז אלץ נאָך געווען לשון קודש. מיט דער שפּראך האָט מען צום באלמעלאָכע ניט געקאָנט צוקומען. לשון קודש האָט צווישן צעך געהאט דעם כבוד פון "דריבנע אותיות".

דער אמת איז, דאָס אין יענע צייטן זיינען משכילים געווען דאָס וואָס מע רופט היינט אָרטאָדאָקסן. זייער רוב אין די פּראָווינץ־שטעט האָט נאָך אלץ "צוגעדאוונט", א וואש געטאָן די הענט צו א "קורצן" שאו ידיכם. דאָס ערשטע וואָס איז באלד געענדיקט געוואָרן צוליב השכלה איז געווען "קרי'שמע". דאָס פאָלק האָט געזאָגט — "קיין מזוזה קושט ער שוין ניט"...

"צענזורירט" פלעגן משכילים ווערן בלויז פון זייערע פרויען. און געקומען איז דאָס טאקע צוליב קרי'שמע. יידישע פרויען, אויך דער רוב פון די אויפגעקלערטע, האָבן מורא געהאט פאר שדים. א מאמע האָט געוואָרנט די טאָכטער לגבי דעם מאן מיט "קוק אים אויף", ווייל "אָנטרייבן שדים אין א שטוב מיט קליינע קינדער דאַרף מען

מלמדים משכילים זיינען אין אָנהייב אכציקסטע יאָרן געווען א זעלטנהייט אין די שטעטלעך. די דרדקי־מלמדים האָבן געלערנט אלף־בית מיטן קינד אלץ אויפן שפּיץ פונעם טייטל און מיט סימנים פון "א קאראָמיסלע מיט צוויי עמערלעך" אן אלף זאָג אן אלף, נאָכאמאָל אן אלף, ווידעראמאָל אן אלף...

פון תנ"ך פלעגט מען לערנען די סדרה פון דער וואָך, א ביסל קאפּיטלען פון כתובים, זייער ווייניק פון ישעיה, עפּעס מער פון ירמיה, א טאפּלטע צאָל, למשל, פון יחזקאל און כמעט קיינמאָל ניט פון "תרי עשר", און טאקע ניט אמאָל ווענס פון איוב...

וועגן "גיגעראפיע" האָט קיינער ניט געקלערט. דאָס איז געווען א ריין משכילישער ענין. נאטורגעשיכטע האָט מען קענען געלערנט פונעם "ספר הברית" וועמעס מחבר גופא האָט אין איר ווייניק־וואָס געוואוסט.

אין די ערשטע אכציקסטע יאָרן האָט א משכיל געלייענט שוין א רוסישע צייטונג, די נייעסן בלויז; ארטיקלען זיינען געווען געשריבן "אין טיף רוסיש" און שווער צו כאפּן "דעם סמיסל" (זין)...

שבת און יומטוב, באזונדערס אין די טעג פון זאָגן פיוט, יוצרות וכדומה פלעגן משכילים זיין חשוב צוליב געוואָר ווערן פון זיי א טייטש אין "אץ קוצץ", ווי די משכילים גופא פלעגן שפּאסן.

— אזעלכע ווערטער — האָט עולם מפרש געווען, — זאָלסטו גאָרניט פרעגן ביים רב, ער קאָן דעם לשון קודש פון דער גמרא, און ביי די משכילים, ימח שמם, איז דער אמתער לשון קודש פון די שווערע הפטורות...

דער מאָנאָפּאָל פון שרייבן אדרעסן אין לאטיינישע בוכשטאבן האָט געהערט צו משכילים: א מין פּלא! זיי שרייבן דיר כלערליי אדרעסן וואָס דו בעטסט ביי זיי, קאָן זיין אן ענגלישער, א פראנצויזישער, א לאטיינישער, וואָס נאָר דו ווילסט...

ביי דער פּרויעניזוגנט האָט דער משכיל אויסגענומען צוליבן "מע מעג; סע ניט אזא סכנות נפשות". די "זינד" צו וועלכער א יונגפרוי ביי יידן איז געבראכט געווען דורכן משכיל האָט טאקע באמת ניט געקאָנט זיין "געפערלעך": געוויכערט האָבן דאָן ניט פרויען ביי

יידן, טריפ׳ס צום עסן איז פשוט ניט געווען וואָס, אין דער יידישער סביבה, שרייבן אום שבת אויך ניט... זיי האָבן אינדערוואָכן אפילו ווייניק געשריבן. עס האָט זיך געהאנדלט אין ״ממזר־הארעלעך״ פון אונטערן טיכל, אָדער מן הצד ביים פארוק, עס האָט זיך גערעדט וועגן א קורצערן ארבל און ענלעכע קלייניקייטן...

באשטימטע פאָרמען האָט די פראָפאגאנדע פון די משכילישע אי־דעאַלן אין שטעטל ניט באקומען. ביי א געלעגנהייט האָט מען א לאַך געטאָן איבער זאבובאנעס, א לייכטן שפּעט געטאָן איבער א רבין, אי־בער דעם ענין פון מקוה פארן דאווענען און אנדערע זאכן וואָס ״מאַכן אונדז מיאוס ביי דער וועלט״ און וואָס צוליב זיי ״קוקט א קריסט אויף אונדז ווי אויף ווילדע ברואים״...

קליינוואַרג האָט דעם משכיל חשוב געהאלטן: א משכיל האָט צו־געקוקט ווי קינדער ״וואַיעווען״ און אָפּט ליב צוגעשמייכלט, דער־בליקט שבת ווי א ייִנגעלע רייסט אָן עפּל פון א בוים, און צוגע־שמייכלט...

די שטאַרקסטע שטרעבונג פון א משכיל איז געווען צו ווערן א ״בעל־לשון״ (סטיליסט) אין העברעאיש. ״זשארגאָן — האָט עס געהייסן, — קאָן דאָך שרייבן יעדער פאַילגע״, און לשון קודש אפילו ניט דער למדן. עס האָט ניט געוואגט א פשוטער ייד אויסרעדן א וואָרט קעגן דעם משכיל ווען דער לעצטער האָט באנוצט א פסוק.

געווען א זייער אָפּטע דערשיינונג צו זען א יידן אין שטעטל ארומ־גיין איבער דער גאס מיט א צעעפנטן בריוו אין דער אויפגעהויבענער האנט...

— וואָס איז עפּעס, רב ברוך מרדכי, פון אמעריקע?...

— ניין, פון מיין איידימס א בראַטשיק אין זשיטאָמיר; איר מעגט שוין לייענען, ער איז יענער בעל־לשון...

אין בית־המדרש בין מנחה למעריב האָט מען געלייענט אין א ענגל פון צוזאמענגעבויגענע קעפּ און עס האָט זיך געהערט א קאָלעק־טיווער ״אר־וואַ!״ עס פלעגט זיך גלייך אָנפאנגען א שמועס וועגן בעלי־לשון. ביי עמיצן איז אין בוזימטאַש געלעגן ״פאר א ציקאווועסט״ א צעריסענער בריוו שוין א דריי יאָר פון א שוואָגער אין ישיבה וואָס איז ״געכאפּט אין השכלה״...

זייער זעלטן, דאָך האָט עס שוין דעמאָלט געטראָפן אַן אשה, די טאָכטער פון א באוואוסטן משכיל, וואָס האָט געשריבן העברעאי־שע בריוו און געווען א מומחהטע אין מליצהס. אירן א בריוו האָט מען ניט בלויז געלייענט אין אירע עלטערנס שטעטל נאָר איבערגע־שיקט און ארומגעשיקט איבער סביבות. א פרוי פון א תבואה־קאָמיסי־אָנער אין אַדעס האָט אין א צייט פון שטאַרקער פּאַרבּיליקונג אין תבואה־מקחים געשריבן: "עניים זמירות עשירים אהרוג" (לויט "אנעים זמירות" א.א.וו.), און דאָס האָט געמיינט אז — אָרעמעלייט פרייען זיך וואָס עשירים ווערן געהרגעט פון גרויסע היזקות...

דעם משכיל האָט דער למדן פיינט געהאַט "בתכלית השנאה" און ניט אזוי שטאַרק זיין "אפּקורסות" נאָר ווייל יענער האָט אים "גע־לאַזשעט" (דערנידעריקט). בימיו, אין דער צייט פונעם משכיל האָט דאָס ליכט פונעם למדן געגומען טונקעלער ווערן. דער גרויסער אומ־גליק פונעם דעמאָלטיקן לערנער איז געווען זיין רעלאַטיווער אנאַלפאַ־בעטיזם אין שרייבן בריוו, אפילו זשארגאָנישע, איבערהויפּט אין לשון־קודש. עולם האָט דאָס ניט באַנומען. ער, דער ראש המדברים און יחוס אין א יידישער משפחה, באַווייזט ניט אזא קלייניקייט ווי אָנ־שרייבן א "גוטן בריוו"...

— רב אנשל, ווי קומט דאָס, איר זאָלט מיר געזונט זיין? איר זאָגט אויפן משכיל אונדזערן אז ער איז אַן "אמארעץ" אין א בלעטל גמרא, נו, און מיט זיינעם א בריוו טראָגט מען זיך ארום אין אלע קלויזן...

שירים זיינען געווען אַן עפּידעמישע דערשיינונג. לצים האָבן געשפּאַסט — "אז ירננו כל עצי יער", די סלופּעם אין וואַלד שרייבן שירים. זיי זענען געווען, פאַרשטייט זיך, פון בלויז מליצות מיט גראַ־מען. יעדער משורר האָט זיין דיכטונג אָנגעהויבן מיט דער "כף". כתועה במדבר ציה, ווי א בלאָנדזשער אין א ברענענדיגער מדבר; כספינה בים, בהמון גליו, ווי א שיף אויפן ים, אין זיינע מאַסן פון כוואַליעס; כנודד בליל חושך, ווי א וואַנדערער אין א פינסטערער נאַכט...

— פלאי פלאים — האָט אפילו מיין זיידע געזאָגט לייענענדיק מיין מליצה־בריוו. — "בצמא למים חיים בישימון וכעוף הפורח באויר

שמשתוקק להגיע למחוז חפצו, אני צמא ומשתוקק למכתבך היקר לי מפז״; ווי דער דורשטיקער נאָך וואסער און דער פויגל אין דער לופטן וואָס גלוסט צו דערגרייכן זיין ציל־פונקט — אזוי דורשטיק און אזוי גלוסטיק גאר איך צו באקומען דיין בריוו וואָס מיר איז טייערער פון גינגאָלד. ״פלאי פלאים!״...

באמת האָט אזא בחורל קיין באשרייבונג איבער מדבריות אין די אויגן נאָך ניט געזען, ניט געהאלטן ווענס א פויגל אין האנט און דורשט נאָך וואסער — ״מיר פאר זיינע ביינער! — קיינמאָל ניט געשפּירט, אָבער ווען אים פלעגט א שדכן שרייבן ״הממליץ מלי־צות״...

רביים האָבן דעם משכיל פארפאָלגט, ווי נאָר זיי האָבן געקאָנט. האָט אָבער א משכיל געמוזט צוליב א קריג צווישן מאַן און ווייב דאָך אָנקומען צום רבין איז זיין באזוך אויסגענוצט געוועו צו ברייטער פּראָפּאגאנדע...

— צו אונדזערן, זאָל לעבן, פארן דאָך אפילו די כלבים, מסכילים מיט א ״סמך״. ווען זיי, ימח שמם, דארפן דעם רבינס הילף, אָדער זיין רפואה, ווארפן זיי זיך צו אונדזערן און ער, זאָל מאריך ימים זיין, איז זיי ניט מדחה. אדרבא...

משכילים אין פּראָווינץ־שטעטלעך האָבן זיך געהאלטן נאָענט צו די ״כותלי בית המדרש״, צו יידישע אינטערעסן אינעם שטעטל. זייער אויפקלערונגס־ארבעט פלעגן זיי אָנפירן לאנגזאם, מיט דער יוגנט פון חסידישע הייזער בסתר, מיט קרייזן פון לייענענדיקע ווייב־לעך בלויז צופעליק. צוגעשפּילט האָט, אין מיינע יאָרן, צום וואוקס פון השכלה. די עמיגראציע קיין אמעריקע, די שמועסן ארום דעם, די האָפנונגען אויף א גוטער שעה. די בריוו פון דאָרט מיט דעם רוף צו נייעם לעבן (אמעריקאנער גליקן) און בעיקר די ״פּיקטשורס״ פונ־וואנען עס האָבן צום שטעטלדיקן בחור און מיידל געקוקט ״פריצישע״ פּנימער, גלאַט אויסראזירטע, קראגנס מיט פיינע קראוואטן. עס האָט געווירקט פארכאַפּנדיק. אויפגעטרייסלט איז די יוגנט געוואָרן אויך דורך די פּאָגראָמען, דורך אומקוקן זיך און פארטראכטן זיך צוליב פּארדרוס און שמאַרץ. מ׳האָט דערזען אז אזוי בלייבן ווייטער טאָר דאָס ניט, אויף וועמען פארלאָזן זיך איז ניטאָ, מע מוז זיך ראטעווען...

די פּאַגראָמען אינעם איין און אכציקסטן יאָר האָבן ניט צוריק־געשטופּן דעם פאַרזוכער פון "עץ הדעת" צוריק אין בית המדרש אריין. דער אימפּעט צו ווערן "מיט ליטן גלייך" האָט געשטויסן צו דערוויטערן זיך פון דעם פאַרשימלטן לעבן. עס האָבן זיך באַוויזן לערנביכלעך פאַר העברעאיש און רוסיש. מען האָט אָנגעהויבן זוכן משכילים לערערס, עס האָט פאַרשטאַרקט זיך דער דראַנג צום בוך, די יידישע גאַס האָט אָנגעפאַנגען דערווייסן זיך פון זאַכן וואָס זיינען געווען פון איר פאַרהוילן. דער "יידישער פאָלקסבלאַט" האָט צובאַקומען אַלץ מער קאָרעספּאָנדענטן, און אריינגעצויגן די לייענערס אין די אינטערעסן פון גרויסוועלט. עס האָט שנעל א וואַקס געטאָן די העברעאישע ליטעראַטור, דורך קאַפּיטאַלע זאַמלביכער. מלמדים האָבן געמוזט ענדערן זייערע אופנים פון לערנען די קינדער. מלמדים האָבן זיך מיט איין מאָל דערבליקט נאַקעט אין זייערע קענ־טענישן און געמוזט שטילערהייט זוכן, נישטערן, ראַטן זיך בסתר מיט משכילים ווי צו דערגרענצן די אייגענע בילדונג און "ניט טרעפן מיט דער נאָז אין דער סמעטענע אריין". עס איז דערשינען דעמאָלט דער דקדוק פון ח. צ. לערנער, וואָס האָט לייכטער געמאַכט דעם דאָ־זיקן למוד. עס איז דערשינען אין יידיש אַלענדאָרפס מעטאָד צום זעלבסטשטודירן די רוסישע שפּראַך. עס האָבן זיך באַוויזן שנעל יידישע מלמדים מיט "גראַמאַטיקע" פון רוסישער שפּראַך צו קאָנען לערנען זי מיט קינדער פון מאַמעס וואָס האָבן געשריען אז "אָן גראַ־מאַטיקע" איז מען היינט גאָרניט. די מלמדים האָבן אויך שפּעטער געלעבט אָן רוסיש, אָבער א גראַמאַטיקע געקאָנט ממש אויסנווייניק פון עק ביז עק...

דער כח פון חסידיזם האָט גענומען פאַלן, פיל פון זיי האָבן איינ־געזען אז עס גייט "אַנאַנדערע וועלט". רביים האָבן גענומען מאַכן הנדלעך צו אַלע זייטן זוכנדיק צו געווינען דעם "היינטוועלטיקן"...

— אדרבא, דו פאַרשטייסט דאָס? ער וועט זיי ניט דערלאָזן צו כפירה, ער וועט משפּיע זיין זיי זאָלן זיך האַלטן אין דער מעלה...

א קלוגער רבי האָט נאָכגעפרעגט ביי זיין חסיד וואָס הערט זיך מיט די עקזאַמענעס פון זיין זון, און דערביי געוואונטשן אים הצלחה און נשיאות־חן ביי די אוטשיטיעליעס...

— ווער ווייסט, אפשר וועט אים גראד אמאָל אויסקומען ראטע־
ווען א יידן פון א שקר־בלבול, חלילה...

אין די קרייזן פון משכילים און ארום זיי איז אויפגעקומען דער
געדאנק פון לערנען זיך א פאך. די ערשטע שטרעבונג איז געווען —
פאָטאָגראפיע. אין מיידל־קרייז — שפעטער, — מאסאזשיסטינס.
מען האָט ביסלעכווייז געמאכט די ערשטע פרואוון אויף עקסטערן־
שטודיום, — פיר קלאס גימנאזיע צו קאָנען אָנקומען אין אן אפטייק
פאר א לערלינג, וואָס האָט נאָך דריי יאָר ארבעט געקאָנט אָנקומען
אין פארמאקאלאָגישן קאָלעדזש און ווערן ״פּראָוויזאָר״ (פארמא־
צעווט).

---

דאָ פארצייכן איך א פאל ווען דער קעלמער מגיד האָט געמוזט
מודה־זיין אז משכילים האָבן אים געטאָן א טובה.

געדרשנט האָט ער אויף ״מאָלדאוואנקע״ אין אָדעס און דאָס
פארגליכן מיט סדום. געווען דערביי דאָס ״קעפּל״ פון די משכילים
דאָרט. אינמיטן דרשה איז אריין אן ״אקאלאדאטשנע״ (עלטערער
פּאָליציסט), געפרעגט דעם מגיד אויף א פּאס, א זאך וואָס אין לעבן,
מן הסתם, האָט ער דאָס ניט פארמאָגט. באפוילן ארונטערקומען פו־
נעם באלעמער און גיין מיט אים אין ״אוטשאסטאק״. דער רבי איז,
נעבעך, באלד געשטאנען אונטן גרייט צום ליידן גלות. חברה משכי־
לים ארום האָבן א שמועס געכאפּט מיטן אדון, אריינגערוקט אין דער
יד א ״פּאפּירל״ און ער איז אוועק א צופרידענער. דעם מגיד האָט
מען צוריק ארויפגענומען אויפן באלעמער, ער האָט אָנגעטאָן די יאר־
מולקע און טלית און גענומען ווישן די ברילן.

— רבותי, איך ווייס, דאָס האָבן זיי מיר אויסגעלייזט פון גויאי־
שע הענט, מקיים געווען בפועל די מצוה פון פּדיון שבויים. איך בין
זיי מכיר טובה, אָבער ווייסן זאָלט איר אז זיי זיינען אפקורסים גמו־
רים, ימח שמם וימח זכרם ווי עמלקים...

---

# קאפיטל דרייאונדרייסיק

## עלטער.

אלטע לייט פלעגן זייער אָפט ארויסווייזן אין געזעלשאפט "ווער עלטער איז", געזאָגט אן אויטאָריטאטיווע דעה דעם יונגערן מענטשן און "געלערנט דרך־ארץ". צו קינדער האָבן אלטע לייט קיין שטרענג־קייט ניט באוויזן, אדרבא געזוכט צו "חברן" זיך מיט זיי. די קינ־דער פון זייער זייט האָבן אלעמאָל אָנגענומען די פריינדשאפט; צו זיידע־באָבע האָבן זיי אימער, כמעט, געהאט ליבע און געפילט זיך היימישער מיט זיי איידער מיט טאטע־מאמע. אלטע לייט פלעגן זאָגן אויף אייניקלעך, דאָס זיי זיינען דער "פראָצענט פונעם קאפי־טאל" וואָס זיי האָבן אינוועסטירט...

כבוד אב ואם האָט דעמאָלט געהאט נאָך זיין מאָראלע ווערט און איז אומדירעקט געווען אונטערן קאָנטראָל פון געזעלשאפטלעכן דרוק. פאר שלעכטער באציאונג פון קינדער צו אלטע נויטבאדערפטיקע על־טערן האָט אפילו גערופן צו פאראנטוואָרטלעכקייט דער רב פון שטאָט...

עס האָבן זיך אלטע טאטע־מאמע ארייגעמישט אין א שלעכטן, קריגערישן לעבן צווישן זייערע פאָרפאָלקן, און געהאט השפעה אי־בער זיי. עס זיינען אין טראדיציאָנאלע משפחות פאָרגעקומען אויס־

גלייכן, פשוט געצוואונגענע, צווישן צעקריגטע בני־משפחה. פלאץ אין וואָגן, ביים באלעגאָלע, האָט א יונגערמאַן מערמאל יאָ ווי ניט אָפּגעטראָטן דעם זקן, אָפּגערעדט אין וואָגן. אגב איז דער מנהג געווען ביי דער יוגנט א מין פאַרהייליקטער. אָפּפירן אהיים א פאַר־בלאָנדזשעטן זקן האָט זיך יעדער געכאַפּט, אויך פרויען, אפילו יונגע קינדער.

גאָר באזונדער האָבן גענאָסן דרך ארץ און כבוד זקנים לומדים. זיי האָבן געקאָנט זייער קראַפט און אָפּט אויסגענוצט, אָנגעשריען אין שול, אין בית המדרש, געהייסן זיין שטיל צעסכסוכטע חסידים, צע־קריגטע בחורים און אָפט פלעגט דערפון בפירוש אריינטרעטן פלוצים אזא שטילקייט ווי אין א קאזערנע ווען דער אָפיצער האָט זיך באַ־וויזן...

עלטער־היימען (מושב זקנים׳ס) זיינען געווען א גאָר זעלטענע דערשיינונג. אין די גרויסע שטעט יאָ, און די קרייזשטעט (אויעזדנע) ווייט ניט אלעמאָל, אין די קליינע שטעטלעך געדענק איך ניט אזעל־בע. געווען זיינען כמעט אומעטום הקדש׳ן, א מין אָרעמער, שמור־ציקער פלאץ צום איבערנעכטיקן, און אפילו צום שטענדיקן וואוינען דאָרט, מערסטנס פאַר קאליעקעס, ממזר־יתומים, ״גולמס״, האלב משוגענע ווייבלעך און שנאָרערס פון דער נידעריקסטער מדרגה. קיין רעגולערער אויסהאלט פאַר אזעלכע הקדש׳ן זיינען ניט געווען. די איינוואוינערס האָבן געשנאָרערט, די ווייכהארציקע און מצוה׳ס־זוכנ־דיקע יידישע פרויען פלעגן אהין טראָגן עסן און אָפּגעריסענע בגדים און שיך.

אין אזעלכע הקדש׳ן פלעגן זיך וואלגערן אויך מיידלעך שטומ־טויבע וואָס האָבן פון קיין עלטערן ניט געוואוסט און קיין ״אויג״ איבער זיך ניט געהאַט. אזעלכע זיינען דאָרט אויפגעוואַקסן און זייער פרי געוואָרן מאמעס. דער פאל האָט זיי געמאכט א ביסל זעלבסטשטענדיק און בעסער סיטואירט: מיט א קינדעלע אויף די הענט האָט די מאמע באקומען א גרעסערע נדבה, באקומען פאַרן קינד־וועגן און פאַר זיך עפּעס צום אָנטון, און אזוי ארום געקומען צו דער מעגלעכקייט פון וואוינען ערגעצוואו אין א הינטערשטיבל און פירן א באלעבאַטישקייט. צו איר פלעגט זיך צושלאָגן א גולמדיקער בהור

און מיט איר התונה האָבן. עס האָט געהייסן אַז זיי זיינען געהאָלפן געוואָרן...

## דערציאונג אין חדר.

מיט דערציאונג אין חדר האָט מען געהאט אינזינען רעליגיעזע התנהגות. געוואָרן געזאָגט דאָרט אַז טאטע־מאמע מוז מען פאָלגן, אַז די שטוב "איבערקערן אינדערהיים" זאָל מען ניט. אומלויפן אי־בער די גאסן ווי שקצים טאָר מען ניט.

— שקויץ איינער, לויף ניט אום משוגענערווייז...

— דו, שקויץ איינער, קריך ניט מיטן פינגער אין נעזל...

— שקויץ איינער, דו, פייף ניט, א יידיש יינגעלע טאָר ניט פייפן...

און "שקויץ" איז אלעמאָל געווען א בעלן אָפּצוטאָן א שפּיצל דעם רבין, אָנטשעפּען אים א "בערל" פון הינטן, צוקלעפּן אים צום ברעג קאפּאָטע עפּעס "אזא מין זאך" וואָס קלעפּט זיך...

געהערשט אין חדר האָט על פּי רוב די רביצן, מער פאַרן רבין. דאָס איז געקומען דערפון וואָס איבערן רבין גופא האָט די רביצן אויך געהערשט.

צו וואָס דער חדר האָט דערצויגן, ווילנדיק און אומווילנדיק, איז געווען מ ו ר א, אלצאיינס פאר וואָס. די מורא פאַרן רבין גופא האָט געשטאמט פון דעם קאנטשיק (פון רוסישן — עק, רימענדל). דער קאנטשיק פלעגט הענגען איבער דער וואנט קעגן דעם מלמדס פלייצע און רעדן שטום צום יינגעלע: — איך וואָלט א בעלן געווען אַז דו זאָלסט מיט מיר פאָכן רייטנדיק אויפן בעזים, אָבער ער, דער מלאך המות, דאַרף מיך צום שמייסן דיך... און טאקע פלעגט דער קאנטשיק אַרונטער פון דער וואנט ווען דעם רבין "האָט גענומען דער שוואַר־צער יאָר".

די רביצן האָט געשראָקן די קינדערלעך מיט שדים און וואוקעלאַ־קעס. ביי איר איז פון יעדן חטא׳ל פון א קינד געוואָרן א שד׳ל וואָס "איז געוואקסן מיטן קינד צוזאמען". די רביצין פלעגט זיך אָפּט קלאָגן אויף דעם באהעלפער, וואָס "פרעסט אויף די וואַרמעסן ביי די קינדערלעך און איר קומט גאָרניט אָן דערפון"...

אלע דריי, רבי, רביצין און באהעלפער, האָבן איינגעלערנט מיט די קינדערלעך אז "מע טאָרניט אויסזאָגן פונעם חדר"...

מאמעס פלעגן, צומאָל, וועלן דערוויסן זיך פונוואנען דער בלויער צייכן איבערן בעקל ביים יינגעלע האָט זיך גענומען, אָבער דאָס קליי־נע מיילכל איז געווען פארמאכט...

— פון גאָרניט, מאמעניו, פון גאָרניט. אזוי זיך. עפעס א שיי־געץ האָט א פּאָך געטאָן מיט דער בייטש ווען איך בין געגאנגען ברענגען דעם רבין טאטין פאר צוויי גראָשן און דאָס האָט מיר גע־מאכט א סימן...

— שווער זיך, מיין קינד, אז דאָס איז אמת...

— שווערן זיך טאָר מען ניט, מאמעניו, טאָר מען ניט, דער רבי האָט געזאָגט אז מע טאָר ניט שווערן זיך...

אין די דרדקי חדרים פלעגט זיין א גאָר באזונדערע שטראָף: שטייען אין קונע. די דאָזיקע "קאָפּצירונג" האָט ניט אויסגעזען אָר־מעטום אלצאיינס. אין מיין געגנט פלעגט זי ביי דרדקי מלמדים ליגן גרייט אויפן בוידעם און פון דאָרט ארונטערקומען צו עקזעקוציע. זי איז געווען ארומגעקלעפּט מיט פעדערן פון הינערשע פלעדערווישן פון פארשידענע פארבן. פון דעם שולדיקן האָט מען אראָפּגענומען די מייטקעלעך, דעם הינטערשטן ברעג פונעם סטענדל צוגעשפּיליעט צום קראַגנדל פונעם העמד. אזוי פלעגט ער מוזן דורכשפּאצירן "קאסטרוי", צווישן צוויי שורות יינגעלעך און אויסהערן שימף־ווער־טער וואָס דער באהעלפער האָט פארפריער אָנגעזאָגט, און כאפּן שמיצ־לעך אינעם וויהייסטמענעסל.

די חרפה פון קונע איז געווען אזוי גרויס אז, צומאָל, פלעגט א יינגעלע קראַנק ווערן, באקומען קאָנוואולסיעס און בלייבן אין בעט לענגער. מערסטנס האָט ער זיך ניט אומגעקערט אין זעלביקן חדר אריין...

א גרויסער שאנדוואָרט איז אין חדר געווען "געשמיסענע"...

זייער זעלטן, אָבער דאָך האָט געטראָפן, דאָס א יינגעלע האָט נקמה גענומען פון זיין רבין פאר דער קונע. איינער פון מיינע משפחה־קינדער אין פעלשטין האָט זיין שכור־איינגעשלאָפענעם רבין אָפּגעשוירן די באָרד. דאָס יינגעלע איז נאָך דער מעשה אנטלאָפן

אין א נאָענטן דאָרף צו א פעטער א קרעטשמער וועלכער האָט אים געראַטעוועט פונעם טאטנס שמיץ.

אָבער דער חדר איז מיט זיינע אלע חסרונות געווען דער יסוד פון ווייטערדיקער אנטוויקלונג פארן יידישן ייִנגעלע, און נאָך מער, געווען דער קינדערגאָרטן פאר אים, דער שפּילפּלאַץ און אָנרעגער צו דערפינדונגס־פעאיקייטן, צום אָפּטאָן שפּיצלעך, אָפּרעכענען זיך מיט וועמען, אד"גל.

כמעט אין יעדן חדר איז געווען א רירעוודיק און באוּוירקנדיק ייִנגעלע וואָס איז פון די קינדערלעך דערהויבן געוואָרן צו דעם "טשין" (טיטל) יעדנעראל, דאָס מיינט פארן היינטיקן לייענער גענעראל. פארשטייט זיך אז אלע אנדערע קינדער אינעם חדר האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט סאָלדאטן, אָדער זעלנערס. יעדעס ייִנגעלע האָט פארמאָגט א ברעטעלע, א שטעקל וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען ביקס אָדער שווערד. אונטערן גענעראל זיינען געווען אָפיצירן. אין צייט פון "דינסט" און מארשרוט זיינען די זעלנערלעך געווען א "רע־גולערע" ארמיי. געווען איז דאָס פאר אייניקע א שפּיל, פאר אנדערע א מיטל צו פירן מלחמה. עס האָט אָפּגעהאנגען פונעם פירער. א הייסער פירער האָט געמאכט מלחמה'ס, חדרים האָבן זיך פארמאסטן אין א שבת, הינטער דער שטאָט, אין א וועלדל, און עלטערע, מער געוואגטע, "פוניענערזייט טייך"...

עס פלעגן געשען ברוגזן צווישן קינדערלעך. לאנג האָט אזא צושטאנד ניט אויסגעהאלטן. אוים איז דער רוגז געוואָרן ווען דער באהעלפער האָט זיך אריינגעמישט און באפוילן דעם ייִנגערן איבער־בעטן דעם עלטערן חברל. ווען דער רוגז האָט זיך פארצויגן לענגער פלעגן די קינדערלעך ניט אויסהאלטן און אָנהייבן רעדן צווישן זיך אויף "ער"; זאָל ער מיר געבן זיין גרין גלעזעלע; זאָל ער שפּילן מיט מיר אין עקעלע־שטעקעלע; זאָל ער א בים טאָן פון מיין ברויט מיט האָניק און איך וועל א בים טאָן פון זיין ברויט מיט איינגע־מאכטס...

נגידישע קינדער פלעגן ניט זיין אָפּגעפּרעמדט פון קבצנישע, אויב נאָר דער באהעלפער האָט ניט אויפגעגעסן דעם גרעסערן טייל פונעם נגידישן וואַרמעס ביים ייִנגעלע, פלעגט דער לעצטער, על פי רוב,

פאַרלייגן זיין אָרעמען חבר'ל א ביס טאָן, א ביס מיט "א שטיקעלע", אָדער גאָר זיך בייטן מיט די וואַרמעסן. וואָרמעס אין חדר האָט גע־הייסן דער דריי־פיר א זייגערדיקער איבערבייסן פון די קינדער...

די גמרא־יינגלעך האָבן געהאַט גאָר אַנאַנדערן אָרט לעבן אין חדר; זייער פּאָזיציע האָט ניט דערלאָזט קיין "הפקרות" אין שפּילן און צווישנבאַציאונגען; זייער קאָנטאַקט מיטן רבין איז געווען א מער "דערוואַקסענער", אָבער די עקזעקוציעס פון חדר האָבן פאַר זיי ניט אויפגעהערט. ביים גמרא־מלמד זיינען קיין ספּעציעלע באַ־שטראָף־אינסטרומענטן ניט געווען. האָט א יינגל ניט אויסגעלערנט גוט זיין שעור, האָט ער געכאַפּט א פּראַסק אין "פּיסק" פון זיין גיים־טיקן מורה דרך. עס האָבן געליטן אויך די אויערן. דערציילט האָט מען ווי א בייזער מלמד, אָבער א "געהויבענער" ייד, האָט זיינעם א תלמיד אָפּגעדרייט אַן אויער. איך קאָן דאָס ניט באַשטעטיקן, דאָך ביי מיין פאָטער אויף דער באַק געדענק איך א טיפן סימן פון א געהאַקטן שניט. ער פלעגט דערציילן אַז דער רבי האָט אים איינמאָל דערלאַנגט מיטן ציבעק אין געזיכט און אויפגעשפּאָלטן די באַק...

שפּעטער מיט יאָרן ווען איך בין געווען שוין נאָך בר־מצוה איז דער דערמאַנטער רבי געקומען צו מיינע עלטערן "דערוואָרעמען זיך" און געהאָלפן ווערן מיט שפּייז און געלט. דעם מנהג האָבן געהאַלטן א סך געוועזענע גמרא־מלמדים. איך האָב דעם זקן אָנגעוויזן אויפן טאַטנס שניט אין באַק, דער אַלטער האָט האַרציק געלאַכט...

— מ'האָט געמוזט, אַניט וואָלסטו געהאַט א טאַטן אַן עם הארץ...

## דער אונטערשיד פון דור הולך ביז דור בא

די ייִדעס האָבן נאָכדערציילט פון די עלטערזיידעס אַז קיין חילוק איז גאָרניט געווען: פרומע דורות נאָך פרומע דורות. אַלע דורות זיינען געווען אריינגעראָטן איינע אין די אַנדערע...

אַנדערש איז שוין געווען מיין פאָטערס דור: צוגעמשכילט, היי־מישער מיט דער וועלט, מיט דעם לאַנד און זיין שפּראַך. אָבער ביים יידישן טיש האָט זיך געהערט די יידישע שפּראַך, וועלכע האָט ענג

פארבונדן עלטערן און קינדער. יידישע ליטעראטור האָט געבליט. יידיש איז געווען די נאציאָנאלע שפּראך פון יידן אין גלות רוסלאנד, פּוילן, ליטע, גאליציע און אנדערע לענדער. זיידעס מיט אייניקלעך זיינען געבליבן חברים, באבעס מיט אייניקלעך חברטאָרנס. יידישער המשך האָט קיין איבערגעהאקטע וועגן ניט באַגעגנט, "יידישע שיפן זיינען ניט אונטערגעגאנגען"...

אין דער נייער צייט פון נאָך לינעצקין, פון נאָך מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ, האָט יידיש לשון צוגעגעבן פיל חן די יידישע טראַדיציעס. געמאכט אונדזערע ימים טובים אויסקוקן נאַציאָנאַל, יומטובדיק, מאָדערן און אָנציעענדיק...

און איך פארטראכט זיך איבער דער פראגע צו מעג א יידישער מעמואריסט ביי זיינע אכציקער יאָרן פרעגן ביי דער אונטערקומענדיקער יידישער יוגנט אין די גלות־לענדער: — וועט איר אונדז אומקערן דאָס אלץ וואָס מיר האָבן, אין לייזן פון יידישן קיום, אייך אונטערגעטראָגן צו קאָנען ווייטער שפינען דעם גאָלדענעם פאָדים אין פרעמדע לענדער?...

---

# קאַפּיטל איינס

איך קום נאָך דעם ווילן פון מיין פאָטער און זיינע ברידער צו פארצייכענען דאטעם פון אונדזער סדר הדורות אין דער משפחת כהנים היילפּערין.

לויט משפחה־מסורה שטאמען מיר פון רש״י (רבנו שלמה יצחקי), פון זיין דריטער טאָכטער, די פרוי פון רב מאיר. רש״י האָט זיך מתיחס געווען אויף שפטיה׳ן, דער צווייטער זון פון אביגיל, די צווייטע פרוי פון דוד המלך. געווען איז רש״י דער דרייי און דרייסיק־סטער דור פון רב יוחנן הסנדלר, דאָס אייניקל פון ר׳ גמליאל הזקן, וועמעס פאָטער איז געווען רב שמעון הנשיא און דער זיידע, הלל.

פון רב מאיר׳ן, רשים איידעם, שטאמט רב אלחנן דמן היילברין (פיליכט דערפון שפעטער היילפּערין), ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם בעת דעם ערשטן קרייץ־צוג, מיט אים אויך פארברענט געוואָרן די פארמעטן פון דעם סדר הדורות. רב אלחנן איז געווען איינער פון די בעלי־תוספות. זע תוספות אין גמרא ברכות דף ס׳ה, עמוד ב׳; גמרא בבא קמא, דף קי׳ט, עמוד ב; גמרא שבועות, דף ס׳ה, אדער כ׳ח.

נאָענטער צו אונדזער צייט, זענען אין דער כוהנים־משפחה היילפּערין פאראן גדולים ווי ר׳ אברהם היילפּערין, דער איידעם פון

ר׳ לייבוש אווערבוך פון סטאניסלאוו; אויך ר׳ נפתלי כץ, ר׳ שמעלקע ניקלשפורגער, דער ב״ח, א״א.

---

מיין פאָטער איז געווען ר׳ שלמה צבי היילפערין, מיין מוטער ראכל, געבוירן סטערניק, א דורות׳דיקע משפחה פון וואלדהענדלערס און מאיאָנטעק־פאכטערס.

איך בין געבוירן אין חצי כסלו, 10 נאָוועמבער, תרלב, 1871, אין א דאָרף קאָרעשטאָפּאָווקע, וואָלין. מיינע ערשטע דריי יאָר זיינען אריבער אין דאָרף קאראסטאוו, נאָנט צו וואלאטשיסק, א גרעניץ־שטעטל ביי עסטרייך. פון דאָרט בין איך צוגענומען געוואָרן צו מיין מוטערס פאָטער, נחמיה סטערניק, א רייכער פּאָסעסאָר, א למדן, אין א דאָרף קליניני, אין די דערמאָנטע וואָלינער געגנטן. מיינע עלטערן זיינען איבערגעפאָרן אין א דאָרף בראניוווקע, פּאָדאָליע, די קרייז־געגנט פון פּראסקוראָוו. אין מיין זיידנס פאכט־מאיאָנטעק זיינען געשטאַנען קאָזאקן. מיט זיי האָב איך מארשירט, מיליטעריש געפאכטן מיט דער האָלצערנער שווערד און מאנעווורירט א שפּיז א קינדערשע. יידן און פויערים האָבן מיך געלויבט פאר מיין קאָזאקישן רייטן און גערופן קליינער קאָזאקל.

ביי דער עלטער פון א יאָר זעקס בין איך צוריקגעקומען צו מיינע עלטערן, דאָרט געחברט זיך מיט די פּויערשע קינדערלעך, געוואָרן זייער מיליטערישער אויסבילדער און אָפּגעלערנט זיך פון זיי וואָרפן שטיינדלעך אין פארבייפאָרנדיקע יידן.

עס איז אזוי א יאָר אריבער. מיין פאָטער איז דערשראָקן געוואָרן פאר מיין גויאישקייט, האָט ער מיך ווידער אָפּגעגעבן צום זיידן, אין א שטעטל, שוין קופּעל. דאָרט בין איך נתעלה געוואָרן. איך האָב אָרגאניזירט די חדרים־קינדער, געמאכט פּאָלקן, אָפּיצירן, ״יערנעראלן״ און אליין דערהויבן געווען צו ״קיסר״. אינעם משך פון איין זמן בין איך איבערגעוועון ביי פינף מלמדים. דער סוף איז געווען אז מיינע

טאטע־מאמע זיינען געקומען און מיך אוועקגעכאפּט פון מיין שטעטל־דיקער טעטיקייט.

אין בראניוועקע, ווידער, איז דער ענין געגאנגען אלץ מיט מיין דרך. מלמדים האָבן ניט אויסגעטראָגן מיין הנהגה. גערעדט האָב איך אוקראייניש, געטיילט אויף העלפט די שגצימלעך אין דאָרף און געפירט "מלחמות". די משפחה האָט שוין גערעדט וועגן מיר ווי וועגן א "פאר־לוירענעם". האָט מיין פאָטער דעמלט, אין א חול המועד פסח, באַ־שלאָסן צו באהערשן מיך. ער האָט פון פּראָסקוראָוו געבראכט א לערער מיטן גאנצן געזינדל זיינעם. גוט באַלוינט אים, געמאכט א טערמין פון פינף יאָר ביז דער בר־מצוה מיינער. דער לערער האָט זיך דער־קלערט מיר אלס חבר. צו זיין גליק איז דעמלט צו אונדז געקומען א קרוב צום אויסרוען און האָט מיך פאראינטערעסירט מיט מעשה'לעך וועגן שלעכטע און גוטע קינדער. די שלעכטע זיינען אויסגעוואקסן גזלנים, די גוטע אזוינע ווי מיין זיידע, אָבער האָבן געריטן אויסגעציי־כנט, געשוואומען ווי פיש אין וואסער און געשפּרונגען איבער בערג ממש. ס'האָט געווירקט. מיין רבי האָט דאָס אויסגענוצט. איך בין שנעל געוואָרן א "גוטער יינגעלע". צו ניין יאָר געלערנט חומש מיט רש"י, צו עלף געווען א געלויבטער בעל־תנ"ך און צו דרייצן שיר ניט א עלוי. איך בין געווען בארימט מיט מיין דקדוק, מיט קענען אויסנווייניק דריי פערטל פון גאָרדאָנס שירים, פּאָעמען פון פּושקינען, מיט לייענען דייטש און שרייבן העברעאיש אָן גרייזן. מיין בר־מצוה־דרשה האָב איך אליין מחבר געווען. די פעאיקייטן צום האלטן רעדעס זיינען בא מיר געווען שוין בולט. דערצו א למדן, ממש א למדן אין שמ"ר'ס ראָמאנען. מיך האָט מיין פאָטער באשלאָסן צו מאכן פאר א רב, א ראבינער. דערצו האָבן געזאָלט גילטן רב יצחק אלחנן, דערנאָך דער סעמינאר פון דר. עזריאל הילדעסהיימער אין בערלין, כדי אויסשטודירן "אויף ראבי־נער", אפשר מיט א כסא הכבוד אין א בערלין, א לאָנדאָן. מיין פאָטער האָט מיך אָפּגעפירט קיין גריידונג. מיין גריידונגער פעריאָד און טעטיקייט קאָן שוין דער לייענער פון די פריער'דיקע בלעטלעך פון

דעם דאָזיקן בוך. פון גריידונג בין איך אהיימגעקומען מיט א קראנק־הייט און א יאָר פארלוירן ביז צום געזונט ווערן.

— איצט וויל איך פאר א לערער יוסף מיכל האַלץ!

יוסף מיכל איז געווען א בראָדער, משמע א משכיל מיטן קלונג. ער האָט געקאָנט אויך פיין פּויליש און דייטש. דערצו גערעדט העב־רעאיש. מיין פאָטער האָט מסכים געווען אַן גרויסן השק, איך אָבער בין נאָך א יאָר לערנען מיט האָלצן געקומען צו פארשידענע באשלוסן, דער עיקרדיקער פון זיי: — ניט ווערן ניט א רב, ניט א ראבינער...

איז נאָך יוסף מיכלען געקומען אין דאָרף אריין ווידער רב ישראל אברהם. עס האָט געקאָסט א "הון רב", אָבער מיין פאָטער האָט קיין אנדערע עצה ניט געהאט. איך האָב מיין אלטן רבין ליב באקומען, ער איז געווען טאָלעראנט, געלערנט מיט מיר תלמוד, פוסקים, פילאָזאָפיע, און מוסר־ספרים. דערצו אויך דעם פרדס און זוהר. פון די לעצטע האָב איך אָנגעהויבן פאנטאזירן וועגן דער קראפט פון "שמות און צרופים" כדי צו באווייזן וואונדערזאכן. מיין רבי האָט דאָס באמערקט און אָפּגעהאקט מיט מיסטישע לערעם.

— איך האָב ניט געוואוסט, מיין קינד; פאר דיר איז דאָס פקוח נפש...

אינצווישן איז אָנגעלאָפן דער זמן פון ווערן חתן. עס האָט גע־האלטן ביי מיין זעבצנטן יאָר. די מוטער האָט געפילדערט אז איך ווער איר א "בעלמע" אויף די אויגן; ווי לאָזט מען דאָס אזא דער־וואקסן קינד אומגיין אָן א וועג צום תכלית?

מ'האָט אָנגעפאנגען אינטענסיוון קאָנטאקט מיט שדכנים, געקו־מען אָנקוקערס, פארהערערס, מבינים, איך האָב זיי געטריבן פון זיך, אָבער געהאָלפן האָט דאָס ווייניק. עס איז געקומען צו א שדוך, "א זווג מן השמים". די מיידל האָט געלערנט תנ"ך, מיר האָט דאָס אימפּאָנירט. איך האָב אָבער באשלאָסן אז קודם מוז איך זען די כלה, ניט ווערן א חתן "בלינד"...

מיין פאָטער דערווייל האָט געשיקט אן אָנקוקער, אן אויספאָר־שער. דער ענין איז געווען אין מרחקים, בעסאראביע. ער האָט דורך בריוו אויסגעפירט דעם סכום פונעם נדן, די יאָרן קעסט און דאָס באגעגענען זיך אויף האלבן וועג. מיר זיינען זיך צונויפגעפאָרן קיין

אוסטיע, פון יענער זייט דנעסטער. דאָרט האָב איך אָנגעקוקט, מער געהערט, ווייל דאָס מיידל האָט דערמאָנט א פּסוק אין ישעיה. מיר זיינען זיך געפעלן, א סמן — מ'האָט אינעם זעלביקן אָוונט געשריבן תנאים און... עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז לעקעך און פלאָדן האָבן ביידע מחותנתטעס געבראכט מיט זיך פּארטיקע; די עלטערן האָבן שוין מקודם אלץ באשלאָסן. איך האָב דערפילט זיך א ביסל אָפּגע־שווינדלט אָבער קיין תנאים "רייסט מען ניט"...

אינדערהיים האָט מיך דערוואַרט א טרויעריקע בשורה. מיינע שידים פון פערצן יאָר אָן זיינען אין א שרפה פארברענט געוואָרן, אזוי אויך א טאָג־בוך אין יידיש. איך האָב געטרויערט ווי אן "איכה ישבה'ניק", מיין פאָטער האָט געפונען דערצו די תרופה: ער האָט מיך געשיקט מיט זיינעם א פריינד קיין ווארשע אויף עסן־לעבע וואָכן.

א גאָלדענע צייט געווען פאר מיר. ביי דעם בוכהאנדלער אליעזר יצחק שפּירא, פון וועמען אלע שטעטלדיקע יינגלעך אין אוקריינע האָבן אויסגעשריבן ספרים, האָב איך קענען געלערנט די מחברים. דער געבעכדיקער אויסזען זייערער האָט געוועקט אין מיר רחמנות. שפּירא האָט דאָס באמערקט און געראָטן מיך בשום אופן ניט צו ווערן א מחבר.

— די מלאכה איז אן אומגליק, אן אייביקע קבצנות. ווען דיין פאָטער איז א מחבר קומסטו ניט קיין ווארשע, און אוודאי ניט מיטן צווייטן קלאַס...

חיים זעליג סלאָנימסקי, וועמען איך האָב באזוכט מיט יראת הכבוד, האָט מיר דאָס זעלביקע איינגערעדט, ממש געבעטן זיך ביי מיר איך זאָל דערפון ניט קלערן...

---

## קאַפּיטל צוויי

אין 1891 האָב איך חתונה געהאַט. מיין שווער האָט געהייסן נפתלי קארמאנסקי פון א משפחה גערופן די טאבאנער. א חסידישער ייד מיט ברידער חסידים פון דעם סאדיגורער רבין. מיר איז אויס־געקומען צו האָבן א קליינעם קאמף אנטקעגן פאנאטיזם, איך האָב אלעמען לייכט באקעמפט צוליב מיין אייגענער לומדות. אין 1892 האָב איך מיך באזעצט אין יעדינעץ, כאטינער קרייז אין בעסאראביע, גע־דונגען שפייכלערס און געוואָרן א סוחר פון תבואות אין גרעסערן מאסשטאב. דער זול איז אויף תבואות געווען גרויס, מ'האָט געהאט ספעקולאטיווע אויסזיכטן, אָבער דער זול איז געוואקסן און איך האָב, אַן גרויסער פארלוסט אין צייט, לייכט אָנגעווואוירן מיין רייכן נדן. מיין פאָטער האָט מיך געשטיצט מיט עטלעכע טויזנטע רובל, דאָך געהאָלפן האָט דאָס ניט...

מיינע מיסדערפאָלגן האָבן מיך ניט פיל באזאָרגט. מיין אמביציע איז געלעגן אין געזעלשאפטלעכער ארבעט און אין אויפטועז פון השכלה.

מיר, איך און מיין געוואָרענער הארצפריינד יהודה שטיינבערג, וועלכער איז דאָרט געווען לערער אין א נגידישער שטוב, האָבןביידע געארבעט. איך בגלוי, ער בסתר. ערשטנס האָבן מיר אוועקגענומען די גבאות פון א תלמוד־תורה ביי א בעל־חזקה דערויף. באלד געדונגען א

בעסערן דרקי־מלמד און געלאָזט לערנען די עטלעכע אָרימע קינדער איינעם שטעטל. שפּעטער האָבן מיר מיט דער הילף פון די באַלמעלאָכעס ארונטערגעריסן א סטאַראָסטע און געוויילט א נייעם, א משכיל. אויך א ביבליאָטעקל האָבן מיר געשאַפן, געהאַט פּאַרבאָרגענע לייענערס צווישן די דערוואַקסענע יונגלעך. צו מיר אין שטוב פלעגן שבת נאָך טיש, עטלעכע אריינקומען און בייוואוינען מיינע שמועסן מיט שטיינבערגן, אימער צו אויפקלערונג.

אין 1893 איז א פריינד געפאָרן קיין ווארשע און מיטגענומען שטיינבערגס משלים "בעיר וביער" אין מאַנוסקריפּט צו מבינות. אויך איך האָב מיטגעשיקט מוסטערן פון מיין שרייבן צו פּרץ׳ן. דוד פינסקי, אַן אָנפאַנגער נאָך, האָט מיר געמאָלדן וועגן נשיאת חן און באַגריסט מיך ווי אַן אויפקומענדיקן שרייבער. באַלד האָב איך באַקומען א בריוו פון דינעזאָנען אין פּרץ׳עס נאָמען צו קומען אין ווארשע שאַפן מיט אים, פּרץ׳ען, א פאַרלאַג צום ארויסגעבן קליינע העפטן ליטעראַטור לויטן מוסטער פון בן אביגדור׳ס "ספרי אגורה". דערביי וועט מיר לייכטער זיין אנטוויקלען מיינע שרייבערשע פע־איקייטן. איך האָב זיך אָבער, דערמאָנט אָן די וואָרנונגען פון סלאָ־נימסקין און שפּיראָן, אויך אָן דעם מיסדערפאָלג אין פריערדיקע אונ־טערנעמונגען, און דאָס אַלץ, האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון שטרעבן צו שרייבעריי.

אין 1896 בין איך אָפּגעפאָרן קיין סואוואַלק באַטייליקן זיך אין דער ארבעט פון מיין שוואָגער און פאָטער ביים בוי פון מיליטערישע קאַזאַרמעס. מתחלה בין איך אויפגעמונטערט געוועזן מיט דער נייער אומבאַקאַנטער סביבה פון אונטערנעמערס, מיט מיליטערישע קאָמי־סיעס פון גענעראַלן, אינזשענערן, קאָנטראָלערן און באַאַמטע. די פּאָד־ריאַטשיקעס האָבן געצאָלט כאַבאַרן צו די אויסגערעכנטע אדונים, וועלכע האָבן אַלץ געבראָכן זייערע פאַרשפּרעכונגען און געמאַכט אַלע־מאָל נייע שוועריקייטן כדי ווייטער און ווידער צו שינדן די הויט.

די יידישע געזעלשאַפט אין סואוואַלק האָט מיר זייער ווייניק גע־געבן. זי איז געווען א קאָנסערוואַטיווע, ניט פאַרמאָגט קיין אינטערע־סאַנטע יידישע אינטעליגענץ, הגם אין שטאָט זיינען געווען גימנאַזיעס פאַר ביידע געשלעכטן. דער אָרט לעבן איז געווען אַן אַלטמאָדישער.

נייע איניציאַטיוועס זיינען דאָרט נישט אויפגעקומען. עס האָט בלויז א בויטע געטאָן די "גנילאַפּיאַטעוועקע", הערצלס "אַלטניילאַנד" דורך די זכוחים ארום דעם. געווען א פאַרטרוימטער עולם מיט דער שיינער פּערספּעקטיוו, געווען אויך משכילים קעגנערס צוליב די פאַרשידענע משיחישע פּעריאָדן אינעם יידישן לעבן און די ירידה'ס נאָך זיי. —

---

# קאַפּיטל דריי

סוף 1897 האָב איך מיך אומגקערט קיין יעדינעץ צו מיין געזינדל. איך בין געווען אנטוישט און מיד פון דער "עבודה זרה" אין סואוואלק. מיין פאָטער האָט מיר פאַרגעשלאָגן איבערנעמען ביי אים דעם פאכט פון בראָניוּוקע וואָס האָט נאָך אַלץ געדויערט אינעם זכות פון כאבאר צו פּאָליציי. איך בין געווען צופרידן מיט דער פּערספּעקטיוו בכלל און מיטן אומקערן זיך אין דאָרף אריין. עס האָט פארשמעקט מיט דער פּאָעזיע פון רואיקן לעבן און מיט דעם געזאנג פון גרינע פעלדער...

פאר "לאפּקעגעלט" אין רייכע סכומים צו אויבערשטע אדונים, און קלענערע סכומים צו אונטערשטע, האָב איך צוריק באקומען מיינע רעכט צו וואוינען אין דאָרף. מיינע פויערשע עלטערגענאָסן דאָרט האָבן מיך אויפגענומען בשמחה רבה: א זייעריקער ווערט דער פאכ־טער פונעם מאיאָנטעק.

דערוויי'ל איז אינעם ערב פּסח'דיקן סעזאָן אונטערגעלאָפן דער אָנהייב פון ברייטער פּראָפּאַגאַנדע לטובת ציוניזם. איך בין גערופן געווען פון מיינע עלטערנס וואוינשטאָט פּראסקוראָוו צום העלפן אָנ־פירן די טעטיקייט. באלד איז אָנגעקומען אהין דער בארימטער מגיד יעווזעראָוו, און אין טעג ארום דער התלהבותדיקער שיינקין. איך האָב באוואויגן צענדליקער יונגעלייט צו מיטארבעט, הונדערטער יידן זיינען געקומען אין דער שול אריין הערן די רעדעס. די שמחה האָט

געשטיגן צו די הויכן. מלמדים האָבן געטאַנצט מיט לערערס פון די יידישע רעגירונגס־שולן, שטודענטן מיט גבאי׳טעם אין א רעדל. אין די מאָרגנס זיינען פאר די טירן פון עסקנים געשטאַנען רייען יידן צום פארשרייבן זיך קיין ארץ ישראל.

נאָכן רעש איז געקומען פון קיעוו די איינלאַדונג צו דעם "ערשטן אלאוקראַינישן ציוניסטישן צוזאמענפאָר". דעם 8־טן אפריל האָט ער זיך אָנגעפאנגען אונטערן פאָרזיץ פון דעם טייערן יידן, דר. מאנדעל־שטאם, געוועזן סעקרעטאר איז לעאָ מאצקין. געהערט האָבן זיך פלאַם־פריערדיקע רעדעס, אָנגענומען געוועזן ברכה׳דיקע רעזאָלוציעס. שישי ושמחו האָבן געזונגען טיש און בענק און ווענט און פענסטער. צע־זעגנט האָט מען זיך מיט "לשנה הבאה בירושלים".

מיין ראַפּאָרט צום עולם אין פּראָסקוראָוו האָט קיין התפעלות ניט ארויסגערופן, יידן האָבן דערוואַרט טערמינען ווען שיפן וועלן אָפּגיין קיין ארץ־ישראל.

— מיינע טייערע יידן, — האָב איך געמאָלדן, — אלץ וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען ווערט איבערגעגעבן צו דר. הערצל, עס וועט נאָך פאָרקומען א קאָנגרעס פון דעלעגאַטן מכל תפוצות ישראל.

— נו, — האָט זיך דערהערט פונעם פּובליקום, — אז מע מוז נאָך וואַרטן וועט מען וואַרטן.

אין בראַצלאַוועס האָב איך מיט גוטן דערפאָלג דורכגעפירט פינף יאָר פאָכט און ווירטשאפט, געוואָרן באַדייטנדיק געקרעפטיקט פינאַנ־ציעל און א סך געוואונגען דורך די ווינטערן אין שטודיום פון פאַר־שידענע געביטן. צו דער ענד האָב איך מיך באַוואָרנט מיט רעפּרע־זענטאַנצן פון פאַבריקן פאַר בעסאַראַביע. איך בין געפאָרן צו מיינע עלטערן נעמען ברכה און פון דאָרט געזאָלט פאָרן ווייטער קיין קישי־נעוו צום דינגען א וואוינונג און לאַגערן פאַר סחורות. אָנגעקומען איז באַלד אויף מאָרגן פון קישיניעוו א טעלעגראַמע וועגן דעם פּאָגראָם דאָרט און אין אַנדערע שטעט. פון אַלע פּלענער איז געוואָרן אויס, איך בין פאַרבליבן צום העלפן אין זאַמלען שפּייז און בגדים פאַר די פּאָגראָמירטע. אין א פּאָר טעג ארום באַשלאָסן מיט מיין פרוי אז איך זאָל פאָרן קיין אמעריקע און דאָרט אָרגאַניזירן א מקור צו מחיה. מיינע עלטערן זיינען געווען קעגן דעם באַשלוס. מיין פאָטער האָט

מיר נאָכגעגעבן אז אפילו צוליב אלעמען אין דער משפחה איז מיין פאָרן צוועקמעסיק. מיין מוטער האָט ניט געוואָלט באגרייפן די נויט דרינען. אין חדשים ארום אין מאָמענט פון מיין צעזעגענען זיך מיט אלעמען האָט זי מיך אין טרערן "געשאָלטן".

— הער זיך איין, מיין זון, איך וויל דיך ניט ברענגען צום רעדן מיר אנטקעגן, אָבער פירן וועסטו מיין ברכה מיט, חלילה, א קללה. דו זאָלסט פאָרן געזונטערהייט בשלום און... קומען אהין געזונט, און דאָרט אָפּלעבן עטלעכע חדשים געזונט און מיט... שלימזל אין אלע דיינע געשעפטן דאָרט. זאָלסט פארלירן דיין געלט וואָס דו פירסט אהין, זאָלסט מוזן קומען אהיים געזונטערהייט. דעם היזק וועלן מיר דיר אומקערן.

# קאַפּיטל פיר

אויף מיין וועג קיין ניו־יאָרק האָב איך באזוכט לאָנדאָן. אָנגע־קומען קיין ניו־יאָרק, זיינען פריינד און אייגענע פון מיין פרוי געווען גליקלעך. דאָרט איז קיין ספק ביי קיינעם ניט געווען אז די פּאָגראָ־מען האָבן זיך אין רוסלאַנד ערשט אָנגעהויבן.

איך האָב אָנגעהויבן ארבעטן אין א דראגסטאר כדי מיט דער צייט קאָנען פארוואלטן אזא אייגענע אונטערנעמונג.

מיינע ערשטע באקאנטשאפטן זיינען געווען דאָס גאסט־פריינד־לעכע הויז פון דוד פינסקי און זיין פרוי אדעלא, דער דיכטער יוסף יאפע און דער ארבעטער־פירער יוסף שלאָסבערג. שפּראַך־לערע האָב איך אָנגעהויבן ביי דעם סאָציאַליסט זאמעטקין. באקאנט געוואָרן מיט אנדערע שרייבערס אין "פאָרווערטס", אין "פרייער ארבעטער־שטימע". געזען באלד דאָס לעבן פון דעם דורכשניטלעכן יידישן שרייבער און איבערצייגט זיך אז די עצות פון אמאָל אין ווארשע בנוגע שרייבעריי מוזן בלייבן פאר מיר אין זייער ווערט...

די געשיכטע מיט ווערן דראגיסט איז עפּעס ניט צום הארצן גע־וואָרן. איך האָב באנייט די ארבעט פון זוכן פּלענער. איך מיט א גוטן פריינד זיינען אָפּגעפאָרן קיין פּראָווידענס, ראָד איילענד, גע־עפנט א פאבריק פון סעזאָן־סחורה. איך בין געווען נאָך אָן שפּראַך, מיין שותף א טייערער מענטש, אָבער אָן פּראַקטיק אין לעבן. מיר

זיינען נאָך פיר חדשים געקומען צום האַרעווען שווער כדי פּטור ווערן פון א שלי־מזל. די שפּיל איז געווען פאַרן טייוול. די עלטערן האָבן געשיקט בריוו מיט געבעט צו קומען אהיים: — ״קיין פּאָגראָמען יאַ־קאַש מאַכט מען ניט מער״. איך בין אָפּגעפאָרן פון ניו־יאָרק, דאָך ניט געוואָלט אומקערן זיך קיין רוסלאַנד פאַרשפּירנדיק דעם גיפטיקן אַנטיסעמיטיזם פון אלעקסאנדרס צייטן. איך בין פאַרבליבן אין בער־לין זוכנדיק צו טאָן דאָרט עפּעס פאַר חיונה ווענן.

אין בערלין האָב איך שטודירט די אונטערנעמונג פון א ״צאַנ־דער־אינסטיטוט״. מיך האָט א מעדיצינישער פּראָפעסאָר גראַטן דערצו און פאַרשפּראָכן שטעלן מיך אין קאָנטאַקט מיט א פּראָפּע־סאָר אין דער שווייץ וואָס וויל גרינדן אזא אינסטיטוט.

דערווייל האָב איך מיך באַטייליקט אין רעוואָלוציאָנערער פּראָ־פּאַגאַנדע צווישן די יידן רעזערוויסטן פון רוסלאַנד וואָס האָבן צו יענעם מאָמענט געציילט אין בערלין ביי אַכט טויזנט פּערזאָנען. אין רוסלאַנד וואָלטן זיי געמוזט גיין אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן. איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט ליבערן און דאַנען, די בונדיסטישע פּירערס. אויך מיט באָראָכאָוון, באַזוכנדיק זיינע וכוחים מיט די בונדיסטן. אלע האָבן גערעדט צוויי דריימאָל דורך דער וואָך אין די קעניגזעלע, בסתר פון דער דייטשער פּאָליציי וועלכע האָט געדינט די צאַרישע אינטערעסן. דאָרט האָב איך גערעדט און פאָרגעלייענט אלס ״בור־געזער״ רעוואָלוציאָנער.

איך האָב באַוויזן צו מאַכן א צופּוסיקן שפּאַציר איבער זאַקסן ביז דרעזדען אין דער קאַראַוואַנע פון יידישע סטודענטן. אויך באַזוכט פראַנקפורט־אם־מיין צו באַקאַנען זיך מיט דער דאָרטיקער יידישער אָרטאָדאָקסישער קאָלאָניע.

צו די לעצטע חדשים פון ווייַלן אין בערלין בין איך מיט א רעקאָ־מענדאַציע פון פּראָפעסאָר זאַבלודאָווסקי געפאָרן קיין בערן צו פּראָ־פעסאָר שער ווענן דעם פּלאַן פון אויפשטעלן אין ציריך א צאַנדער־אינסטיטוט. ער האָט באַשטאַנען צו אינוועסטירן די העלפט קאַפּי־טאַל, איך זאָל אריינלייגן בלויז צוואַנציק פּראָצענט און מיין ארבעט פון אָנפירן. עס האָט געהאַלטן ביי מיין ציל צו פאַרבלייבן וואוינען אין אייראָפּע.

א פרימאָרגן האָט געבראַכט די איבעראַשנדיקע ידיעה וועגן א קאָנסטיטוציע אין רוסלאַנד. אַלע פאַרמעסטן און פּלאַנען פון רוסישע בירגער עמיגראַנטן האָבן זיך טאַרמאַזירט. אַלע האָבן אין איילעניש געקויפט באַן־בילעטן קיין בערלין, אַלע האָבן זיך געוואונטשן צום "ווידערזען" אין רוסלאַנד...

מיינע עלטערן זיינען געווען גליקלעך. מיין פרוי האָט געשיינט פריילעך. מיינע קינדער, קליינע נאָך, האָבן באַגריפן אַז גוטס גייט אויף זיי. יידן, מיט זייערע קינדער, האָבן זיך געוואָרפן פיבעריק צו מיטלשולן. מיין פרוי מיטן עלטערן יינגעלע איז געפאָרן קיין אָדעס וואו מיר האָבן געהאַט פריינד. ער וועט אריין אין גימנאַזיע. וועגן חיונה איז ביי מיר געווען פּלאַן צו פאַכטן מאַיאָנטעקס, און עס זיינען וועגן דעם אָנגעגאַנגען פאַרהאַנדלונגען. אָבער עס האָט ניט געדויערט איבעריק לאַנג, און איך בין געפאָרן קיין אָדעס ראַטעווען מיין פרוי און קינד פון אומקום אין דעם ביטערן, ברוטאַלן פּאָגראָם אויף יידן.

דריי שרעקלעכע טעג האָבן יידן פאַרבראַכט אין דער רייזע מיט באַגעגענישן פון ברענענדיקע שטעט, פּעראָנען ביי די וואַגזאַלן פאַרגאָסענע מיט בלוט פון דערמאָרדעטע יידן. אין וואַגאָן פאַרבייפאָרנדיק סטאַציעס פלעגן קאָנדוקטאָרן קומען וואָרענען, אָדער שרעקן ניט צו קוקן אוים די פענסטער, טאָמער דערבליקן דאָס כוליגאַנעס און קומען שלעפּן די יידן פון די וואַגאָנעס צום הרגענען...

אין ראַזדיעלנע, נאָענט פון אָדעס, אויפן דריטן טאָג פון שלעפּן זיך איבער דעם וועג, האָבן מיר דערזען אינעם גערטל ביים וואָגזאַל א צוזאַמענגעוואָרפענע קופּע הרוגים, יידן.

אין טויטשרעק זיינען מיר דערפאָרן ביז אָדעס. אינעם וואָגזאַל האָבן שוין געהאַנגען פּלאַקאַטן פון דער פּאָליציי מיט דער מעלדונג אַז די אָרדנונג איז שוין איינגעשטעלט געוואָרן, אַז די שטערערס פון איר וועלן הארט באַשטראָפט ווערן און אַזוי ווייטער לויטן נוסח פון דער צאַריסטישער רעגירונג וואָס האָט צו פּאָגראָמען געהעצט און זיי אָרגאַניזירגט. איך בין ארוים צו דער גאַס, געזעצט זיך אויף א "דראָזשקע" און געהייסן פאָרן אויף אַן אדרעס. דער פורמאַן האָט געמאַכט דעם בייטן אויסדריי מיט זיין וועגעלע און גענומען פאָרן

שנעל צום "קוליקאָווער פעלד", א מקום פון באנדיטן. איך האָב דעם ענין באגריפן, גלייך אויפגעשפרונגען פון מיין זיץ, א כאפּ געטאָן דעם פורמאן פאר די אקסלען און אויסגעקערט אים ארונטער מיטן קאָפּ צו מיינע פיס. די לייצעס אין מיינע הענט האָבן מיר דער־מעגלעכט פארקירעווען צוריק און אָנהויבן פאָרן שנעל. מיטן וועג האָב איך גערופן א פּאָליציסט, ער האָט מיך באגלייט ביז צו דעם הויז און דאן אָפּגעפאָרן מיט דעם שולדיקן פורמאן צו דער פּאָליציי.

מיין פרוי און קינד זיינען געווען נאָך באהאלטן אין דער געגנט פונעם לאנזשעראן. באלד האָב איך אָנגעטראָפן יהודה שטיינבערגן און מיט אים צוזאמען באזוכט דעם בית עולם, וואו דריי הונדערט זעקס און דרייסיק הרוגים זיינען געלעגן און געווארט אויף קבורה. באזוכט אויך שפּיטאָלן וואו יידן און כוליגאנעס פארוואונדעטע זיי־נען געלעגן אין שכנהשע בעטן. די ערשטע האָבן געקרעכצט און גע־וויינט, פון די צווייטע האָבן זיך געהערט קולות פון חרטה, קללות און טענות צו רעגירונג וואָס האָט זיי געשיקט הרגענען יידן פאר בלויז פופציק קאָפּיקעס פון א קאָפּ. איינער האָט געשריען מ'ע זאָל אים מקבר זיין מיט די יידן צוזאמען, ער וועט דאָרט אויסבעטן ביי זיי מחילה: — יידן זיינען מוחל זייערע שונאים...

אין א סאלאָן פון דעם מעדיציניש פאקולטעט האָבן מיר אָנגע־ציילט פופציק טויטע כוליגאנעס דערמאָרדעטע דורך דער יידישער זעלבסטשוץ. ביידע מיר, איך און שטיינבערג, האָבן זיך איבערגע־קוקט צופרידן. אזא דערשיינונג איז אין דער פּאָגראָם־געשיכטע גע־ווען א נייע.

---

# קאַפּיטל פינף

אין יאַנואַר, 1906, האָבן מיר באַקומען ברכה פון די עלטערן און אָפּגעפאָרן קיין ניו־יאָרק מיט אונדזערן א פריינד, עזריאל עדלמאַן, אויך מיין יונגסטער ברודער דוד און א פּאָר קוזינען. אין ניו־יאָרק האָבן מיר באַזעצט זיך בכוונה נאָענט צו דוד פּינסקיס שטוב כדי צו האָבן פריינדלעכע חברותא. געקויפט בשותפות מיט עדלמאַנען און א דיפּלאָמירטן דראָגיסט א דראָגסטאָר אין ברוקלין פאַר א באַדייטנ־דיקער סומע געלט. דער פאַרקויפער האָט אונדז א ביסל באַשווינדלט, אָבער דער עסק איז געגאַנגען גוט.

אין יענע צייטן האָב איך געדרוקט אין "אַרבעטער" פון שלאָם־בערגן, און אין "צוקונפט" אונטער דער רעדאַקציע פון ווינטשעווסקין.

אונדזערע קינדער האָבן געמאַכט גוטע פאָרשריטן אין לערנען. מיר האָבן צוויי יאָר דורכגעלעבט אין ניו־יאָרק באַקוועם, און שלעכ־טע געשעפטן, אָבער מיין פרוי איז ניט אריינגעוואַקסן אינעם לעבן פון ניו־יאָרק. שטאַרק מיטגעווירקט צום בענקען צוריק האָט עדלמאַן, א גרויסער פּעסימיסט, מיט זיין שטענדיקער קריטיק איבער אַמעריַ־קאַניזם. די עלטערן האָבן גענומען שרייבן אז וועגן פּאָגראָמען איז ניט מער צו דענקען, און דערביי געוויינט און געוואָרנט אז אונדזער זיין אינדערפרעמד וועט זיי ברענגען צו אומקום. די פּינסקיס און קאַגאַנס, אונדזערע קרובים, האָבן אונדז געוואָרנט ניט צו פאָרן צו־

ריק. דוד פינסקי איז געווען גרייט אונדז לייען געלט, אויב עס נויטיקט זיך, צום זוכן אנאנדער באשעפטיקונג. עס האָט ניט פועל געווען, מיר האָבן באשלאָסן אומקערן זיך קיין רוסלאַנד.

אין פּראַסקוראָוו האָבן מיר אָנגעהויבן פון אָפּצאָלן א סך געלט כּאבאר צו דירעקטאָרן פון גימנאַזיעס און קאָמערצשולן כדי קאָנען אהין אריינברענגען אונדזערע קינדער. דאָס איז, פאַרשטענדלעך, אָנגעקומען מיט שווערער מי פון די קינדער אויסצוהאלטן עקזאַמענעס אויף "פינפן".

איך האָב אָנגענומען אין א אסעקוראַנץ-געזעלשאַפט די פאַרטרויִלעכע אויפגאַבע צו ליקווידירן פרידלעך פאַרדעכטיקע שרפות אין מאַיאָנטקעס ביי פּריצים. א יאָר האָב איך דערביי געאַרבעט און גוט באַלוינט געווען. נאָכדעם בין איך געפאָרן קיין ווארשע פאַרוואַלטן א קאָמערציעלע אונטערנעמונג פון צוויי יידן. דער עסק איז געלונגען. אָבער די שותפות האָט ניט אויסגעהאַלטן.

צוריק אין מיין היים האָב איך מיך צעשיידט מיט מיין ערשטער פרוי. מיר האָבן אָפּגערעדט לאַנג צו האלטן די געשעעניש בסוד, געוואוסט דערפון האָבן בלויז מיינע עלטערן און מיין פאָטערס א ברודער.

אין 1911 בין איך געפאָרן קיין מאָסקווע, מיין שוואָגער דאָרט האָט מעך געראָטן מאכן א פּרוּוו צו אָרגאַניזירן דווקא דאָרט אן אונטערנעמונג. דער באזוך האָט געגעבן רעזולטאַטן. אין פּראַסקוראָוו האָב איך אָפּגעצאָלט ערשטע "גילדיע", באַקומען א דערלויבעניש צו עפענען א באַנקהויז. דאָס ניט געעפנט. אין מאָסקווע האָב איך אויפן נאָמען פון א באַקאַנטן רוס, א דעמיסיאָנירטער קאָראָנעל, געעפנט אן אגענץ פון מיין "הויז" אין פּראַסקוראָוו, געווען דערצו א שותף איז א ברודער פון מיין שוואָגער, מאַקס פרידמאַן. מיר האָבן אָנגעקנופּט פאַרבינדונגען מיטן "תחום" און גענומען אויספירן קאָמערציעלע אויפגאַבן פון יידישע פירמעס דאָרט. עס איז געלונגען. די פאַרבינדונגען פון אונדזער שותף, דער קאָראָנעל, האָבן אויסגעהיט דאָס געשעפט פון ביזער באהאנדלונג מצד מאָסקווער מאכט. אויך דער זכות פון מיין שוואָגער אין מאָסקווע, א רענאָמירטער דאָקטאָר, האָט אונדז געהאָלפן. מיר, די שותפים, האָבן פון דער אונטערנע-

מונג געלעבט ביז צו דער רעוואָלוציע פון קערענסקין קעגן די ראָ־מאַנאָווס.

אין מאָסקווע איז א יידישע דרוק ניט דערמעגלעכט געווען, מחמת דעם וואוינפארבאָט לגבי יידן. דעריבער איז דאָרט קיין ליטעראַרישע אויסגאַבע ניט ארויסגעגעבן געוואָרן.

די "ניקאָלאַיעווסקי" יידן דאָרט זיינען געווען זייער סימפּאַטישע, רעליגיעזע, גאַסטפריינדלעכע. פאָרגעקומען זיינען איין־צווייטמאָל דורך א יאָר באַלן פון פאַרשידענע שיכטן איינוואוינערס דאָרט, און דעמאָלט אויך א יידישער באַל וואו די באַזוכערס זיינען געווען אויס־שליסלעך יידן. קיין אויסגעשפּראָכענער אנטיסעמיטיזם מצד דער רוסישער מאַסע איז ניט געווען. די באַגריניצונגען פאַר יידן אין רוסלאַנד זיינען געבליבן אומבאַגרייפלעך פאַרן מאָסקווער פּשוטן מענטשן, דער רוס. געווען דאַן זיינען א פינף און צוואַנציק טויזנט יידן אין מאָסקווע, פון זיי ביי פופצן טויזנט פון די געוועזענע קאַנ־טאָניסטן, אייגנטלעך שוין זייערע קינדער. די איבעריקע צען טויזנט האָבן געהאַט צווישן זיך די פאַר טויזנט דיפּלאָמירטע, יידן מיט אוניווערזיטעט־בילדונג, און דאַן "פּיראַווצעס", פאַלשע משומדים וואָס פלעגן אין העלזינגפאָרס, פינלאַנד, באַקומען טויף־שיינען פאַר הונדערט רובל פון א קאָפּ. די דאָזיקע משומדים האָבן געלעבט אין מורא פאַרן טויט אין מאָסקווע, טאָמער וועלן זיי באַערדיקט אויפן קריסטלעכן בית עולם.

---

## קאַפּיטל זעקס

אין דער מלחמה פון 1914־18 האָב איך מיך פאַרהייראַט מיט מיין צווייטער פרוי פון דער משפּחה אַוועערבאַך אין מאָסקווע. מיר האָבן זיך צוליב די נגישות פון פּאָליציי לגבי וואוינרעכט באַזעצט אין פּאָדאָלסק, זעכציק ווייאָרסט פון דער מעטראָפּאָל אין אן אייגע־נעם זומער־הויז. צוריק קיין מאָסקווע האָט אונדז געבראַכט די רע־וואָלוציע. איך האָב דאָרט אָנגעטראָפן בעל־מחשבות׳ן, ש. ראָזענ־פעלדן און אנדערע יידישע שרייבער, עס איז געוואָרן היימלעכער, אָבער אונטערנעמען עפּעס האָט מען ניט געקלערט, די יומטובדיקע, און די כמעט אומרואיקע שטימונג האָט ניט דערמעגלעכט קיין איני־ציאַטיוו. אין יוני פון דעם יאָר 1917, בין איך אויף דער רעקאָמענ־דאַציע פון בעל מחשבות און ש. ראָזענפעלד געוואָרן איינגעלאַדן פון דעם ״פּעטראָגראַדער טאָגבלאַט״ אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק גרינבוים. צווישן די שטענדיקע מיטאַרבעטער זיינען געווען ה. ד. האָרעוויץ, דער עקאָנאָמיסט, ש. אנסקי און בעל מחשבות. א קורצע צייט אויך ש. ראָזענפעלד. מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין סטילי־זירן די כראָניק פון פּעטראָגראַד און פּראָווינץ, אויך צו שרייבן פעליע־טאָנען. געדרוקט דאָרט האָב איך דערציילונגען און אַרטיקלען. האָ־ראָוויץ האָט מיך שטאַרק געשטויסן צום שרייבן, איך האָב אים גע־

פּאָלגט און אויסגעזען האָט עס ווי מיין גורל פירט מיך איבער דעם באַשערטן.

אגב האָב איך אין ערב מלחמה, 1914, געהאַט באַשלאָסן צונויפֿצו־שטעלן איינמאָל מיינע פֿריינד און אַרויסלאָזן אַ בוך מיט לידער. אויף דעם געביט האָט מיך געקאָנט אַ ביסל דוד פּינסקי בעת מיין זיין אין ניו־יאָרק. שפּעטער אין אָדעס ביאַליק, האָבנדיק געלייענט מיינע לידער אין די צייטונגען "גוטמאָרגן" און "שלום עליכם" פֿון משה טייטש. דער לעצטער האָט געלייענט אַ גרויסן טייל פֿון מיינע שאַ־פֿונגען. איך האָב, ענדלעך, געגעבן דאָס בוך צום דרוק אין וואַרשע ביי עדלשטיינען אויף לעשנע גאַס. אַלץ דאָרט באַוואָרנט. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָב איך באַקומען צו מוסטער אַ האַלבן בויגן דרוק מיט דעם פֿאָרוואָרט און עטלעכע לידער; מער ניט. די מאָבי־ליזאַציע צו דער מלחמה האָט געמאַכט אַנטלויפֿן עדלשטיינען און אַלע זעצערס, אַלץ רעזערוויסטן. אַ יאָר שפּעטער האָט מיר אַ פֿריינד געשריבן פֿון סאַראַטאָוו אַז ער האָט בשעתו באַקומען אַ דריטל, בערך, פֿון מיינע לידער, אָבער אין אַ בהלה'דיקן אַנטלויף פֿון קוטנע פֿאַר די אָנקומענדיקע דייטשן איז אַלץ פֿאַרבליבן ביי אַ ליטווישער גויע צו־זאַמען מיט זיינע זאַכן. די קאָפּיעס פֿון די לידער און שריפֿטן מיינע פֿאַר אַ צען צוועלף יאָר זיינען פֿאַרניכטעט געוואָרן בעת דער פּעטליו־רעווישער שחיטה אויף יידן אין פּראָסקוראָוו אין מיין פֿאָטערס אויס־געראַבעוועט הויז (1919).

אין פּעטראָגראַד האָב איך דורכגעלעבט די באָלשעוויסטישע רע־וואָלוציע און דערלעבט צום אָנקום פֿון באַלפֿורס דעקלאַראַציע. זי האָט אַרויסגערופֿן שאַרפֿע דעבאַטן צווישן די בונדיסטן און ציוניסטן (גרינבוים — ראַפּעס) און אין ציוניסטישע קרייזן גופא. געווען די פֿאַרטרוימטע מיט אַ "יאָ", און די קריטיקערס מיט אַ "ניין". ביי אידעלסאָנען אין שטוב איז די מחלוקה דערגאַנגען ביז גוואַלדעס. אידעלסאָן, אַ טייערער ייד, האָט אַלעמען איינגעשטילט מיט אַ שפּאַס.

— מיר, יידן, זיינען איבערגעקומען אַלע צרות, מיר וועלן איבער־קומען אויך די באַלפֿור־דעקלאַראַציע.

עולם האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.

דערווייל איז דער הונגער גרויזאַם אויסגעוואַקסן. מענטשן זיינען

מאָגער און קראנק געוואָרן. פלייש האָט מען אָנגעהויבן עסן פערדענע; פאר קעלבערנעם האָט מען פארקויפט הינטיש פלייש, אפילו קעציש. די צוגויפגעשאַרטע שנייבערג האָבן געבילדעט "קאטערדרעס" צום רעדן. געוערדט האָט יעדערער וועמן עס האָט זיך פארגלוסט. שיסע־רייען האָבן זיך געהערט אַלעווייל. א קויל האָט ארויסגעריסן ביי מיר מיין פעקעלע ברויט, איינער האָט זיך דערויף געוואָרפן, דאָס א כאַפ געטאָן און אנטלאָפן.

דאָס פעטראָגראַדער בלאַט האָט זיך נאָך געדרוקט אָן באזונדערע שטערונגען. ארום פעברואר, אָבער, איז זיין פּאָזיציע פּלוצעם געוואָרן געפערלעך, די יעווסעקעס האָבן אויף אים געוואָרפן אַן אומחן. איך האָב באשלאָסן אהיימפאָרן קיין מאָסקווע צו מיין פרוי, געוועז שוין מיט איר מיין טאָכטער רבקה. דאָרט האָט דער באָלשעוויזם נאָך נים געהערשט. געוועז עולם וואָס האָט נאָך ארויסגעקוקט אויף א גענעראל קארלינאָוו אז ער זאָל ראטעווען רוסלאנד פון חורבן. עס איז געווען שוין מארט, 1918.

---

# קאפיטל זיבן

געטראָפן האָב איך אין מאָסקווע א בינטל פען־ און פענדזל־קינסט־לערס ווי דניאל טשארנע, משה בראָדערזאָן, וויקטים, ליסיצקי, טשיי־קאָוו, כענטאווא א. א. זשורנאליסטן, רעפּאָרטאזשיסטן וכדומה. עס איז געוואָרן היימלעך, אָבער לײדיקגייעריש. די פּערספּעקטיוו איז געווען נעפּלדיק, געשטאנען איז די פראגע ווער קומט אריין מאָרגן צום באלעבאטעווען. איינע האָבן פאָרגעזען נאָך דעם גענעראל קאר־ליגאָוו, אנדערע די באָלשעוויקעס.

אָנגעקומען דערווייל פון כארקאָוו — דאכט מיר, — גלאנצמאַן צום זאמלען מאטעריאלן פאר א זאמלבוך "קונסטרינג". ער האָט באקומען. איך האָב אים געגעבן מיינע "ציגיינער לידער". דער בוך איז אין קורצע חדשים ארום געקומען און אויסגענומען. נאָך דעם איז אלץ שטיל געבליבן. געבוירן געוואָרן אן איניציאטיוו צו גרינדן א "פארבאנד פון יידישע שרייבערס און קינסטלערס אין מאָסקווע". געווען זיינען ביי די וואלן פון א פרעזידיום פינף און דרייסיק פען־און פענדזל־האלטערס. עס איז געוויילט געוואָרן א דירעקטאָריום בראש מיט מיר און אלס סעקרעטאר טשארנע. איך גלויב אז סעגא־לאָוויטש איז דאן שוין געווען אין מאָסקווע, אָבער געהאלטן זיך מן הצד. דער פארבאנד האָט גענומען אָרגאניזירן אן אויסשטעלונג פון מאָל־ און סקולפּטור־קונסט. ביים ווערניסאזש זיינען געווען דוד

פרישמאַן און שמואל ניגער. דער לעצטער האָט געהאַט דאָס וואָרט צו דער דערעפנונג. אַלץ האָט נאָך מצליח געווען, אָבער א פּנים גע־האַט ווי א גאַסטראָל. באַלד איז מען שטאַרקער באַזוירקט געוואָרן פון דער אומרו צוליבן ניט וויסן — ווער און ווי אַזוי...

איך, דערווייל, האָב אָפּגעקויפט די "זעצאַרניע" מיט אירע מכשי־רים פון אַקצינען וועלכער האָט געדרוקט אונטערן טיטל "פאַרלאַג כאָוועד" ("כאָוועד" מיט א קמץ). אין זאַץ איז געווען ביי א העלפט פון סעגאַלאָוויטשעס בוך "די וואַנט". ביי מיר איז דאָס פאַרענדיקט געוואָרן. געלאָזט דאַן דרוקן האָב איך מיינעם א בוך לי־דער "זילבערהאַר" (אַזוי האָט אים אָנגערופן בראָדערזאָן) און א העפטל מעשהלעך פאַר קינדער אין גראַמען. די יעוועסעקציע האָט מיר פאַרגעלייגט פאַרקויפן איר מיין זעצעריי, איך האָב דאָס געטאָן אָן חשק, באַקומען דערפאַר א ביסל געלט. מיט דער זעצעריי איז פון מיר אַוועקגענומען געווען די גאַנצע אויסגאַבע פון מיינע ביכער. איך האָב בלויז געהאַט באַוויזן, קודם נאָך, צו פאַרטיילן א צען פופצן עקזעמפּלאַרן. איין עקזעמפּלאַר פון "זילבערהאַר" האָב איך שפּעטער געטראָפן אין קוריטיבאַ, בראַזיל, ביי א לאָדזער אימיגראַנט זילבער־שאַץ.

פון טאָג צו טאָג איז שלימער געוואָרן דער מצב פון שפּייז, קאַליע געוואָרן דער טראַנספּאָרט, רעקווירירט געווען אין וועג צווישן אוק־ריינע און מאָסקווע אַלץ וואָס מ'האָט פון דאָרט געשיקט, געפירט און אָפט אַפילו צו די לעצטע פאַר־סטאַציעס ניט דערפירט. דער הונגער האָט געבראַכט די באַפעלקערונג צו פאַרצווייפלונג. געלט האָט ניט געהאַט די געלעגנהייט צו ווערן פאַרנוצט. דער אמת'ער קאַפּיטאַל איז געוואָרן זאַלץ, דערמיט האָט מען אַרום מאָסקווע בא־קומען עפּעס וואָס צום עסן. פּעטס האָט זיך אויסגעלאָזט. מען האָט אַפילו אָנגעהויבן פאַרברויכן ריצינאויל איבערגעפּרעגלטערהייט מיט ציבעלעס. מ'האָט געשמאַלצן וואָס נאָר עס איז צו דער האַנט גע־קומען, געליטן בויכווייטיק, דאָך ווייטער געפּרעגלט ריצינאויל מיט ציבעלעס.

א ישועה האָט געבראַכט פערדנפלייש. פערד הונגעריקע, אויס־געדאַרטע צום שלאַכטן זיינען געווען נאָך. אינמיטן האָט מען פאַר

א "רעליקאטעס" אריינגעכאפּט הינט־ און קאַץ־פליייש אַנשטאָט קעלבערנעס.

גאָר שטאַרק האָבן געהונגערט און געקרענקט מיט סקאָרבוט־הולאַתן אונדזערע קאָלעגן שרייבערס. דאָס ביסל געלט זייערס איז געוואָרן ווערטלאָז לגבי שפּייזן. דער שטילער זיפּץ און דער ספּעצי־פישער הונגערבליק האָבן דערציילט וועגן זייערע ליידן. ביי דניאל טשאַרנע פלעגן צוקאָל א פּאָר שרייבערס אונטערלענען דאָס הארץ, ביי מיר אויך. מיין פרוי האָט באַשלאָסן ארויסהעלפן ווי מעגלעך. זי מיט א פריינדין פלעגן אין די גאָר שפּעטע חצות־שטונדן ארויסגיין צופוס פון מאָסקווע, א צוויי דריי קילאָמעטער די ווייט, באַגעגענען באַנען און פון די פויערטעס אָפּקויפן וואָס מ'האָט געקאָנט: — א ביסל בעבעלעך, קאַרטאָפל, ציבעלעס, הירזש, מערעלעך, בוראַקלעך און, זעלטן, א קילאָ מעל אין די קלייען. פאַר זאַלץ האָט מען דאָס אויס־קאָנקורירט ביי אנדערע. געוועזן איז דאָס אַן איינשטעלעניש פונעם לעבן. צו די באַשערטע זאַכן האָט מיין פרוי מוסיף געווען א ביסל פערדן־פליייש און געמאַכט מאכלים צום דערמונטערן די פאַרהונגער־טע הערצער ביי חברים שרייבערס און קינסטלערס. געלט דערפאַר האָט זי ניט גענומען, דערין האָבן מיר זיך ניט גענויטיקט, און קיין ווערט האָט דאָס ניט געהאַט.

אין יענע צייטן האָט א נס געטראָפן, ליטווישע בירגער האָבן גע־קאָנט זיך אומקערן צו זייער לאַנד. באַלטרושייטיס, א רוסישער פּאָעט, איז געווען דער ליטווישער קאָנזול און באַשטעטיקט די דאָקו־מענטן פון די בירגער. אויך איך האָב געמיינט צו כאַפּן די גוטע גע־לעגנהייט, אָבער עס איז ניט געראָטן. מיר האָבן באַשלאָסן איבער־פּאָרן קיין קיעוו, ווייל אין מאָסקווע זיינען מיר צו שטאַרק געווען אויפן אויג פון דער טשעקא.

דאָס ערשטע גליק מיינס אין קיעוו איז געווען דער מעגלעכער און אומגעפּערלעכער קאָנטאַקט מיט די קינדער. מיר זיינען פון מיין בכור, אין אָדעס, באַזוכט געוואָרן עטלעכע מאָל, אזוי אויך זיין פרוי און יינגעלע. געזען זיך מיט די עלטערן און ברידער אין פּראָסקוראָוו. געשפּייזט האָבן מיר זיך פון מיין אמט אין א סאָוועטישן ביר־לאַ־גער. איך האָב געהיט זיך פון פּאָפּולאַריטעט, ניט באַגעגנט זיך מיט

יידישע שרייבערס, ניט מיט ציונים. די צייט האָט מען געטריבן מיט באַזונדערע עפּנטלעכע פּלעצער צו הערן רעדעס, לעקציעס און דעקלאַמאַציעס. בלויז איינעם פון די געוויזענע פירערס אין דעם ציוניסטישן קרייז האָב איך באַזוכט און געוואָרנט געוואָרן ניט צו טאָן דאָס, ווייל די חברה האָט געהאַט צווישן זיך אַ פאַרעטער און ניט געוואוסט ווער נעמלעך.

ערשט אין מאַרס, 1925, האָב איך באַקומען "פּאַפּירלעך" צום קאָנען פאַרלאָזן רוסלאַנד. מיר האָבן באַזוכט מיינע קינדער אין אָדעס, פאַרבראַכט מיט די עלטערן און ברידער אין פּראָסקוראָוו. אָפּגעזעגנט זיך בשתיקה. אין קיעוו בין איך אינפאָרמירט געוואָרן אַז אין ווין וועל איך טרעפן אַ מאַנדאַט צום פּערצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אַלס דעלעגירטער פון די פאַרבליבענע פינף און דרייסיק געהיימע פּונקטן אין אוקראַינע. מיר זיינען געפאָרן קיין מאָסקווע, און פון דאָרט זיינען מיר דעם 25־סטן מאַי דערפאָרן ביז סיעבעזש. איך בין פון דאָרטן אָפּגעפאָרן ווייטער, אָן מיין פרוי. ביידע מיט אַמאָל וואָלט געצויגן חשד אויף אונדזער רייזע. איך בין אַריבער די גרעניץ קיין לאַטוויע, ריגאַ, און ווייטער איבער ליטע קיין דייטשלאַנד, בערלין. אויף אַ שליסל־סטאַציע אין ליטע האָב איך דערהערט אַ רוף — האַלפּערן!...

— סעגאַלאָוויטש? — איך האָב אים דערבליקט אַראָפּגיין פון אַ קעגנצוג.

— וואוהין?

— קיין בערלין, קיין ווין.

— פאָרט קיין פּאַריז, דאָרט זיינען פאַראַנען שוין הונדערט טויזנט יידן.

— און איר וואָס מאַכט?

— איך שרייב ניט מער קיין פּאָעזיע, איך שרייב פּראָזע. מיט גרויסן דערפאָלג. אָבער איך ראַט אייך צו פאָרן קיין פּאַריז... אַא! מיין צוג פייפט...

ער איז אַרויף אויף די טרעפּ פון זיין וואַגאָן און אומעטיק־ליב געפאָכט מיט זיין הוט.

מיין צוג איז נאָך געשטאנען. איך האָב פארצייכנט אונדזער דיאלאָג מיט דער ניט דערזאָגטער עצה.

אין בערלין האָב איך געזען זיך מיט טשארנען, קלינאָוון, און פיל שרייבער אין דעם "רומענישן קאפע" וואו דער יידישער לשון האָט געהערשט, דערקאָנט עסקנים, אויך רייכע יידן וואָס האָבן ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן.

מיט א צען טעג שפעטער בין איך געווען שוין אין ווין, באקאנט געוואָרן אין "ארקאדן־קאפע" מיט קאָלעגן, גענומען נאָכפאָרשן, פרעגן, און זוכן לענדער צום אריינרוקן זיך.

פינף חדשים האָט עס גענומען ביז איך האָב געפונען וואָס איך האָב ניט געקאָנט אויסמיידן. קיין פראנקרייך האָט מען מיך ניט געלאָזט, קיין ארגענטינע אויך ניט. א ייד א שרייבער וואָס פאָרט פון רוסלאנד "מוז זיין א פראָפּאגאנדיסט פאר סאָוועטיזם"...

היימיש בין איך געוואָרן ביי דעם עסטרייכישן ציוניסטישן לאנ־דעס־קאָמיטעט, ביים גרויס־ראבינער, דר. חיות, און אין אנדערע נאַ־ציאָנאלע קרייזן. אגב באגעגנט זיך אין ווין מיט דעם שרייבער יעקב באָטאשאנסקי, ער איז דאן צוריקגעפאָרן קיין ארגענטינע. איך בין אָפּגעפאָרן מיט רעקאָמענדאציעס פון דעם אויבער־ראבינער, פון דעם ציוניסטישן לאנדעס־קאָמיטעט, און אין בערלין געקראָגן, דורך טשאר־נען, אזא בריוו פון לאצקי בערטאָלדי, אלץ צו דער ציוניסטישער פע־דעראציע אין ריאָ דע זשאניירא. איך האָב שוין געהאט אין טאש מיין מאנדאט צום פערצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס. איך האָב אים ניט אויסגענוצט צוליב דעם ראט פון יצחק גרינבוים און י. קלינאָוו.

דורך ברעמען, אויף דער שיף "קאָרדאָבא" מיט פריווילעגיע פון א חשוב צוליב י. עפּרויקינס רעקאָמענדאציע צו דער שיפס־געזעל־שאפט, בין איך אָנגעקומען דעם פערטן יאנואר, 1926, צום ברעג פון ריאָ דע זשאניירא. עלנט, און אליין געבליבענער אויף בראזיליא־נער האָפן, האָט מיך א יידישער יונגערמאן דערבליקט און מיט זיין הילף בין איך אין א פאָר צענדליק מינוטן שפעטער געזעסן אין דער רעדאקציע פון ריאָ'ר "וואָכנבלאט" פאר דעם רעדאקטאָר אהרן קויפ־מאן. א ניט־גרויסער צימער פארוואָרפן מיט יידישע צייטונגען, מיט אויסשניטן פון זיי. מיט טעלעכע ביכער אויף א זייטנטיש, און אין

ווינקעלע א סימפּאַטישע יידישע פרוי שמייכלענדיק הכנסת־אורחימ־דיק, איך האָב פאַרשטאַנען אז דאָ זע איך דעם רעדאַקטאָרס פרוי.

עס האָט פאַרשמעקט משפחהדיק. מיר זיינען אין קורצע מינוטן געוואָרן אַלטבאַקאַנטע. ער האָט מיך געוואָלט איינקוואַרטירן אין א האָטעל, איך האָב פּרעפערירט דאָס עמיגראַנטן־הויז, "רעליעף", כדי אָנצוהייבן מיין אריינפאָר פון "מה טובו"...

אינעם נאָענטסטן נומער פונעם "וואָכנבלאַט" האָב איך געמאַכט די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיטן בראַזיליאַנער יידישן לייענער. עס איז געווען א פעליעטאָן "צום טעם". די באַקאַנטשאַפטן זיינען גע־ווען פריינדלעכע, אָבער קיינער האָט ניט געפרעגט ביי מיר צי האָב איך פאַרוואָס צו עסן. קאָן זיין אז מיין אויסזען האָט געמאַכט אויף מיר א שקר־בלבול...

דערווייל איז מיין קאַפּיטאַל מיט אמאָל געמינערט געוואָרן, א לײדנס־קאָלעגע אין "רעליעף", האָט ביי מיר אויסגעליען "ביז מאָרגן" פיר פון מיינע זיבן דאָלאַרן, אנאנדערער האָט מיך באפרייט פון היטן מיין זשילעט־מעסער צום ראַזירן זיך...

געוואַרעמט האָבן מיך מיינע רעקאָמענדאַציעס. ה' קויפמאַן האָט מיר געזאָגט אז צו דער נאָענטסטער זיצונג פון דער דירעקטאָריע וועט ער מיך פאָרשטעלן אין דער "פעדעראַציע".

דערווייל האָבן מיך די איצט גערופענע "פּראָגרעסיסטן" געפאַרשט "הלנו". מיין מאַנדאַט אין טאַש האָט געלאַכט, אָבער איך האָב ניט געהאַט די נויטיקייט צו אַנטפּלעקן "קרעדאָס". מיין ראָל איז דער־וויילע געווען פון א ליטעראַט. מ'האָט מיר דערציילט אז אין רייזענס לעקסיקאָן בין איך נישטאָ, א פּאָר טעג שפּעטער מיך דערפרייט אז איך בין שוין יאָ פאַראַן דאָרט. מיין פאַמיליע־נאָמען אין לעקסיקאָן איז געווען פאַרצייכנט "הייל־פערין". מ'האָט מיך "געהאָדעוועט" אז אַט־א מאַכט מען פאַר מיר אַן "אָוונט", דאָך דער "יהי" איז געווען א שוואַכווייליקער.

און אַט שטיי איך אין אַן אָוונט מיט קויפמאַנען אינעם סאַלאָן פון דער פעדעראַציע, איך דערלאַנג מיינע "קרעדענשלס", אַלץ ווערט געלייענט בעיון רב, געגנוי באַטראַכט איז געווען די האַנטשריפט פון

דר. חיות. דאן אלץ צוזאמענגעלייגט און אָפּגעגעבן מיר אין דער האַנט אריין.

— אנטשולדיקט, מיינע הערשאפטן, די רעקאָמענדאציעס זיינען אדרעסירט צו אייך...

— יאָ, אמת, אָבער אזעלכע וואזשנע רעקאָמענדאציעס קאָנען אייך צונוצקומען.

איך בין געבליבן זיצן ווי א גאסט ווען מ'ע כאפּט אוועק פון אים דעם כיבוד.

---

# קאפיטל אכט

קודם דעם געשילדערטן, האָט קויפמאַן אָפּגעדרוקט, אָן מיין וויסן, איינטריט־קארטן צו מיינעם א רעפעראַט „די עקאָנאָמישע לאגע פון יידן אין רוסלאנד". גערעדט האָב איך פאר א זעכציק פּערזאָנען און „מיין שיפל" דורכגעפירט צווישן פיינטלעכע ברעגעס בשלום.

אינצווישן האָב איך אָנגעטראָפן צו א דיסקוסיע אין דער „שלום עליכם ־ ביבליאָטעק", געווען אין ברען א וכוח איבער דער פראגע „העברעאיש", אין די שולן. די יידישיסטן זיינען, ביי יענער דיס־קוסיע, דערגאנגען צו אבסורדן. איינער פון זיי האָט געזאָגט: — די איבערזעצונג פון יהואש מאכט לחלוטין אומנייטיק צו לערנען חומש אין העברעאיש. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט א „דבר" צו טאָן צו ראטעווען העברעאיש פון אזוינע מיילער.

געווען א „יוגנט קלוב" מיט א פיר הונדערט מיטגלידער. זיין פּרעזידענט, דער היינט פארשטאָרבענער נאציאָנאלער ייד און משכיל, פיניע גערשטיין, האָט אָרגאניזירט דעם עולם פאר מיינעם א רעפע־ראַט. איך האָב גערעדט אויף דער טעמע „די וועגן פון יידישער יוגנט" און געפעלן געווען. דער איינקום האָט מיך גאָר „רייך גע־מאכט".

די יידישע באפעלקערונג אין ריאָ האָט, לויט סבראָ'ס אין יענער צייט, באטראָפן ביי דריי טויזנט נפשות. די שפראך זייערע איז נאָך

געווען יידיש אינעם רוב. איך האָב דאָרט געטראָפן א רעליגיעזן פאָרשטייער פון דער איקא, דר. ישעיה ראפאלאָוויטש, א יידן פון יידישער און וועלטלעכער בילדונג. געהאט האָט ער דעם טיטל פון ראבינער און איז געווען איינפלוסרייך.

אין טעג ארום נאָך מיין אָוונט האָט מיך דער "יוגנט קלוב" גע־מאכט אן אויפנאמע, איך האָב דאָרט גערעדט און געפעלן געווען. דער פרעזידענט פונעם קלוב, פיניע גערשטיין ע"ה, האָט געהאט פארשטענדעניש פאר יידישער קולטור.

און געוואָרן בין איך איינגעלאדן פון סאן־פאולער יידן. דער יוגנט־קלוב אין ריאָ האָט מיר געמאכט אן אָפּשייד־אָוונט און א צו־פרידענער, א באמיטלטער צו קאָנען שיקן געלט מיין פרוי, שוין קיין נוין, בין איך געקומען קיין סאן־פאולאָ, און פיין באגעגנט געוואָרן. הגם איינגעקווארטירט אין א האָטעל, בין איך פונדאָרטן בעת מיין אָפּוועזנהייט "ארויסגעכאפט" געוואָרן, און איך האָב מיין געפעק שוין געהאט אין שטוב ביי איינעם פון דער חשובער משפחה טעפּערמאן, נעמלעך ר' זלמן ע"ה.

פיין פארבראכט האָב איך אין סאן־פאולאָ. די קבלת־פנימ'ס זיינען געווען הארציק. איך האָב גערעדט צוויימאָל אין א סאלאָן פאר א צאָליקן פובליקום. באזונדער שטארק האָט מיר געדינט איי־נער פון די ברידער טעפּערמאן, זשאָזע. ער אויך האָט מיר פאָרגע־לייגט פארבלייבן שוין אין סאן־פאולאָ און זוכן צו אָרגאניזירן דאָרט פאָזיציע אין האנדל. איך האָב געטראכט דעמאָלט וועגן ארגענטינע און אנטזאגט זיך פון זיין פארשפּראָכענער הילף דרינען. אונטער־געהאלטן מיך דורך פּראָפּאגאנדע האָט, אגב, דאָס "וואָכנבלאט".

פון סאן־פאולאָ בין איך געפאָרן ווייטער "פאזע ברעג" אין שטעטלעך ביים אטלאנטיק און נאָענט צו אים. מיין ערשטער באזוך איז געווען אין קוריטיבא וואו איך האָב שוין געהאט א באקאנטן, דער איצטיקער שריפטשטעלער ברוך שולמאן. איך בין געווען דער אורח פון ר' שלום פאציאָרניק, געפילט זיך אין זיין געזינדל פון זין און מעכטער אויסגעצייכנט היימיש און צופרידן. קוריטיבא איז מיר אזוי ארום געוואָרן דער ערשטער גינסטיקער פלאץ וואו איך האָב מיך אויסגערוט פונעם פיינלעכן נע־ונד. גערעדט דאָרט האָב איך א

פּאָר מאָל. דער ערשטער רעפּעראט איז געווען א ציוניסטישער לויט זיין באנעמען געשעעענישן און וועגן אינעם יידישן לעבן. שוין א געשוואוירענער פריינד, ברוך שולמאַן, האָט דאָס באצייכנט אין זיין רעדע צו מיין אָפּפאָרן. מיין צווייטער רעפּעראט איז געווען פאר דער יוגנט וועגן א דיכטערישער טעמע.

און ווייטער, האָב איך באזוכט די גאָר קליינע ישובים פון די שטעטלעך פּאסאָ פונדאָ, קרוזאַלטאַ, סאַנטאַ מאַריא, ריאָ גראנדע און פּעלאָטאס. דער לעצטער ישוב פון בסך הכל צוועלף יידישע משפּחות, איז אין מיין פּראָגראם ניט געווען, אָבער אין א ביינאכט, שפּעט, אָפּשטעלנדיק זיך אין קאשאָעיראַ מיט דער באַן, האָבן מיך "באפאלן" דאָרטיקע יידן און ארויסגעפּאקט מיך ממש מיט די זאכן צום פּעראָן אזוי שנעל אז איידער איך האָבן באגריפן וואָס מיט מיר טוט מען, איז דער צוג געווען שוין ווייטלעך פונעם וואָגזאל.

פאַרצייכענען גרויסע שינויים אין די פּרצופים פון די שטעטלעך לאָזט זיך ניט, זיי זיינען געווען צווילינג־ענלעך ווי בכלל נייע באַ־זעצונגען פון יידן אין א נייער היים. אומעטום האָט מען געבענקט צו "יענערזייט ים", דער אַלטער היים. אומעטום האָט מען געטראָפן א פּאָר וואוילע יידן, און צומאָל מיט פאַרשטענדעניש פאר יידישער קולטור. אומעטום האָב איך געגרינדעט יוגנט־קלובן, און אומעטום זיינען זיי פאַרגאַנגען מיט מיין אָפּפאָרן. געווען נאָך צו פרי.

און כאַראַקטעריסטיש איז דער פּאַל וואָס ווען איינער, אָדער צוויי פון די ערשטע אימיגראַנטן זיינען געווען אינטעליגענטן, האָט זייער ביישפּיל משפּיע געווען אויפן ווייטערדיקן וואוקס פון דעם ישוב. דער בולטער פּאַל איז געווען אין קוריטיבאַ.

פּאָרטאָ־אַלעגרע איז געווען שוין, רעלאַטיוו, א רייכצאָליקער ישוב. ער איז באשטאַנען פון צווייערליי אימיגראַנטן, אייראָפּעאישע און אַרגענטינער. די לעצטע זיינען געפאָרן קיין בראזיל צוליב אנטוי־שונג, אָבער געבראַכט האָבן זיי מיט זיך פּאַרטיקע פּראַקטיק און געניטשאַפט פון דערציען אַן ערשטלינג־ישוב פון יידן אין א נייעם לאַנד. אנדערש קאָן איך מיר ניט דערקלערן ווי אַרום איך האָב אין דעם דאָזיקן יונגסטן ישוב באַקומען דעם איינדרוק פון אָרגאַניזירטקייט און פון יידישן נוסח. עס זיינען געווען שוין עטלעכע פּועלי ציון

צווישן די ציונים. געוועזן שוין צו פּאָר פון אנדערע, לינקערע פּאַר־טייען.

איבער די אלע מקומות האָב איך כמעט אומעטום געטראָפן שו־לעס, אָדער א ממשותדיקן פּארנעם דערויף. געוועזן שוין ממש אומע־טום ביבליאָטעקן, אפילו אין די גאָר קלענסטע ישובים, צומאָל מיט בלויז, אָבער בחיוב, מענדעלעס, פּרצעס, און שלום עליכמס ווערק. לייענערס זיינען געווען א יקר המציאות. אין איין פּלאץ וואו מ׳האָט מיר געוואָלט באווייזן די ביבליאָטעק, האָט די באלעבאָסטע פון דער שטוב דערקלערט אז דער שראנק אין פארשלאָסן, דאָס שליסעלע איז פּארפאלן געוואָרן.

— עס איז דאָך ערשט נעכטן געווען, — האָט זיך געוואונדערט דער פּרעזידענט פון דער געמיינדע.

די ווייבל איז געוואָרן רויטלעך אין כעס.

— א שיינער נעכטן אויף אייך! שוין אריבער פיר חדשים זינט איך האָב אייך דערקלערט אז מע מוז זען א שליסעלע.

א ביבליאָטעק און קודם נאָך א ספר תורה זיינען געווען די גרונט־אוצרות צו פארגעזעצלעכן א יידישן ישוב אין ״אינטעריאָר״ (פּראָ־ווינץ).

די זעלביקע בילדער האָב איך, אין חדשים ארום, געטראָפן אין נאָרד בראזיל, באחיא און רעסיפע. די פּאָרלעצטע שטאָט איז געווען מער א קאפּעלע פארגעזעלשאפטלעכט. אומעטום האָט דער קרן קימת לישראל געהאט זיין באזע. ארץ ישראל האָט געהאט איר אמאָליקן חן ביי די יידן אין בראזיל, דער ציוניסטישער געדאנק אָבער איז, מערסטנס, געווען ביי זיי אומבאגריפן.

ענדלעך בין איך ווידער געקומען קיין סאַן־פּאולאָ. איך האָב פון פּאָרטאָ־אלעגרע געהאט שוין אָפּגעשיקט מיין פרוי דעם רוף־שייז (שאַמאַדע) און באדארפט מערער מיטלען צום אריבערברענגען זי און אָרגאניזירן א היים. די הערן יוסף טעפּערמאַן האָבן פאר מיר גע־טאָן דאָס פריינדלעכע און איך בין אָפּגעפאָרן קיין ריאָ, וואו אויך ה׳ יעקב שניידער איז מיר אנטקעגנגעקומען און צוגעהאָלפן צו מיין פּארמעסט. אויפגעקומען איז די פראגע פון ״מה נאכל״, איך האָב געמוזט באקומען אן ארבעט אין געזעלשאפט. עס איז מיר פּאָרגע־

ליינט געוואָרן דער אמט פון סעקרעטאר אין דער ציוניסטישער פעדע־ראציע. דער ציוניזם אין בראזיל, נאָך רוסלאנד און נאָך מאָסקווער טעטיקייט און באמיאונג בראש מיט א דר. טשלענאָוו ז״ל, האָט מיך נים געלאקט. איך האָב שוין געקאָנט די פראָווינציאלע אָפּשאצונג פון ציוניסטישער טעטיקייט אין בראזיל. מיינע פריינד, דר. ראפא־לאָווימש און ברוך שולמאן, האָבן מיך צוגערעדט, איך האָב דעם פאָר־שלאג אָנגענומען. א מאָגערער מינימום איז דערמיט באוואָרנט גע־וואָרן פאר מיין בודזשעט.

שפּעטער בין איך פון א שליח פון קרן היסוד געוואר געוואָרן אז געזאָלט האָט קומען קיין ריאָ א באאמטער וועמען עס איז פארשפּראָכן געווען פערציק ענגלישע פונט מאָנאטלעך; מיר האָט מען געצאָלט צוואנציק פונט, זאָג אכט הונדערט מילרייס. איך האָב דערפילט מי ומי ההולכים מיט מיר.

דרייהונדערט מילרייס האָט מיר געצאָלט קויפמאן פאר מיטאר־בעט אינעם "וואָכנבלאט", מיט דעם געלט האָט מיין פרוי אויסגעשטו־קעוועט די הוצאות הבית.

מיינע פאָרשלאָגן צו באזוכן אמוויינסקסטנס די צוויייטע מעטראָ־פּאָל צוליב אָרגאניזאציע און פראָפּאגאנדע האָט אלעמאָל אָנגעטראָפן אויפן ענטפער אז — "א שאָד די שפּעזן".

---

# קאפיטל ניין

## מיין שריפטשטעלערישער וועג אין בראזיל.

אין דעם "וואָכנבלאט" האָב איך געדרוקט וועכנטלעך קורצע דערציילונגען, פעליעטאָנען און צומאָל ארטיקלען. געוועזן איז שוין מיטארבעטער אין דער צייטונג קאראַקושאנסקי, אָבער מיר האָבן צווישן זיך קיין ליטעראַרישן מגע ומשא ניט געהאט. מיט קויפמאנען און זיין געזינד זיינען מיר געווען גוטע פריינד און באזוכט איינע די אנדערע.

במשך הימים איז, פאַרגדיק קיין פאָרטאָ־אלעגרע אלס לערער, געקומען אין ריאָ אהרן בערגמאן, א זשורנאליסט און געוועזענער סעקרעטאר אין דער פועלי־ציון פארטיי. מיר האָבן זיך באקאנט. איך האָב באלד איינגעזען אז זיין פלאץ מוז זיין אין ריאָ, ער וועט העלפן ארויפברייגגען דעם "וואָכנבלאט" צו א העכערער מדרגה, און דורך אים וועט מען קומען צו דער אָרגאניזאציע פון א פועלי־ציון פארטיי. מיין שמועס וועגן דעם מיטן פרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראציע האָט געבראכט צו א פלאן. בערגמאן זאָל פארנעמען דעם וואקאנטן פלאץ אין דעם "רעליעף" אלס סעקרעטאר, און איך זאָל באווירקן קויפמאנען אז בערגמאן זאָל מיטארבעטן אין דעם

צייטונג. דאָס איז געשען, און בערגמאַן איז באַוואָרנט געוואָרן מיט חיונה.

א היבש לענגערע צייט האָבן מיר אַלע מיטגעאַרבעט אין קויפמאַנס צייטונג זייער פריידלעך, ממש האַרמאָניש. און פּלוצים האָב איך דערפילט, ממש דערפילט, ניט דערבליקט דאָס פון עפּעס, — אַז אַרום מיר גייט א סוד, און מאַכט מיך לעבן אין חשד.

געווען א מנהג ביי אונדז אַלעמען אַז גייענדיק צו דער רעדאַקציע זאָל מען א קוק טאָן אַריין אין "קאַפע", טאָמער זיצט דאָרט װער פון די חברים. איך האָב איינמאָל, ווי אימער, אַריינגעקוקט און דער־בליקט קויפמאַנען מיט בערגמאַנען ביי א "קאַוועלע". אינעם זעל־ביקן מאָמענט האָט צו מיין אויער דערטראָגן זיך א פראַזע וואָס האָט מיך געמאַכט צום שנעלן צוריקציען זיך. אין טאָג אַרום, נאָענט צו ראש השנה, האָב איך אַריינגעטראָגן אין רעדאַקציע א יומטובדיקע דערציילונג און זי אָפּגעגעבן, ווי געוויינלעך, קויפמאַנען. דערביי איז געמאָלדן אַז די אַרבעט איז די לעצטע, איך דאַנק אים פאַר צו־טרוי און מיר בלייבן, ווי געווען, גוטע פריינד.

קויפמאַן איז בלייך געוואָרן, מיינע קאָלעגן האָבן טיפער אַריינ־געקוקט אין זייערע שריפטן.

זייער לאַנג האָט די סיטואַציע ניט אָנגעהאַלטן. קויפמאַן איז באַגאַנגען א "פּאָליטישן" פעלער אַנטקעגן דער ליניע פון זיין צייטונג וואָס איז ביז דאַן געווען אַן אַלגעמיין ציוניסטישע. די פריערדיקע באַלעבאַטים פון דעם "וואָכנבלאַט", פון וועמען זי איז אָנגעקומען אין די הענט פון קויפמאַנען, האָבן שנעל באַשלאָסן אַרויסגעבן א טאָג־צייטונג. איך בין געווען איינגעלאַדן צום מיטאַרבעטן אין איר אויף די באַדינגונגען וואָס איך האָב געהאַט אין דעם "וואָכנבלאַט", שרייבנדיק דאָרט בלויז איינמאָל וועכנטלעך. באַלד זיינען צוגעקומען די קאָלעגן בערגמאַן און קאַראַקושאַנסקי. די צייטונג האָט אָנגע־פאַנגען דערשיינען. קויפמאַן איז אָנגעפאַלן אויף זיינע געוועזענע מיטאַרבעטער זייער שאַרף און באַליידיקנדיק. איך האָב רעאַגירט. מיר זיינען זיך פרעמד געוואָרן.

אין 1931 איז אין דער פעדעראַציע, נעמלעכער ביי די אַלגעמיינע ציונים, געשטאַנען די פראַגע וועמען זאָל מען שיקן אַלס דעלעגאַט צום

זיבעצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס. דער קאַנדידאַט מצד די פּועלי־ציון איז געווען מיינער א ליבער פריינד, דר. א. ש. יורים, אגב א באַליב־טער ביי אַלע ציוניסטן אין בראַזיל. פאַר מיר האָבן געשטימט די ציונים כּללים, מזרחים און רעוויזיאָניסטן. משמעות אז מ׳האָט מיך געקאָנט פאַר א ציוני, אָן צוגעהעריקייט צו פּאַרטייאישער ליניע. איך בין אַזאַ ציוני געווען זינט דעם יאָר 1898, באאיינפלוסט דערצו בעת דעם אַלאוקריינישן ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין קיעוו. איך בין דערוויילט געוואָרן. קודם מיין אָפּרייזן קיין באַזעל האָט מיר דער פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע (איינער פון די אייגנטימער פון דער ״פאָלקסצייטונג״) געזאָגט אַז עס וועלן מעגלעך פאָרקומען אין מיין אָפּוועזנהייט ענדערונגען אין אייגנטום פון דער צייטונג, זאָל איך וויסן אז מיין פּלאַץ און מיטאַרבעט וועלן באַוואָרנט זיין.

— אייער פּלאַץ וועט איר טרעפן ווידער מיט אַלע אייערע רעכט.

דער קאָנגרעס אין באַזעל האָט זיך פאַרצויגן אומגעוויינלעך לאַנג. איך האָב מיך אונטער דער צייט דורכגעשריבן מיט דער ציוניסטי־שער פעדעראַציע וועגן צושיקן געלט אויף מיינע צוריק־הוצאות. קיין ענטפער איז ניט געקומען, מיין טעלעגראַמע האָט ניט געהאָלפן. חב־רים דעלעגאַטן האָבן געזאָגט אַז אַזאַ באַציאונג פון ווילערס איז פּרע־צעדענטלאָז. עס האָט, אין דער צייט, מיין פרוי געווענדעט זיך צו דעם פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע, אָבער גאָרניט געמאַכט. זי האָט אים, ענדלעך, פאַרגעלייגט אז זי וועט מיר שיקן אויף הוצאות הדרך, און ער זאָל איר אומקערן פון דעם רעשט וואָס מיר קומט נאָך. ער האָט ״מסכים געווען״, אָבער ביז היינט איז דער סכום פון אַכט־הונדערט מילרייס פאַרבליבן אין דער פעדעראַציע.

פאַרנדיק צוריק קיין בראַזיל בין איך אין ווין אָפּגעווען א חודש צייט ביי מיין שוועסטער, גערעדט דאָרט אויף דער איינלאַדונג פון דעם עסטרייכער ציוניסטישן לאַנדקאָמיטעט, גערעדט א פּאָר מאָל אי־בער ליטעראַטור, אויך איבערן לעבן פון יידן אין בראַזיל.

אין ריאָ האָב איך די ״פאָלקסצייטונג״ געטראָפן אין רשות פון קאַראַקושאַנסקין און דעם ״קאָבראַדאָר״ פון דער צייטונג, בן ישראל.

---

# קאפיטל צען

אונדזער לאגע איז געוואָרן א שווערע. מיין פרוי האָט זי געראַטעוועט, זי האָט געדונגען א גרעסער הויז אין ריאָ, אָפּגעגעבן צוויי צימערן פאר שכנים און געבן עסן מענטשן פון דער גאס, אויך ארויסגעשיקט מיטאָגן צו היימען אויף באשטעלונג. מיר האָבן זיך געשפייזט. איך האָב פיל געשריבן און געלייגט אין שופלאד.

אין 1933־סטן יאָר האָב איך באשלאָסן אָנהייבן ארויסגעבן מיינע שריפטן. צוערשט א בוך מיט דערציילונגען פונעם אמאָליקן לעבן א. נ. "אויסן אלטן ברונעם", דאן פון ווייטערדיקע פעריאָדן. איינגעגעבן האָט זיך מיר בלויז דער ערשטער באנד א דאנק מיינע פריינד אהרן טראכט ע"ה און מנשה פוקס. מיין בוך האָט אין טייל צייטונגען פון אמעריקע באקומען א פריינדלעכן אָפּרוף, אין דער בראזיליאנער יידישער צייטונג, אָן אָנפאל אז איך האָב געשריבן וועגן "פרעסערס" (טיפּן פון בעסאראבער פאָלקסמענטשן). פארקויפט האָב איך פאר געלט איבער אכטהונדערט עקזעמפּלארן, פונאנדערגעשיקט א הונדערט.

געדרוקט איז מיין בוך געווען אין דער טיפּאָגראפיע פון דער "פאָלקסצייטונג". פאפיר האָט אויסגעפועלט פאר אים דר. ראפאלאָוויטש ביי ה. קאדישעוויטש אין ריאָ (פון דער פירמע קלאבין). קאָ־

רעגירט איז ער געוואָרן אַ־מיגליקלעך שלעכט אין מיין אָפּוועזנהייט, ווייל איך בין אומגעפאָרן דאָן אין שליחות פון דער פעדעראַציע צו־ליב דער אקציע פון „קרקע לעולי גרמניה”.

מיר זיינען געקרעפּטיקט געוואָרן פינאנציעל. מיין פרוי האָט גע־האַלטן אין איבערנעמען אַ גרויסן פענסיאָן, אָבער געקומען איז צו דער פעדעראַציע פאַר מיינעטוועגן אַ סערטיפיקאַט צום פאָרן אין ארץ אלס ציוני ותיק. מיר זיינען געפאָרן. ערב חנוכה, 1935, זיינען מיר אויסגעשטיגן אין חיפה און געקומען פון דאָרט אויף דער איינ־לאַדונג פון פריינד, אהרן און פאני בלאַנק, קיין שכונת מאָנטעפיאָרע. דאָרט האָב איך באַקומען אַ ביסל צייטווייליקע אַרבעט אין דעם „יומן”, נתן אַקסלראָדס אונטערנעמונג. די סוכנות האָט קיין אַרבעט פאַר די איבער צוויי הונדערט ציונים ותיקים ניט צוגעגרייט און די לאַגע פון פינף און ניינציק פּראָצענט פון זיי איז געווען אַ גאָר שווע־רע. נאָך זעקס, אָדער אַכט חדשים אַרבעט אינעם „יומן” אלס קאָ־רעספּאָנדענט, זיינען מיר איבערגעפאָרן קיין תל־אביב אויף רחוב לבנון, איך האָב געאַרבעט מיט נתן פערלבערג, פאַר „עזרה ובצרון” און געשפּייזט זיך בכבוד. אונטער דער צייט האָב איך באַקומען פריינד, מיר איז פאַרשפּראָכן געווען אַ שטענדיקער פּלאַץ אין אַ צענטראַלן אנשטאַלט, אָבער פּלוצים בין איך קראַנק געוואָרן מיט אַ שמאַרץ אין קני און געפּטרט לאַנגע חדשים אין הייל זיך. אויס גע־וואָרן פון אַלע אָנגעזאַמלטע שאַנסן. מיר האָבן געפּרואווט האָבן אַ קאַפע־הויז אויף רחוב דיזענגאָף, און דאָרט פאַרלוירן די ארייינגעלייג־טע געלטער. דאָן האָט מיין פרוי אָנגעפאַנגען געבן מיטיקן, און אונדזער וואוינונג, פאַר אַרבעטער. איך בין ווידער קראַנק געוואָרן, דאָס מאָל אויף די לונגען. איך בין אָנגעקומען אין בית חולי שחפת אין מקור חיים ביי ירושלים. ארויס פון דאָרט פולשטענדיק געזונט, אַ דאַנק דער מי פון דעם ארצט, דר. ווייזער און דער טרייער באַהאַנד־לונג פון דער הויפּט־שוועסטער יאָווראַווואַ. צו דער ענד פון אַכט חדשים בין איך אויסגעשריבן געוואָרן און געראָטן געווען צו אומ־קערן זיך קיין בראַזיל. מיין שוועסטער ראָזאַ בערנשטיין און איר

זון יוסף האָבן אונדז צוגעשיקט רייזעקארטן. מיר האָבן דעם 12־טן מאַי פון 1938 געזעצט זיך אויף א שיף, און ביים אָפּשווימען צעוויינט זיך קינדיש אויף אונדזער גורל צו פארלאָזן ארץ ישראל.

---

# קאפיטל עלף

אין ריא האבן מיר ביי אונדזערע פריינד, לעאן און סאפיא ראַ־זענטאל, אויסגערוט און אפגעמונטערט זיך פון די פיינלעכע איבער־לעבונגען. א דאנק דער אויסווירקונג פון א פריינד, נאטאן מאלאמוד, האבן מיר געקויפט א פענסיאן ביי דעם ים. מיין פרוי האט ווידער שווער געארבעט, געמאכט חיונה ברווח, אבער די היצן אין ריא האבן מיך געשעדיקט. מיר זיינען צוליב בעסערן קלימאט איבערגעפארן קיין קוריטיבא. ביי די פריינד בלאנק האב איך מיך רעסטאווירט און דאן אויף דער פריינדלעכער איינלאדונג פון דעם באקאנטן עסקן של־מה געלמאן באזעצט זיך אויף זיין "פאזענדע" (מאיאנטעק). נאך קורצע חדשים האב איך באקומען אן אנצינדונג אין דעם זיץ־אדער, געמוזט ווידער פארן אין קוריטיבא, וואו איך בין נאך פיר מאנאטן אויסקורירט געווארן דורך א דאקטאר, א פריינד, משה פאסיארניק. געוואוינט האבן מיר אין א פענסיאן. שפעטער געוואוינט ארום קו־ריטיבא, אין א פאר פלעצער, און ענדלעך איבערגעפארן קיין ס. פאולא. אלס רעזולטאט פון א שמועס צווישן מיינע פריינד, ברוך שולמאן און יוסף טעפערמאן, בין איך איינגעלאדן געווארן צו טעטיקייט אין סאן־פאולער ערשט־אויסגעבויטן מושב זקנים. איינער פון די אקטיווע דירעקטארן פון דעם אנשטאלט האט מיר פארשפראכן א גענוגנדיקן פארדינסט דורך ארבעט אין דער אדמיניסטראציע. ליידער איז די

הבטחה ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן, איך בין פאַרבליבן ביי רעפערירן און פּאָרלייענען פאַר די זקנים באַקומענדיק דערפאַר אַלע יאָרן אַ לעבערלעך גישטיקן האָנאָראַר.

פון דער דערמאָנטער אויפגאַבע אינעם עלטערהיים האָב איך אַ פּאָר יאָר געהאַט הנאה, איך האָב געלינדערט ביי די זקנים דעם עלטער־עלנד. געוואָלט האָב איך אויסנוצן די סאַלאָנען פון דעם הרח־בהדיקן בנין פאַר אַ יוגנט־צענטער, איינפּירנדיק אַפּטע לעקציעס, פּאָרלעזונגען, דעבאַטן און אָוונטן צום פאַרברענגען, שאַפנדיק דער־מיט נחת פאַר דער געמיינדע אינם אַנשטאַלט. מיין ווילן האָט קיין אָפּקלאַנג ניט געפונען.

במשך הימים האָב איך דערשפּירט אַ גייסטיקן "סקלעראָז", איך בין געוואָרן אָפּגעפרעמדט פון געזעלשאַפט, איך האָב אויפגעהערט שרייבן. אַרום, ווי אין אַן עלטערהיים, האָבן מענער, פרויען, פאַרענ־דיקט זייער לעבנסוועג, איך האָב געלעבט ווייטער אָן לעבן, איך האָב אָנגעטאַפּט מיט מיין גאַנצן וועזן די לאַנגווייליקייט פון אינער־ציע.

באַשערט גאָט, ענדלעך דעם נויטבאַדערפטיקן שפּינער זיין פלאַקס, מיר איז באַשערט געוואָרן אַ ליבלעכער, געבילדעטער ייד, אַ גייסטיקער יש מיט פאַרשטענדעניש פאַר דעם יידישן אמת און דראַנג. דאָס איז דער קאָמפּאָזיטאָר בערנאַרד האָף מיט וועלכן איך האָב אָנגע־הויבן באַגעגענען זיך זינט דעם עטלעכע און פערציקסטן יאָר, זייער אָפט, כמעט וועכנטלעך, און אונדזער קעגנזייטיקע פריינדשאַפט, שמועסן, חקירהס און באַגייסטערונגען פאַר דעם שיינעם און חעכערן, האָט מיך אומגעקערט צום לעבן, אָפּגעמונטערט פון דער חלשות. אַ דאַנק אים האָב איך ווידערבאַקומען מיינע אַמביציעס, גענומען שאַפן, אונטערגענומען אַן אַרבעט און אַזוי אַרום געקומען צו דעם מעמואַרן־בוך "פאַרמעטן".

אַ צווייטער פאַל וואָס האָט געווירקט צו מיין אויפלעבונג איז געווען דער פאַל פון ווערן דעלעגירט, צווישן אַנדערע, צום אַלוועלט־לעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק, אין 1948. צווישן הונ־דערטער קאָלעגן שרייבערס, דיכטערס, טוערס, פּעדאַגאָגן און וועג־ווייזערס, — האָב איך דערזען און דערשפּירט דעם המשך פון יידי־

שער ליטעראַטור, די מיטלען פאַר רעזיסטענץ אנטקעגן כליה אינעם גלות, מעגלעכקייטן צו ווידערגעבורט. איך האָב מיין רעדע דאָרט אָנגעפאַנגען מיט א וואַריאַציע פון שלום עליכמס א באַרימטער פראַזע — "איך בין ניט קיין יתום"...

און א דריטער פאַל פון אויפשטייג לעילא ולעילא מן כל שירתא — איז פאַר מיר געווען די אנטשטייאונג פון מדינת ישראל.

---

# א בליק צוריקוועגס.

אין די ערשטע טעג פון יאנואר, 1926, האָב איך געטראָפן אין ריאָ דע זשאנייראָ און סאן־פאולאָ צוזאמען, קוים עטלעכע טויזנט נפשות פונעם עם ישראל. מזרח־יידן, "תחום־יידן" על פי רוב. אלץ איז געווען קינדהייט פון א נייעם ישוב. אלץ האָט געשטעלט די ערשטע טריט באַגלייט פון דעם מאמע־לידל "גייט עם אליינעניו". געשטיגן איז די צאָל יידן אין בראזיל, אָפגעזען פון פארהאלטענער אימיגראציע, געקומען צום ציילן צענדליקער טויזנטער נפשות. געקומען צו בנין הישוב, צו דער אנטוויקלונג אין גייסטיקע שטרעבונגען און דערגרייכונגען. אינעם וואוקס מערקן ניט די עלטערן ווי דאָס קינד ווערט לאנגזאם רייף צו זעלבסטשטענדיקייט. עס געשעט אָבער א טאָג אזא, א פאל אזוינער, און אלע דערבליקן פאר זיך דעם געוואָרענעם, ווי מיט איין מאָל, רייפן מענטשן. דאָס איז אזוי געשען מיטן בראזיליאנער יידישן ישוב אין מאָמענט פון באקומען אויפן ערד־קוגל אן אדרעס פארן יידישן פאָלק. פאר מיר האָט זיך באוויזן אין פולער יידישער פראכט דאָס בראזיליאנער יידנטום.

געשען איז דאָס א דאנק דעם בראזיליאנער דעמאָקראטישן פאָלק וואָס האָט אונדז קיין שטיף־ברודערשאפט ניט באוויזן, וואָס האָט אין אונדזער געשיכטע, אינעם קאפיטל בראזיל, קיין אומפריינטלעכע געשעענישן ניט געמאכט אריינשרייבן. א לויב צום בראזיליאנער פאָלק פאר זיין באמת גאסטפריינדלעכער אויפנאמע צו אונדז. זאָלן ביידע פעלקער אייביק ברידערלעך הויזן.

